די ווערק פון היינריך היינע אין אַכט בענד מיט
אַ ביאָגראַפיע פון ע. קאַלישער און אַ פאַרוואָרט
פון דר. נ. סירקין, איבערזעצט פון: אייזלאנד ר.,
ביאליק ה. נ., באָראָכאָוויטש, גראס נ., האלפערן
מ. ל., הערבערט ל. מ., לאנדוי ז. ליליפוט, מאני
לייב, עדעלשטאט ד., פרישמאן ד., פרץ י. ל.,
קיסין י., שוואַרץ י. י., שווייד מ., רייזען א.
און ראָלניק י.



הײנריך הײנע.

פיערטער באַנד:

# נאָװעליסטישע פראַגמענטען.

אַרױסגעגעבען פון פערלאַג „אידיש“
1918 ניו־יאָרק תרע"ח

# דער רבּ פון באַכאַראַך.

אַ פראגמענט.

.1821

צו זיין געליעבטען פריינד
הייגריך לאובע
ווידמעט די לעגענדע פון דעם רב פון באכאראך,
הארציג גריסענדיג
דער פערפאסער.

# קאפיטעל I.

לעבען דעם אונטערשטען טייל פון רהיין, דארט וואו די ברעגען פון טייך פארלירען זייער לאבענדיג אויסזעהן, די בערג און די פעלזען מיט זייערע אויסערגעוועהנליכע חורבות פון שלעסער זעהען אויס מורא'דיגער, און ארום און ארום הערשט א ווילדערע, ערענסטערע הערליכקייט, דארט ליגט ווי א מורא'דיגע, פארצייטיגע לעגענדע, די פינסטערע, אוראלטע שטאדט באכאראך. ניט אלע מאל זענען געווען אזוי צופוילט און איינגעפאלען די דאזיגע מויערען מיט זייערע גלאטע געזימסען און בלינדע וועכטער־טורמעס, וואס אין זייערע שפאלטען פייפט איצטער דער ווינד און די שפאצען האבען דארט זייערע נעסטען; אין אט די ארימע, מיאוס'ע און לעהמיגע גאסען, וואס מען דערזעהט דורך דעם איינגעפאלענעם טויער, האט ניט אלעמאל געהערשט יענע פוסטע שטילקייט, וואס ווערט נאר צייטענווייז איבערגעריסען פון שרייענדיגע קינדער, קריגענדיגע ווייבער און ברומענדיגע קיה. די דאזיגע מויערען זענען אמאל געווען שטאלץ און שטארק, און אין אט די גאסען האט זיך אמאל באוועגט א פריי פריש לעבען, כבוד און גדולה, פרייד און לייד, א סך ליעבע און א סך שנאה. באכאראך האט אמאל געהערט צו יענע שטעדט, וואס די רוימער האבען געגרינדעט, אין דער צייט, ווען זיי האבען געוועלטיגט איבער דעם רהיין. און די איינוואוינער, הגם עס זענען דערנאך געקומען אויף זיי זעהר שטורעמדיגע צייטען און הגם זיי זענען שפעטער צו ארונטער געפאלען אונטער האהענשטויפס ממשלה און נאך שפעטער אונטער דער ממשלה פון ווי־טעלסבאך, איז זיי דאך געלונגען, פונקט אזוי ווי אנדערע רהייניש שטעדט, צו דערהאלטען פאר זיך א פריי געמיינדע לעבען. זייער געמיינדע איז געווען צונויפגעשטעלט דורך א פאראייניגונג פון

איינצעלנע קערפערשאפטען. די קערפערשאפט פון פאטריצישע אלט בירגער, און די קערפערשאפט פון די צעכען, וואס איז ווידער געווען צונויפגעשטעלט לויט די פארשיעדענע מלאכות, פלעגען זיך אלע מאל ארומקריגען צווישען זיך, ווייל יעדע פון זיי האט גע־וואלט זיין די איינציגע, וואס האט די מאכט אין איהרע הענד. און דערפאר איז געווען, אז ווען עס האט זיך געהאנדעלט וועגען באַ־שיצען זיך אדער צו באקעמפען דעם דרויסענדיגען שכנות'דיגען רויב־אדעל, זענען זיי געווען פאראייניגט, איגוועניג אבער, צווישען זיך, האבען זיי שטענדיג געפיהרט מחלוקת צוליעב זייערע אייגע־נע אינטערעסען. דערפאר האבען זיי געלעבט צווישען זיך זעהר ניט פריינדליך. און עס האט געהערשט צווישען זיי זעהר ווייניג צוטרוי. און אפטמאל פלעגט אפילו קומען צו בלוטיגע געשלעגען. דער הערשענדער פאגט, פלעגט זיצען אין דעם הויכען שלאס סארעק און פונקט ווי זיין פאלקאן, פלעגט ער אראפפליהען יע־דעם מאל ווען מען האט איהם גערופען. און טיילמאל אויך אפילו דעמאלט, ווען מען האט איהם ניט גערופען. די גייסטליכע האבען געהערשט אין דער פינסטערניש, דורך דעם וואס זיי האבען פאר־פינסטערט דעם גייסט. איין קערפערשאפט, וואס איז געווען צום מייסטען אפגעזונדערט, שוואך, און איז ביסלעכווייז בארויבט גע־ווארען פון אלע רעכט, איז געווען די קליינע אידישע קהלה, וואס האט זיך באזעצט אין באכאראך נאך אין דער צייט פון די רוימער, און שפעטער צו, אין דער צייט ווען עס זענען פארגעקומען די גרויסע רדיפות אויף אידען, האבען זיי צווישען זיך ארייגענומען גאנצע מחנות נייע אנטרונענע, וואס זענען זיך אנגעלאפען פון אלע זייטען.

די גרויסע רדיפות אויף אידען האבען זיך אנגעפאנגען מיט די קרייץ־צוגען, און זענען געווען צום שרעקליכסטען אין מיטען פון פערצעהנטען יאהרהונדערט ביים סוף פון דער גרויסער מגפה, וועלכע האט געזאלט האבען געקומען, ווי אנדערע עפענטליכע אומ־גליקען, דורך די אידען, ווארים מען האט געזאגט, אז זיי האבען אראפגעבראכט גאט'ס צארן, און מיט דער הילף פון קרעציגע האַ־בען זיי פארגיפטעט די ברונימס. די צורייצטע מאסען, באזונ־

דערם די מחנות פלאגעלאנטען, יענע האלב נאקעטע מענער און פרויען, וואס האבען פאר א תשובה זיך אליין געשמיסען מיט קאנ־טשיקעס, און דערביי געזונגען א ווילד מאריענליעד, האבען דער־מאלט דורכגעצויגען די גאנצע רהיין־געגענד אין דעם איבעריגען דרום'דיגען דייטשלאנד, האבען אויפ'ן וועג אויסגע'הרג'עט פיעל טויזענדער אידען, אדער זיי געפייניגט אדער געצוואונגען מיט גע־וואלד צו דער שמד. אן אנדער באשולדיגונג, וואס האט שוין פון א לאנגע צייט פריהער, דורך דעם גאנצען מיטעלאלטער ביז צו דעם אנהויב פון דעם פריהערדיגען יאהרהונדערט געקאסט די אידען א סך בלוט און שרעק, איז געווען דער נארישער און ווילדער בלבול, וועלכער איז אין כראניקען און לעגענדען איבערגע'חזר'ט געווארען ביז צום עקעל, אז די אידען גנב'ענען די הייליגע האסטיען, וואס זיי שטעכען דורך מיט מעסערם ביז עס רינט ארויס בלוט. און אז אים פסח קוילען זיי קריסטליכע קינדער, כדי צו באנוצען זייער בלוט צום סדר. די אידען וועלכע זענען פון שטענדיג אן גע־ווען פארהאסט צוליעב זייער אמונה, צוליעב זייער רייכקייט און צוליעב די חובות, וואס די קריסטען זענען זיי שולדיג געווען, זע־נען אין יענעם יום טוב אין גאנצען געווען אין די הענד פון זיי־ערע שונאים, וועלכע האבען זיי זעהר לייכט געקענט אנטוען גרויסע צרות, ווען זיי האבען נאר פארשפרייט א קלאנג אז מען האט דער־הרג'עט א קינד. ווען ניט האבען זיי גאר אונטערגעווארפען א דער־הרג'עט פארבלוטיגט קינד אין א אידיש הויז, און ביינאכט, ווען יענע פאמיליע איז געזעסען ביים סדר, זענען זיי איהר באפאלען, און דערנאך האט מען זיך א לאז געטאן מארדען, רויבען און אי־בער'שמד'ן. און גרויסע וואונדער זענען געשעהן מיט דעם געפונע־נעם טויטען קינד, וועלכען די קירך האט סוף כל סוף ערקלעהרט פאר א הייליגען. אזא הייליגער איז געווען סאנקט ווערנער און פאר זיין כבוד ווענען, איז דאס אין אבערוועזעל געגרינדעט געווארען יענער פרעכטיגער מאנאסטיר, וואס ער שטעלט מיט זיך פאר ביים רהיין איינע פון די שענסטע חורבות, און זי ענטציקט אונז אזוי מיט איהר גאטישער שענקייט פון איהרע לאנגע שפיציג־געבוי־גענע פענסטער, מיט איהרע שטאלץ־ארויסשטעקענדיגע זיילען און

איהרע שענע שטיין־שניצערייען, ווען מיר פאהרען דארטען פארביי אין א הייטער גרינעם זומער־טאג, און ווען מיר ווייסען ניט, וואס זי איז געווען אמאל. לכבוד דעם דאזיגען היילינען זענען ביים רהיין געבויט געווארען נאך דריי אנדערע גרויסע קירכען, און דערביי זענען אהן א שיעור אידען גע'הרג'עט און געפייניגט געווארען. דאס איז געשעהן אינ'ם יאהר 1287. און אויך אין באכאראך וואו עס איז געבויט געווארען איינע פון אט די סאנקט ווערנער קירכען, האבען די אידען געהאט אויסצושטעהן א סך צרות און יסורים. דאך צוויי הונדערט יאהר נאך דעם, האבען זיי שוין ניט געוואוסט פון אזעלכענע אנפאלען פון פאלקס־צארן, הגם מען האט זיי אלץ ניט אויפגעהערט פיינד צו האבען און זיי זענען נאך אלץ געווען אין געפאהר מיט זייער לעבען.

אבער וואס מעהר די שנאה פון דרויסען האט זיי געדריקט, אלץ הארציגער און פריינדליכער האבען די אידען פון באכאראך געלעבט צווישען זיך, אלץ טיעפער און שטארקער איז געווען זייער פרומקייט און זייער גאט־פרוכטיגקייט. א מוסטער פאר אלעמען, ווי אזוי צו געהען אין גאט'ס וועגען, איז געווען דער דארטיגער רב, וואס האט געהייסען ר' אברהם. ער איז געווען נאך גאר א יונגער מאן, אבער צוליעב זיין גרויס לומדות איז ער שוין געווען באריהמט ווייט און ברייט. ער איז טאקי געבוירען געווארען אין דערזעלביגער שטאדט, און זיין פאטער, וואס איז אויך געווען דער רב פון יענער שטאדט, האט איהם אנגעזאגט אין זיין צואה, אז ער זאל איבערנעמען דעם כסא רבנות, און אז ער זאל די שטאדט קיינמאל ניט פארלאזען, ווען אפילו זיין לעבען וועט שטעהן אין סכנה. די דאזיגע צואה און א שראנק מיט זעלטענע ספרים, דאס איז געווען דאס איינציגע, וואס איהם איז געבליבען פון זיין טאטען, וועלכער האט אויסגעלעבט זיינע יאהרען אין ארימקייט און לערנענדיג די תורה. דאך איז ר' אברהם געווען א גרויסער עושר. ווארים ער האט חתונה געהאט מיט דער איינאיינציגער טאכטער פון זיין פאטערס ברודער, וועלכער האט געהאנדעלט מיט עדעלשטיינער, און נאך זיין טויט האט ער גע'ירשה'ט זיין גאנץ פארמעגען. בייזע צינגער אין דער געמיינדע, האבען אפילו געגעבען אנצוהערעניש, אז דער רב

האָט חתונה געהאַט מיט זיין פרוי, טאַקי נאָר צוליעב איהר געלד. אָבער אלע ווייבער האָבען דאָס געלייקענט און זיי האָבען געוואוסט צו דערצעהלען אַלערליי מעשיות, ווי אזוי דער רב איז נאָך פאר זיין אָפּפאָהרען קיין שפּאַניען שוין געווען פאַרליעבט אין שרה'ן — אייגענטליך האָט מען זי גערופען די שענע שרה — און ווי אזוי שרה האָט געמוזט וואַרטען זיבען יאָהר ביז דער רב האָט זיך אומגעקעהרט פון שפּאַניען, וואָרים ער האָט זי מקדש געווען געגען דעם ווילען פון איהר פאַטער און אויך געגען איהר אייגענעם רצון. וואָרים יעדער איד קען מאַכען א אידיש מיידעל פאר זיין געזעצליכע פרוי, ווען עס געלינגט איהם איהר אַנצוטאָן א רינג אויפ'ן פינגער, און צו זאָגען דערביי די ווערטער: „הרי את מקודשת לי בטבעת זו כדת משה וישראל!" דערמאָנענדיג שפּאַניען פלעגען די בייזע צינגער דערביי זעהר מאָדנע שמייכלען. און דאָס איז געווען צוליעב עפּיס זעהר א ניט קלאָהרען קלאַנג, אז ר' אברהם האָט אין דער גרויסער ישיבה פון טאָלעדאָ אמת געלערנט גאָט'ס תורה מיט גרויס התמדה, אָבער אין דערזועלביגער צייט האָט ער אויך נאָכגעמאַכט קריסטליכע מנהגים, און האָט אין זיך אריינגעזויגען א סך פרייזיניגע געדאַנקען, ווי יענע שפּאַנישע אידען, וואָס זענען דעמאָלט געשטאַנען אויף א זעהר הויכער מדרגה פון בילדונג. אין דער טיעפעניש פון זייער נשמה האָבען אָבער אפילו די בייזע צינגער אליין זעהר ווייניג געגלויבט אין דעם דאָזיגען קלאַנג. וואָרים פון זינט דער רב איז צוריק געקומען פון שפּאַניען, האָט ער זיך אויפגעפיהרט אין לעבען זעהר ריין, פרום און ערענסט. די קלענסטע דינים און מנהגים האָט ער אָפּגעהיט מיט דער גרעסטער שטרענגקייט. אלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג פלעגט ער פאַסטען, און עסען פלייש אָדער טרינקען וויין פלעגט ער נאָר שבת אָדער יום טוב. דעם גאַנצען טאָג פלעגט ער צוברענגען על התורה ועל העבודה. ביי טאָג פלעגט ער לערנען גאָט'ס תורה מיט זיינע תלמידים, וועלכע זיין גרויסער נאָמען האָט צוגעצויגען קיין באַכאַראַך, און ביינאַכט פלעגט ער באַטראַכטען די שטערען פון הימעל, אָדער די אויגען פון דער שענער שרה. קיין קינדער האָט דער רב ניט געהאַט און דאָך האָט ארום איהם ניט געפעהלט קיין מענשען. דער גרויסער זאַל פון זיין הויז,

וואס איז געשטאנען לעבען דער שוהל, איז אלע מאל געווען אפען פאר אלעמען; דארטען פלעגט מען אריינגעהן און ארויסגעהן, ווען עס האט זיך נאר געוואלט; אהין פלעגט מען אריינקומען אפ־באפען א דאווענען, אדער הערען נייעס, אדער אפהאלטען אסיפות אין אן אלגעמיינער עת צרה; דארט פלעגען זיך שפּילען די קינ־דער שבת אין דער פריה, בשעת מען האט אין שוהל געלייענט די סדרה פון דער וואך; אהין פלעגט מען זיך צונויפקומען צו א חתונה אדער צו א לויה; און דארט האט מען זיך געקריגט און אי־בערגעבעטען; דארט האט א דערפרוירענער געפונען א ווארימען אויווען און א הונגעריגער — א געגרייטען טיש. א חוץ דעם פלע־גען זיך ארום רב ארומדרעהען א סך קרובים, ברידער און שוועס־טער מיט זייערע ווייבער און קינדער און אויך זיינע און זיין ווייב׳ס פעטערס און מוהמעס, א זעהר גרויסע משפחה. און אלע פלעגען זיי באטראכטען דעם רב פאר דעם עלצטען אין דער משפּחה, פלעגען פארקעהרען אין זיין הויז פון אין דער פריה ביז ביי נאכט, און אין גרויסע יום טובים פלעגען זיי דארט אלע צוזא־מען עסען ביי איין טיש. אזעלכענע אלגעמיינע פאמיליען־מאהלצייי־טען פלעגען נאר באזונדערס פארקומען יעדעם יאהר פסח צום סדר. דאס איז א גאנץ אלטער וואונדערבארער יום טוב, וואס נאך איצטער פייערען איהם די אידען פון גאר דער וועלט אין דער נאכט פון פערצעהנטען טאג אין חודש ניסן, פאר אן אייביגען אנדענק פון זייער באפרייאונג פון דער קנעכטשאפט אין מצרים. דער דא־זיגער יום טוב ווערט געפייערט אויף אזא אופן:

באלד ווי עס ווערט נאר נאכט, צינדט די באלעבאסטע פּת הויז אן די ליכט, שפּרייט אויס א טישטוך אויפ׳ן טיש, לעגט אויפ׳ן מיטען טיש אוועק דריי מצות, פארדעקט זיי מיט א טיש־טיכעל און אויף זיי שטעלט זי ארויף זעקס קליינע שיסעלעך, אין וועלכע עס ליגען סימבאלישע שפּייזען. אן איי, פעטרושקע, מרור, זרוע און חרוסת, — דאס איז א מישונג פון ראזינקעס, צימערינג און ניס. ארום דעם דאזיגען טיש זעצען זיך אוים דער עלצטער פון הויז מיט אלע זיינע קרובים און אייגענע, און ער לייענט פאר זיי פאר פון אן אלטען ספר, וואס הייסט די הגדה, דאס איז א מאדנער

צוזאַמענמישונג פון לעגענדען וועגען די אבות, פון מעשיות וועגען נסים אין מצרים, פון קוריאָזע אַנעקדאָטען, וכוחים, תפלות, און יום־טוב׳דיגע זמירות. אין מיטען פון אַט דעם סדר פראַוועט מען אַ גרויס מאַהלצייט, און אפילו בשעת מען לייענט די הגדה, פאַרזוכט מען אויך צוביסלעך פון די סימבאָלישע מאכלים, אין באַשטימטע צייטען, מען עסט אויך פון די מצות און מען טרינקט פיער כוסות רויטען וויין. אומעטיג־פרעהליך, ערענסט־שפּילעווּדיג, און לעגענ־דאַריש געהיימניספול איז דער כאַראַקטער פון יענער סדר־נאַכט. און דער אַלטער סקאַרבאַוועך ניגון מיט וועלכען דער עלצטער פון הויז לייענט די הגדה, און וועלכער ווערט צייטענווייז אויך אונ־טערגעכאַפּט פון די צוהערער אין אַ כאָר, קלינגט אַזוי שוידערהאַפט־האַרציג, אַזוי מוטערליך איינוויגענדיג און אין דערזעלביגער צייט אַזוי האַסטיג אויפוועקענדיג, אַז אפילו יענע אידען, וואָס זענען שוין לאַנג אָפּגעפאַלען פון דער אמונה פון זייערע אבות, און יאָגען זיך נאָך פרעמדע פריידען און נאָך פרעמדען כבוד, אפילו זיי ריהרט עס אויך אויף אין האַרצען, ווען עס דרינגט צופעליג אַריין אין זייערע אויערען דער אַלטער, גוט באַקאַנטער פּסח׳דיגער ניגון.

איינמאָל איז ר׳ אברהם צוזאַמען מיט זיינע קרובים, תלמידים און איבעריגע געסט געזעסען אינ׳ם גרויסען זאַל און האָבען אָנגע־הויבען אָפּצוריכטען דעם סדר. אין זאַל האָט אַלצדינג געבלאַנקט מעהר ווי געוועהנליך. דער טיש איז געווען באַצויגען מיט אַ זיידען טישטוך מיט פאַרשיעדענפאַרביגע שטיקערייען, וועמענס גאָלדענע פראַנזען האָבען אַראָפּגעהאַנגען ביז צו דער ערד. די טעלערלעך מיט די סימבאָלישע שפּייזען האָבען געגלאַנצט היימיש, אַזוי אויך די הויכע פול אָנגעפילטע וויין־בעכערס, אויף וועלכע עס זענען גע־ווען אויסגעקריצט לויטער הייליגע מעשיות. די מאַנסלייט זענען געזעסען אין זייערע שוואַרצע מאַנטלען און שוואַרצע פלאַכע היט און ווייסע קרויזען אַרום האַלז; די פרויען אין זייערע וואונדערלי־כע גלאַנצענדיגע קליידער פון לאָמבאַרדישע שטאָפען, האָבען אַרום דעם קאָפּ און אויפ׳ן האַלז געטראָגען זייערע גאָלדענע ציערונג און שנירען פּעריל. און די זילבערנע שבת׳דיגע מנורה, האָט באַ־גאָסען מיט איהר יום טוב׳דיג ליכט די פרומע, צופריעדענע פּנים׳ר

פון די אלטע און די יונגע. ר׳ אברהם איז געזעסען אנגעלעהנט אויף א פורפורנעם סאמעט־קישען אין א שטוהל, וואס איז געוועזן העכער פון אלע אנדערע, ווי דער דין איז, און ער האט געזאגט מיט א ניגון די הגדה, און דער געמישטער כאר האט מיטגעזונגען אדער געענטפערט די פאסיגע שטעלען. דער רב האט אויך געטראגען זיין שווארצען יום טוב׳דיגען מאנטעל. זיינע עדעלע, אביסעל שטרענגע געזיכטסצוגען, זענען געווען מילדער ווי געוועהנליך; די ליפען האבען ארויסגעשמייכעלט פון דער ברוינער בארד, גלייך ווי זיי וואלטען וועלען דערצעהלען עפּיס זעהר א פרעהליכע זאך, און אין זיינע אויגען האט ארומגעשוואומען עפּיס אזוינס ווי א גליקליכע עראינערונג אדער אהנונג. די שענע שרה, וואס איז אויך געזעסען אויף א העכערען סאמעטענעם שטוהל לעבען איהם, האט אלס די באלעבאסטע פון הויז, גאר ניט געטראגען אויף זיך איהרע ציערונג, נאר איהר שלאנקער לייב און איהר פרום פנים איז געוועזן איינגעהילט אין א ווייסען געוואנד. דאס פנים איז געוועזן ריהרענד שען, ווי די שענהייט פון אידישע טעכטער איז בכלל אן אייגענארטיג ריהרענדע. דאס, וואס זיי ווייסען פון דעם גרויסען עלענד, פון דער ביטערער שאנד, און די גרויסע צרות, אין וועלכען זייערע קרובים און גוטע פריינד לעבען, פארשפרייט איבער זייערע חנ׳עוודיגע געזיכטסצוגען א געוויסע לײדענדיגע הארציגקייט און באטראכטענדיגע ליעבעם שרעק, וואס בא׳כשופ׳ען אזוי מאדנע אונזערע הערצער. אזוי איז היינט געזעסען די שענע שרה און האט כסדר געקוקט דעם מאן אין די אויגען אריין: וועז ניט ווען האט זי אויך א קוק געטאן אין דער הגדה אריין, וואס איז געלעגען פאר איהר — דאס איז געוועזן א שעהענר פארמעטענער ספר, וואס איז געוועזן געבונדען אין גאלד און אין סאמעט. דאס איז געוועזן אן אלטע ירושה, מיט אלטע וויינפלעקען נאך פון איהר זיידענס צייטען. אין איהם זיינען געוועזן אזוי פיעל מאדנע און בונט אויסגעמאלטע בילדער, אויף וועלכע זי האט נאך אלס קליין מיידעל, אזוי ליעב געהאט צו קוקען אין די סדר־נעכט, און וועלכע האבען מיט זיך פארגעשטעלט אלערליי מעשיות פון חומש. אזוי למשל ווי אברהם צוהאקט מיט א האמער

די שטיינערנע געצען פון זיין פאָטער תרח; ווי די מלאכים קומען צו איהם; ווי משה דער'הרג'עט דעם מצרי; ווי פרעה זיצט פּראַכ־טיג אויף זיין טהראָן; ווי די פרעש לאָזען איהם ניט צורוה, אפילו ווען ער זיצט ביים טיש. ווי ער ווערט — דאנקען גאָט — דער־טרונקען אין ים; ווי אזוי די קינדער ישראל געהען פאָרזיכטיג דורך דעם ים־סוף; ווי זיי שטעהען מיט אָפענע מיילער ביים בארג סיני, מיט זייערע שאָף, קיה און אָקסען; ווי אזוי דער פרומער דוד המלך שפּיעלט אויף זיין הארף, און ענדליך ווי די שטאָדט ירושלים צו־זאמען מיט איהרע טורעמס און געזימסען פון בית המקדש ווערען באשטראהלט פונ'ם גלאַנץ פון דער זון.

דער צווייטער כוס איז שוין געווען אָנגעגאָסען. די געזיכטער און די שטימען זענען וואָס אמאָל געוואָרען אַלץ העלער. און דער רב האָט א נעם געטאָן אין האנד אריין איינע פון די מצות, און אויפהויבענדיג זיי אין דער הויך, האָט ער געזאָגט פון דער הגדה: „כהא לחמא עניא! — אָט איז דאָס אָרימע ברויט, וואָס אונזערע עלטערן האָבען געגעסען אין דעם לאנד מצרים! ווער עס איז הונ־געריג—זאָל קומען און עסען! ווער עס איז באדערפטיג, — זאָל קומען און מיט אונז אָפּריכטען דעם סדר! היי־יאָהר זענען מיר דאָ, איבער א יאָהר זאָלען מיר זיין אין ירושלים! היי־יאָהר זענען מיר קנעכט, איבער א יאָהר זאָלען מיר זיין די זיהן פון פריי־הייט!“

דאָ האָט זיך מיט אמאָל געעפענט די טיר, און עס זענען אריינגעקומען צוויי גרויסע בלאַסע מענער, איינגעהיעלט אין זעהר ברייטע מאנטלען און איינער פון זיי האָט געזאָגט:

— שלום עליכם! מיר זענען רייזענדע אידען, און מיר וואָל־טען וועלען מיט אייך צוזאמען אָפּריכטען דעם סדר. — און דער רב האָט געענטפערט שנעל און פריינדליך: — עליכם שלום! — זעצט אייך לעבען מיר. — די צוויי פרעמדע האָבען זיך גלייך אוועקגעזעצט ביים טיש און דער רב האָט ווייטער געזאָגט די הגדה. טיילמאָל, ווען די איבעריגע האָבען נאָך געהאלטען אין נאָכ־זאָגען די ווערטער, האָט ער צוגעוואָרפען ליעבליכע ווערטער צו זיין ווייב. און זיך שטיצענדיג אויף דעם אלטען אידישען ווער־

טיל, אז אין דער פסח־נאכט איז יעדער אידישער באלעבאס א מלך, האט ער געזאגט צו איהר: „פרעה דיך מײן מלכה!" זי אבער האט געענטפערט מיט אן אומעטיגען שמײכעל: „עס פעהלט דאך אונז אבער דער פרינץ!" און מיט דעם האט זי געמײנט א זוהן, וואס זאל דעם טאטען קענען פרעגען די פיער קשיות, ווי עס שטעהט געשריעבען אין דער הגדה. דער רב האט גאר ניט געענט־פערט. און ער האט נאר אנגעוויזען מיט'ן פינגער אויף א בילד, וואס האט זיך גראד אויפגעמישט אין דער הגדה, און וואו עס איז געווען צו זעהן, ווי אזוי די דריי מלאכים קומען צו אברהם אבינו איהם אנזאגען, אז זײן ווײב שרה וועט איהם געווינען א זוהן, און שרה שטעהט דערווײל מיט א ווײבערשער נײגיעריקײט הינטער דער טיר פון געצעלט, כדי צו הערען וואס מען רעדט. דאס דאזיגע שטילע אנצוהערעניש, האט באגאסען די באקען פון דער שענער פרוי מיט א דרײפאכער רויטקײט, און זי האט אראפגעלאזט די אויגען, און האט זײ ווידער פרײנדליך אויפגעהויבען און געקוקט אויף איהר מאן, וועלכער האט ווײטער זינגענדיג געלײענט די וואונדערבארע מעשה, ווי אזוי רבי יהושע, רבי אליעזר, רבי עזריה, רבי עקיבה און רבי טרפון זענען געזעסען אנגעלעהנט אין בני ברק און האבען זיך די גאנצע נאכט דערצעהלט וועגען יציאת מצרים, ביז זײערע תלמידים זענען געקומען און האבען געזאגט, אז ס'איז שוין טאג און ס'איז שוין צײט צו דאווענען שחרית.

און ווי די שענע שרה האט אזוי פרום זיך צוגעהערט און האט כסדר געקוקט אויף איהר מאן, האט זי באמערקט, אז זײן געזיכט איז פלוצלונג געווארען ווי פארשטײנערט און שרעקליך אויסגע־קרימט, דאס בלוט איז פארשוואונדען פון זײנע באקען און ליפען, און זײנע אויגען האבען געקוקט ווי פארגלעזערטע: — אבער כמעט אין דעמזעלביגען אויגענבליק האט זי געזעהן ווי זײן פנים האט ווידער באקומען זײן פריהערדיגע רוהיקײט און פרעהליכ־קײט, ווי זײנע ליפען און באקען האבען זיך ווידער גערויטעלט, זײ־נע אויגען האבען ווידער מונטער געקוקט אויף אלע זײטען. יא, ער האט זאגאר געקראגען א מערקווירדיגע מאדנע פרעהליכע שטי־מונג. די שענע שרה האט זיך זעהר דערשראקען, ווי נאך קײנמאל

ניט אין איהר לעבען. און א מאדנער קאלטער שוידער האט זי דורכגענומען, ניט אזוי צוליעב דעם שרעק, וואס זי האט איין מינוט דערזעהן אויף איהר מאנ'ס פנים, ווי צוליעב זיין איצטיגער פרעהליכקייט, וואס איז ביסלעכוויז איבערגעגאנגען אין א פרעהליכער אויסגעלאסענקייט. דער רב האט געהאלטען אין איין רוקען דעם הוט פון איין אויער צום צווייטען, געצופט און שטיפעריש געקרייזעלט די האר פון זיין בארד, האט געזונגען די הגדה, ווי א גאסענ־יונג, און ווען מען האט אויסגערעכענט די צעהן מכות, וואו מען דארף ביי יעדער איינטונקען דעם אנווייז־פינגער אין די פולע בעכערס, און די אראפהענגענדיגע טראפענס אראפווארפען אויף דער ערד, האט דער רבי באשפריצט מיט דעם רויטען וויין די איננערע מיידלעך. און עס האבען זיך דערהערט געשרייען. ווייל עס זענען פארפלעקט געווארען די יוייסע האלז־קרויזען, און ס'האבען זיך אויך דערהערט פרעהליכע געלעכטערס. דער שענער שרה איז געווארען אלץ אונהיימליכער און אונהיימליכער, ביי דער דאזיגער וואקסענדיגער פרעהליכקייט פון איהר מאן, און מיט א מאדנער קלעמעניש ביים הארצען האט זי געקוקט אויף דעם רוישענדיגען טומעל פון די בונט־באלויכטענע מענשען, וואס האבען זיך בהרחבה'דיג געשאקעלט אהין און אהער, געברעקעלט די דינע מצות, אדער אנגעגאסען וויין, אדער געזונגען הויך אויפ'ן קול, און אלץ מיט אזא גרויסער הנאה.

דערווייל איז געקומען די צייט פון עסען. אלע זענען אויפגעשטאנען וואשען זיך. און די שענע שרה האט געבראכט דעם גרויסען זילבערנעם וואש־בעקען, וואס איז געווען רייך באציערט מיט אויסגעקריצטע גאלדענע פיגורען, און האט איהם געהאלטען פאר יעדען גאסט, און מען האט זיינע הענד באגאסען מיט וואסער. ווען זי איז צוגעקומען צום רב, האט ער איהר א וואונק געטאן מיט די אויגען, און האט זיך בגנבה ארויסגערוקט דורך דער טיר. די שענע שרה איז איהם נאכגעגאנגען. שנעל האט דער רב א נעם געטאן די האנד פון זיין פרוי, שנעל האט ער זי געצויגען נאך זיך, דורך די גאסען פון באכאראך. שנעל האט ער זי ארויסגעפיהרט דורכ'ן

טויער אויפ'ן שאָסע, וועלכער האָט זיך געצויגען לעבען דעם רהיין און געפיהרט קיין בינגען.

דאָס איז געווען איינע פון יענע פריהלינגס-נעכט, וואָס זע-גען אפילו גענוג ווארימלעך, און העל אויסגעשטערנט, אבער וואָס פילען דאָך אָן די נשמה מיט א מאָדנעם שרעק. די בלומען האָ-בען געשמעקט מיט א ריח פון מתים, די פייגעל האָבען גע-צוויטשערט מיט א מאָדנעם פארגעניגען אויף יענעמס אומגליק, אָבער אין דער זעלביגער צייט, ווי זיי וואָלטען אליין זיך פאר עפּ׳ס שרעקען. די לבנה האָט בייז געוואָרפען געלע פאַסען ליכט איבער דעם טונקעלען מורמלענדיגען טייך; די הויכע פעלזען ביים ברעג, האָבען אויסגעזעהן ווי סטראשענדיגע ריעזען קעפּ, וואָס שאָקלען זיך; דער טורעם וועכטער אויף דעם שלאָס שטראהלעך, האָט אויס-געבלאָזען א מעלאַנכאָלישע מעלאָדיע; און אין מיטען פון דעם אלע-מען האָט כסדר געקלונגען דער טויטענגלאָק פון דער סאנקט ווער-נער'ס קירך. די שענע שרה האָט געטראָגען אין דער רעכטער האנד דעם זילבערנעם וואש-בעקען, איהר לינקע האנד האָט דער רב נאָך אלץ געהאלטען פעסט, און זי האָט געפיהלט ווי זיינע פינגער זענען געווען קאלט ווי אייז, און ווי זיין אָרעם האָט געציטערט נאָר זי איז איהם שווייגענדיג נאָכגעגאנגען. אפשר דערפאר ווייל זי איז פון אלעמאָל געווען געוועהנט צו פאָלגען איהר מאן בליג-דערהייט, און אפשר אויך דערפאר ווייל איהרע ליפּען זענען פון דעם אינערליכען שרעק געווען פארשלאָסען.

אונטען ביים שלאָס סאָנעק, אקעגען איבער לאָרך, אונגעפעהר דאָרטען, וואו עס געפינט זיך איצטער דאָס דערפיל נידער-רהיינבאָך, הויבט זיך אויף א פעלזען-פלאַטע, וואָס הענגט אריבער ווי א בויי-גען איבער דעם ברעג פון רהיין. אָט אויף דעם פעלז האָט ארויפגע-קלעטערט ר' אברהם מיט זיין ווייב, דאָרטען האָט ער זיך ארומגע-קוקט אין אלע זייטען און האָט א קוק געטאָן אין דער הויך צו די שטערען. ציטערדיג און אין גאנצען דורכגענומען מיט א קאלטען טויט-שרעק, איז געשטאַנען לעבען איהם די שענע שרה, און האָט באטראכט זיין בלייך פּנים, וואָס די לבנה האָט פאנטאסטיש באַ-לויכטען און אויף וועלכען עס האָט דורכגעציטערט פּיין, מורא,

געבעט און צאָרן. ווען דער רב האָט אָבער פּלוצלינג אַ ריס גע־
טאָן פון איהרע הענד דעם זילבערנעם וואַשבעקען, און איהם מיט אַ
גערויש אַ וואַרף געטאָן אין רהיין אריין, דאַ האָט זי שוין מעהר
ניט געקענט איבערטראָגען דעם מורא'דיגען געפיהל פון שרעק
און מיט אַ געשריי: „שמע ישראל!" האָט זי זיך געוואָרפען דעם
מאַן צו די פיס און האָט איהם באַשוואוירען, אַז ער זאָל איהר
אויסזאָגען, וואָס דאַ קומט פאָר.

דער רב, וואָס איז נאָך ניט געווען אימשטאַנד צו רעדען, האָט
עטליכע מאָל שטיל באַוועגט מיט די ליפּען, און ענדליך האָט ער
געזאָגט: „זעהסטו דעם מלאך המות? דאָרט אונטען שוועבט ער
איבער באַכאַראַך! מיר אָבער זענען ניצול געוואָרען פון זיין
שווערד, געלויבט איז גאָט!" און מיט אַ קול, וואָס האָט נאָך גע־
ציטערט פון אינערליכען שרעק, האָט ער איהר דערצעהלט, ווי אַזוי
זיצענדיג אַ פרעהליכער אַנגעלעהנט און זאָגענדיג די הגדה, האָט
ער צופעליג אַ קוק געטאָן אונטער'ן טיש און ער האָט דאָרטען
דערזעהן ליגען לעבען זיינע פיס דעם פאַרבלוטיגטען קערפּער פון
אַ טויט קינד. „מיט אַמאָל האָב איך באַמערקט" — האָט דער רב
ווייטער דערצעהלט — „אַז אונזערע צוויי פאַרשפּעטיגטע אורחים,
זענען ניט מאחינו בני ישראל, נאָר זיי געהערען צו יענער עדת
מרעים, וואָס האָבען ביי זיך אָפּגעמאַכט, אָט דעם קערפּער פון דעם
טויטען קינד באַהאַלטענערהייד אונטערצוּוואַרפען אין אונזער
הויז, כדי מיר זאָלען באַשולדיגט ווערען, אַז מיר האָבען דאָס קינד
דער'הרג'עט, און אויפרייצען אויף אונז דאָס פאָלק, אַז עס זאָל
אונז אויספּלינדערן און מאָרדען. איך האָב ניט געטאָרט לאָזען
באַמערקען, אַז איך האָב זיך דערוואוסט פון אָט דעם שרעקליכען
אויפטו. ווייל דורך דעם וואָלט איך נאָר צוגעאיילט אונזער אומ־
גליק. און נאָר די כיטרעקייט האָט אונז ביידע מציל געווען. גע־
לויבט איז גאָט! שרעק זיך ניט, שענע שרה! אויך אונזערע פריינד
און קרובים וועלען ניצול ווערען. די רשעים האָבען נאָר געלעכצט
נאָך מיין בלוט; איך בין פון זיי ניצול געוואָרען און זיי ווילען זיך
באַגניגען מיט מיין גאָלד און זילבער. קום מיט מיר שענע שרה, מיר
וועלען אוועקגעהן אין אַן אַנדער לאַנד, און דאָס אומגליק וועלען

מיר איבערלאָזען הינטער אונז. און כדי דאָס אומגליק זאָל אונז ניט פאַרפאָלגען, האָב איך איהר אלס קרבן צוגעוואָרפען דאָס לעצטע פון מיין פאַרמעגען, דעם זילבערנעם בעקען. דער גאָט פון אונזערע אבות וועט אונז ניט פאַרלאָזען. — קום אַראָפּ, דו ביזט מיעד. דאָרט אונטען שטעהט לעבען זיין שיפעל דער שטילער ווילהעלם. ער וועט אונז פיהרען אַרויף דעם רהיין.

אַהן אַ וואָרט און ווי מיט צובראָכענע גליעדער, איז די שענע שרה אריינגעפאַלען אין דעם רב'ס אָרעמס. און פאַמעליך האָט ער זי אַראָפּגעטראָגען צום ברעג. דאָרט איז געשטאַנען דער שטילער ווילהעלם, אַ טויב־שטומער אָבער בילד־שעהנער בחור'ל, וועלכער האָט זיך באַשעפטיגט מיט כאַפּען פיש, כדי מפרנס צו זיין זיין אַלטע מאַמע, וואָס איז געוועזן דעם רב'ס אַ שכנ'טע. און דאָ פלעגט ער האָבען שטעהן זיין שיפעל. נאָר עס האָט אויסגעזעהן ווי ער וואָלט פאַראויס פאַרשטאַנען וואָס דער רב וויל. יאָ, עס האָט אפילו אויסגעוויזען, ווי ער וואָלט אויף איהם געוואַרט. אַרום זיינע פאַרשלאָסענע ליפען האָט זיך פאַרצויגען אַ מאָדנער ליעבליכער רחמנות, זיינע גרויסע בלויע אויגען האָבען פול מיט באַדייטונג געקוקט אויף דער שענער שרה און פאָרזיכטיג האָט ער זיי אריינגעטראָגען אין שיפעל אריין.

דער בליק פון דעם שטומען בחור'ל האָט דער שענער שרה אויפגעוועקט פון איהר צומישטקייט. זי האָט מיט אַמאָל דערפיהלט אַז אַלץ וואָס איהר מאַן האָט איהר דערצעהלט, איז ניט געוועזן קיין חלום, און שטראָמען ביטערע טרעהרען האָבען זיך געגאָסען איבער איהרע באַקען, וואָס זענען איצטער געוועזן ווייס ווי איהר קלייד. און אַזוי איז זי איצטער געזעסען אין מיטען פון שיפעל, ווי אַ וויינענדיג מאַרמאָר בילד; לעבען איהר זענען געזעסען איהר מאַן און דער שטילער ווילהעלם, און ביידע האָבען זיי פלייסיג גערודערט.

צי דאָס קומט דורך דעם איינטאָניגען קלאַפּען מיט די רודערס, אָדער דורך דעם וואָס דאָס שיפעל שאָקעלט זיך, צי דורך דעם ריח פון יענע בערגיגע ברעגען, אַז די פרייד הויבט אָן וואַקסען אין האַרצען, דאָס איז ניט קלאָר. ווי די זאַך זאָל ניט זיין, אַלעמאָל טרעפט, אַז אפילו דער באַטריבסטער ווערט מאָדנע באַ־

רוהיגט, ווען ער פאהרט אין א פריהלינגס־נאכט אויף א לייכטען שיפעל, וואס שיפט זיך לייכט אויף דעם ליעבען, קלאהרען שטראם פון רהיין. אין דער אמת'ן, דער אלטער גוטהארציגער פאטער רהיין קען ניט פארטראגען ווען זיינע קינדער וויינען; ער וויגט זיי אויף זיינע געטרייע ארעמס ביז ער שטילט איין זייערע טרעהרען און ער דערצעהלט זיי אזעלכענע שענע מעשה'לעך, און זאגט זיי צו גילדענע אוצרות. אפשר גאר דעם אוראלטען איינגעזונקענעם אוצר פון די ניעבעלונגען. אויך די טרעהרען פון דער שענער שרה האבען געפליסט אלץ מילדער און מילדער, איהרע שטארקסטע יסורים זענען אוועקגעשוואונקט געווארען פון די סודות'דיגע וועלען; די נאכט האט פארלוירען איהר פינסטערן שרעק, און די היימישע בערג האבען געגריסט, ווי זיי וואלטען אויף דעם צערטליכסטען אופן צוגעוואונשען: „פאהר געזונטערהייד!" מעהר פאר אלע האט אבער געגריסט אינטים איהר ליעבלינגס בארג, דער קעדריך. און אין זיין זעלטזאמער לבנה־באלייכטונג האט ער אויסגעזעהן, ווי אויבען וואלט ווידער געשטאנען א מיידעל מיט אויסגעשטרעקטע ארעמס פאר פחד, ווי די פלינקע קארליקעס וואלטען ארויסגעקראכען פון זייערע שפאלטען, און ווי א רייטער וואלט זיך געלאזט בארג ארויף אין שנעלסטען גאלאפ; און דער שענער שרה איז געווען אויפ'ן הארצען, ווי זי וואלט ווידער געווען א קליין מיידעל און זיצט ווידער אויפ'ן שוים ביי איהר מוהמע פון לארך און די מוהמע דערצעהלט איהר שענע מעשיות פון דעם בראווען רייטער, וואס באפרייט דאס שענע מיידעל פון די קארליקעס, וועלכע האבען זי אוועקגערויבט, און נאך אנדערע אמת'ע מעשיות, פון דעם וואונדערליכען וויספערטאל דארטען אויף יענער זייט, וואו די פייגעל רעדען ווי מענשען, און פון'ם פעפערקוכענלאנד, וואוהין עס קומען די קינדער, וואס פאלגען טאטע מאמע. און פון פארשאלטענע פרינצעסינס, זינגענדיגע בוימער, גלעזערנע שלעסער, גאלדענע בריקען, לאכענדיגע ניקסען... אבער צווישען אט די אלע שענע מעשיות, הערט די שענע שרה איהר טאטענס קול, וואס בייזערט זיך אויף דער מוהמע, פאר וואס זי קלאפט איהר אין קאפ ארייין אזוי פיעל נארישקייטען! און באלד האט זי זיך פארגעשטעלט, ווי

מען װאָלט זי אַרױפֿגעזעצט אױף דעם קלײנעם בענקעלע לעבען דעם טאַטנס סאַמעטענעם שטוהל, און דער טאַטע גלעט מיט זײן װײ־כער האַנד איהרע לאַנגע האָר, לאַכט זעהר צופֿרידען מיט די אױ־גען, און װיעגט זיך בהרחבה׳דיג אין זײן ברײטען, בלױזײדענעם שבת׳דיגען כאַלאַט... עס מוז זיכער זײן שבת. װאָרים דער טיש איז באַדעקט מיט דעם געבליהמעלטען טישטוך. אַלע כלים אין צימער לײכטען און גלאַנצען װי שפּיגלען. דער שמש פֿון שטאָדט מיט דער װײסער באָרד, זיצט לעבען טאַטען און קײט ראָזינקעס און רעדט אױף לשון־קודש. און אָט איז אַרײנגעקומען דער קלײנער אברהם מיט אַן אונגעהײער גרױסען ספר, און געבעטען מיט עניװת, אַז דער פעטער זאָל איהם פֿאַרהערען אַ פּרשה אין חומש, כדי דער פעטער זאָל אַלײן אײנזעהן, אַז אין דער פֿאַרגאַנגענער װאָך האָט ער אַ סך געלערנט, און ער פֿאַרדיענט, אַז מען זאָל איהם לױבען און געבען קוכען... און אָט לעגט דאָס קלײנע אינגעל אַװעק דאָס ספר אױף דעם ברײטען אַנלעהן פֿון שטוהל און דערצעהלט די מעשה פֿון יעקב מיט רחל׳ן. װי יעקב האָט אױפֿגעהױבען זײן קול און האָט געװײנט, װען ער האָט דערזעהן צום ערשטען מאָל זײן שװעסטער־קינד רחל, װי ער האָט אַזױ פֿרײנדליך גערעדט מיט איהר בײם ברונים, װי אַזױ ער האָט זיעבען יאָהר געדיענט פֿאַר רחל׳ן, און װי די זיעבען יאָהר זענען איהם אַזױ שנעל פֿאַרבײגע־לאָפען, און װי ער האָט מיט רחל׳ן חתונה געהאַט און זי ליעב גע־האָט װאָס אַמאָל אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער... און מיט אַמאָל האָט זיך די שענע שרה אױף דערמאָנט, אַז איהר פֿאָטער האָט דער־מאָלט אױסגערופֿען מיט אַ לוסטיגען טאָן: „װאָלסטו ניט אױך װעלען חתונה האָבען מיט דײן שװעסטער־קינד שרה?“ און דאַ־רױף האָט דער קלײנער אברהם געענטפֿערט ערענסט: „יאָ, איך װיל. און זאָל זי װאַרטען זיעבען יאָהר.“ די דאָזיגע בילדער האָבען ניט קלאָר דורכגעצױגען דורך דער נשמה פֿון דער שענער פֿרױ, זי האָט געזעהן, װי זי און איהר קלײנער שװעסטער־קינד, װאָס איז איצט אַזױ גרױס און איז שױן איהר מאַן, שפּיעלען זיך מיט קינ־דער־שפּיעלען אין דער סוכה. װי זײ שפּיעלען זיך דאָרטען מיט די בונטע טאַפּעטען, בלומען, שפּיגלען און פֿאַרגילדטע עפּעל; װי דער

קליינער אברהם ווערט אַלץ ליעבליכער צו איהר, ביז ער איז ביסלעכוויז געוואָרען אַלץ גרעסער און מורמעלדיגער, און ווי אַזוי ער איז ענדליך געוואָרען אין גאַנצען א גרויסער און אַנגעצויגענער... און ענדליך זיצט זי אליין אין דער היים, אין איהר צימער, ס'איז שבת צו נאַכט, די לבנה שיינט א העלע אריין דורכ'ן פענסטער, די טיר פראַלט זיך אויף, און עס קומט אריין צולויפען איהר שוועסטער־קינד אברהם, אַנגעטאָן אין רייזע־קליידער, און בלאַס ווי דער טויט. און ער גיט א נעם איהר האַנד, טוט אָן אויף איהר פינגער א רינג און גיט א זאָג פייערליך: „הרי את מקודשת לי בטבעת זו, כדת משה וישראל!“ „איצטער אָבער“ — גיט ער א זאָג מיט א ציטערדיג קול — „מוז איך אוועקפאָהרען קיין שפאַניען. זיי געזונד, און וואַרט אויף מיר זיעבען יאָהר!“ און ער איז ארויסגעלאָפען .און וויינענדיג האָט זי דערצעהלט דעם פאָטער אַלץ וואָס איז פאָרגעקומען... און דער פאָטער איז געוואָרען שטאַרק אין כעס: „שנייד אָפּ דיינע האָר, וואָרים דו ביזט אַן אשת איש.“ און ער וויל נאָכרייטען אברהם'ן, און איהם צווינגען ער זאָל איהר געבען א גט: — אָבער אברהם איז שוין איבער אַלע בערג, דער פאָטער קעהרט זיך אום אַהיים א שווייגענדיגער, און ווי די שענע שרה העלפט איהם אויסטוען די רייזע־שטיוועל און האַלט אין איין פאַרזיכערן, אַז אברהם וועט זיך צוריקקעהרען נאָך זיעבען יאָהר, האָט דער פאָטער געשאָלטען: „זיעבען יאָהר זאָלט איהר ביידע געהן בעטלען!“ און באַלד נאָכדעם איז ער געשטאָרבען.

אַזוי האָבען זיך אין דער שענער שרה'ס זכרון דורכגעצויגען די אַלטע געשיכטען ווי א שנעל שאָטען־שפּיעל: די בילדער האָבען זיך וואונדערבאַר צומישט, און פון צווישען זיי האָבען ארויסגעקוקט האַלב באַקאַנטע, האַלב פרעמדע פנימ'ער מיט בערד און גרויסע בלומען מיט אויסטערליש ברייטע בלעטער. עס האָט זיך איהר אויך געדאַכט, ווי דער רהיין וואָלט געמורמעלט דעם ניגון פון דער הגדה, און פון דער הגדה קריכען אַרויס די בילדער אין זייער גאַנצער גרויס און פאַרעלטערט. מאָדנע בילדער: אברהם אבינו צוהאַקט מיט שרעק זיין טאַטענס געצענבילדער, וואָס ווערען שנעל צוריק גאַנץ פון זיך אליין; דער מצרי וועהרט זיך מורא־

דיג אקעגען דעם דערצאָרענטען משה; דער באַרג סיני בליצט און שלאָגט מיט פלאַמען; דער קעניג פּרעה שווימט אין דעם רויטען ים, האַלטענדיג פעסט צווישען די ציין אין מויל זיין גאָלדענע קרוין; פּרעש מיט פּנים'ער פון מענשען שווימען הינטער איהם און די כוואַליעס שוימען און רוישען און א טונקעלע ריעזיגע האַנד שווימט מורא'דיג אַרוים אין דער הויך.

דאָס איז געווען האַטאַ'ס מויז־טורעם, און דאָס שיפעל האַט זיך נאָר וואָס געהאַט דורכגעשלאָגען דורך דעם רוישענדיגען בינ־גער־שטראָם. די שענע שרה איז דורך דעם אביסעל אויפגעטריי־סעלט געוואָרען פון איהרע חלומות, און זי האָט געקוקט אויף די בערג, אויף וועמענס שפּיצען עס האָבען געשימערט די ליכט פון שלעסער, און פאַר זייערע פיס האָבען זיך געצויגען די נאַכט־טומאַ־נען באַלויכטען מיט די שטראַהלען פון דער לבנה. נאָר פּלוצלונג האָט זיך איהר געדאַכט אז זי זעהט דאָרט איהרע פריינד און קרובים ווי זיי לויפען מיט שרעק, ווי מתים איינגעהילט אין ווייסע תכריכים לעבען דעם ברעג פון רהיין... עס איז איהר געוואָרען שוואַרץ פאַר די אויגען. דורך איהר נשמה איז דורכגעלאָפען אן אייז־קאַלטער שטראָם, און ווי אין שלאָף האָט זי נאָר נאָך געהערט ווי דער רב לייענט פאַר איהר „קריאת שמע" פּאַמעליך אנגסטיג, ווי עס קומט פאַר ביי טויט־קראַנקע מענשען, און ווי אין חלום האָט זי נאָכגעשטאַמעלט די ווערטער: „יפול מצדך אלף, ורבבה מימינך ואליך לא יגש!"...

דאָ האָט זיך מיט אמאָל ווי פאַרצויגען די גאַנצע פינסטערניש און דער גאַנצער שרעק. דער פינסטערער פאָרהאַנג פון הימעל איז אראָפּגעריסען געוואָרען. און אָט האָט זיך אויבען באַוויזען די הייליגע שטאָדט ירושלים, מיט איהרע טורעמס און איהרע טויערען, דער בית המקדש האָט געלויכטען מיט א גאָלדענער פּראַכט. אויפ'ן פאָדער־הויף פון בית המקדש האָט די שענע שרה דערזעהן איהר פאָטער אין זיין געלען שבת'דיגען כאַלאַט, און ער האָט א צופריע־דענער געלאַכט מיט די אויגען; פון די קיילעכדיגע פענסטער פון בית־המקדש האָבען זי פרעהליך באַגריסט אַלע איהרע פריינד און

קרובים; אין קדשי קדשים האט געקניהט דער פרומער' קעניג דוד אויף זיין פורפורנעם מאנטעל און מיט דער פינקעלדיגער קרוין, און ליעבליך צוגיסט זיך זיין געזאנג און דאס שפיעלען פון זיינע סטרונעם — און גליקליך שמייכעלדיג איז די שענע שרה איינגעשלאפען.

# קאפיטעל II.

ווען די שענע שרה האט געעפענט איהרע אויגען, איז זי שיער פארבלענדעט געווארען פון די שטראהלען פון דער זון. פון וויטענס האבען זיך געהויבען די הויכע טורעמס פון א גרויסער שטאדט און דער שטומער ווילהעלם איז געשטאנען אויסגעגלייכט אין שיפעל מיט'ן רודער אין האנד, און ער האט דאס שיפעל געפיהרט דורך דעם פרעהליכען טומעל פון א סך שיפען מיט בונטע פאהנען, וואס זייערע מאטראזען זענען אדער געשטאנען ליידיג און אראפגעקוקט אויף די פארבייפאהרענדע, אדער זיי זענען געווען זעהר באשעפטיגט מיט אויסלאדען קאסטענס, פעק און פעסער, וועלכע מען האט צוגעפיהרט צום ברעג אויף קליינע שיפלעך. דערביי איז פארגעקומען א טומעל, אז מען האט געקענט טויב ווערען. די פיהרער פון די בארקען האבען כסדר געהאלטען אין שרייען „האלא!“ פון ברעג האבען זיך געהערט די געשרייען פון סוחרים; די צאל בעאמטע האבען זיך געזידעלט, און זענען ארומגעשפרונגען אין זייערע רויטע מאנטלען און מיט די ווייסע שטעקענס און מיט ווייסע געזיכטער פון איין שיף צו דער אנדערער.

— יא, שענע שרה — האט דער רב געזאגט צו זיין פרוי, מיט א פרעהליכען שמייכעל — דאס איז די וועלט־באריהמטע פרייע רייכס־ און האנדעלס־שטאדט פראנקפורטביים מאין. און דאס איז טאקי דער מאין־טייך, אויף וועלכען מיר פאהרען איצטער. אט יענע לאכענדיגע הייזער, וואס זענען ארומגערינגעלט מיט גרינע בערגלעך, דאס איז זאקסענהויזען, פון וואנען דער לאהמער גומפערץ ברענגט אונז אויף סכות די שענע הדסים. אט דא זעהסטו אויך די שטארקע מאין בריק מיט איהרע דרייצעהן בויגענס, און איבער איהר קענען זיכער געהן א סך מענשען, וועגען און פערד,

און אין מיטען שטעהט דאס הייזעל, וועגען וועמען די מוהמע טויי־בעלע פלעגט דערצעהלען, אז דערין וואוינט א משומד, וואס באַ־צאָהלט יעדען אייגעם, וואס ברענגט איהם א טויטען ראַט, זעקס העלער אויף דעם חשבון פון דער אידישער קהלה, וואס האט באַ־דארפט צושטעלען יעדעס יאהר דעם שטאדט־ראט, פינף טויזענד עקען פון ראטען.

די שענע שרה האט זיך געמוזט צולאכען הויך אויפ׳ן קול, איבער דער מלחמה, וואס די פראנקפורטער אידען מוזען פיהרען מיט די ראטען; דאס קלארע ליכט פון דער זון און די נייע בונטע וועלט, וואס האט זיך פאר איהר אנטפלעקט, האט פארטריבען פון איהר נשמה אלע שרעקען פון דער פריהערדיגער נאכט. און ווען איהר מאן מיט דעם שטומען ווילהעלם האבען זי ארויסגענומען פון דעם שיפעל אויפ׳ן ברעג, האט זי זיך געפיהלט דורכגעדרונגען מיט א פרייד פון זיכערקייט. דער שטומער ווילהעלם האט איהר לאנג געקוקט אין פנים אריין, האלב פרעהליך און האלב פיינליך, מיט זיינע שענע, טיעפבלויע אויגען. דערנאך האט ער נאך צוגע־ווארפען א באדייטענדען בליק צום רב, איז צוריק ארייגעשפרונגען אין זיין שיפעל, און איז דערמיט באלד פארשוואונדען.

— דער שענער ווילהעלם האט אזוי פיעל עהנליכקייט מיט מיין פארשטארבענעם ברודער, — האט באמערקט די שענע שרה.— די מלאכים זענען אלע עהנליך — האט געענטפערט דער רב, און אננעהמענדיג זיין פרוי ביי דער האנד, האט ער זי דורכגעפיהרט דורך די טומעלדיגע מענשען ביים ברעג, וואו עס זענען איצטער געווען אויפגעשטעלט א מאסע הילצערנע ביידלעך, ווייל עס איז געווען די צייט פון דעם פסח־יאריד. ווען זיי זענען אריין אין שטאדט, דורך דעם טונקעלען מאין־טויער, האבען זיי דארטען געטראפען ניט ווייניגער טומעלדיגען פארקעהר. דא זענען אין אן ענגער גאס געשטאנען איין קראם לעבען דער אנדערער, און די הייי־זער זענען, ווי אומעטום אין פראנקפורט, געווען געבויט, ספּעציעל צום האנדעל: אין פארטער זענען ניט געווען קיין פענסטער, נאר לויטער אפענע האלב קיילעכדיגע טירען, אזוי אז מען האט געקענט אריינקוקען טיעף אינווייניג, און יעדער פארבייגעהער האט געקענט

גוט באטראכטען די אויסגעשטעלטע סחורות. די שענע שרה איז נשתומם געווארען. דערזעהענדיג אזוי פיעל טייערע זאכען און אזא פראכט, וואס זי האט נאך קיינמאל ניט געזעהן. דארט זענען געשטאנען ווענעציאנער, וועלכע האבען אנגעבאטען אלע לוקסוס־זאכען פון מזרח־לאנד און איטאליען. און די שענע שרה איז גע־ווארען ווי צוגעשמידט צום ארט, ווען זי האט דערזעהן די אויסגע־לעגטע ציערונגען און טייערע זאכען, די בונטע מיצען און קארסע־טען, די גילדענע בראסלעטען און האלז־בענדער, און יענע אלע קלייניקייטען, וואס די פרויען האבען אזוי ליעב צו באוואונדערן, און נאך מעהר מיט זיי זיך אויספוצען. די רייך־געשטיקטע סאמע־טענע און זיידענע שטאפען האבען אויסגעזעהן ווי זיי וואלטען רעדען מיט דער שענער שרה און ווי זיי וואלטען זי וועלען דער־מאנען אן וואונדערליכע זאכען. און איהר האט זיך אין דער אמת'ן ווירקליך געדאכט, אז זי איז ווידער א קליין מיידעלע. און די מוהמע טייבעלע האט געהאלטען איהר צוזאג, און האט זי מיטגענומען אויפ'ן פראנקפורטער יאריד, און דאס שטעהט זי איצטער פאר די שענע קליידער, וועגען וועלכע מען האט איהר אזוי פיעל דער־צעהלט. מיט א באהאלטענער פרייד האט זי שוין איבערגעטראכט, וואס זי זאל מיטברענגען מיט זיך קיין באכאראך, וועמען פון איהרע צוויי שוועסטער־קינדער, די קליינע בליהמעלע צי דער קליינער פייגעלע, וועט דער בלויזיידענער פאס צום בעסטען געפעלען, אויך צי די גרינע הייזלעך וועלען פאסען פאר דעם קליינעם גאט־שאלק — אבער פלוצלינג האט זי געזאגט צו זיך אליין: אוי גאט! זיי זענען דאך שוין פאר דער צייט געווארען גרויסע און נעכטען ביינאכט האט מען זיי אומגעבראכט! — פון שרעק איז זי שיער ניט צוזאמענגעפאלען. און די בילדער פון דער נאכט האבען שיער ווידער אריינגעדרונגען אין איהר מיט אלע זייערע שרעקען; דאך האבען אבער די גאלד־געשטיקטע קליידער געוואונקען צו איהר ווי מיט טויזענד ממזר'שע אויגען און האבען אפגעשווענקט פון איה־רע געדאנקען אלץ וואס איז פינסטער. און ווען זי האט ארויפגע־קוקט צו דעם פנים פון איהר מאן, האט זי געזעהן אז עס איז ניט פארוואלקענט, נאר עס האט זיין געוועהנליכע ערענסטע מילד־

קייט. — מאַך צו די אויגען, שענע שרה! — האָט געזאָגט דער רב, און האָט זיין פרוי ווייטער געפיהרט דורך דעם גרויסען געדרענג פון מענשען!

וואָס פאר א געמיש פון מענשען! על פי רוב זענען דאָס געווען סוחרים, וואָס האָבען זיך געדונגען איינער מיט דעם אַנדערן הויך אויפ'ן קול, אָדער האָבען גערעדט מיט זיך אליין און גערעכענט אויף די פינגער. אָדער האָבען געלאָזט פיהרען צו זייערע טראַקטירען די איינגעקויפטע סחורות, וואָס זענען געווען אָנגעפּאַקט אויף די מאַרק־טרעגערס, וועלכע זענען זיי נאָכגעלאָפען פון הינטען ווי הינד. אַנדערע פּנימ'ר האָבען אויסגעזאָגט, אז זיי זענען געקומען אהער בלויז אוים נייגעריקייט. אן די רויטע מאַנטלען און אין די גאָלדענע האַלז־קייטען האָט מען דערקענט די ראַטס־הערען; אן דעם שווארצען נגידישען וואַמס האָט מען דערקענט דעם בכבוד'ן שטאָלצען אַלטבירגער; דער אייזערנער העלם, דער געל־לעדערנער וואַמס און די קלינגענדיגע שפּאָרען, האָבען דערצעהלט, אז דאָס זענען שווערע רייטער־קנעכט; אונטער דעם שוואַרצען סאַמעטענעם היי־בעל, וואָס האָט זיך פארצויגען ביים שטערן אין א שפּיץ, האָט זיך באהאַלטען דאָס ראָזאָווע פּנים פון א מיידעל, און די יונגע חברה לייט, וועלכע זענען איהר נאָכגעלאָפען ווי נאָכשפּירענדיגע יאָגד־הינד, האָבען זיך ארויסגעוויזען אלס פולקומענע פראַנטען, מיט זייערע וואויל־אינגעריש באפעדערטע היט, מיט זייערע קלינגענדיגע שנאַבעל־שיך און מיט זייערע זיידענע קליידער פון געמישטע פארבען, וואָס די רעכטע זייט איז געווען גרין, די לינקע זייט רויט, אָדער איין זייט מיט רעגענבויגען פּאַסען און די אַנדערע זייט מיט קעסטעלעך פון פארשיעדענע פארבען, אזוי אז די נאַרישע בחורים האָבען אויסגעזעהן ווי זיי וואָלטען געווען צושפּאָלטען אין מיטען. מיטגעצויגען פון דעם מענשענשטראָם איז דער רב מיט זיין ווייב אָנגעקומען צום „רוימער.“ דאָס איז געווען דער גרויסער מאַרק פון שטאָדט וואָס איז ארומגערינגעלט מיט הויכע שפּיציגע הייזער. דעם נאָמען „רוימער“ האָט ער געקראָגען צוליעב אן אונגעהייער גרויסען הויז, וואָס האָט געהייסען „צום רוימער“, און וועלכעס איז אָפּגעקויפט געוואָרען פון מאַגיסטראַט און פארוואַנדעלט גע־

ווארען אין א ראטהויז. אין דער דאזיגער געביידע פלעגט מען אויסקלייבען די קיסרים פון דייטשלאנד, און פאר דעם דאזיגען הויז זענען אפט פארגעקומען די עדעלע ריטער־שפיעלען. דער קעניג מאקסימיליאן, וועלכער האט די דאזיגע שפיעלען לײדענשאפטליך ליעב געהאט, איז דעמאלט געווען אין פראנקפורט. און א טאג פריהער האט מען פאר זיין כבוד וועגען פאראנשטאלט אין רוימער א גרוים געפעכט. לעבען די הילצערנע בענק, וואס זענען איצטער צוגומען געווארען פון סטאלארעס, זענען נאך געשטאנען א סך ליידיגגעהער, און האבען זיך דערצעהלט, ווי אזוי דער הערצאג פון בראונשווייג און דער מארקגראף פון בראנדענבורג האבען זיך נעכטען געשלאגען אונטער פויקען און טראמפייטען־שאלען; ווי אזוי דער וואלטער דער לומפ האט אזוי געוואלדיג אראפגעווארפען דעם בערענ־רייטער פון זיין זאטעל, אז די שטיקלעך פון זיין שפיעז זענען זיך צופלויגען אין די לופטען. און ווי אזוי דער לאנגער בלאנדער קעניג מאקס איז געשטאנען אויף דעם באלקאן ארומגערינגעלט פון זיינע הויפלייט און האט זיך פאר פרייד געריבען די הענד. די דעקען פון גאלדענעם שטאף זענען נאך געלעגען אויף דעם פארענטש פון באלקאן און אויף די קיילעכדיג צוגעשפיצטע פענסטער. אויך די איבעריגע הייזער פון מארק זענען נאך געווען יום־טוב׳דיג אויסגעפוצט און באציערט מיט הערב־שילדען. באזונדערס דאס הויז לימבורג, אויף וועמענס פאהן עס איז געווען אויסגעמאלט א מיידעל, וואס האלט אין האנד א שפארבער, און אז אף האלט פאר איהר א שפיגעל. אויף דעם באלקאן פון דעם דאזיגען הויז זענען געשטאנען א סך ריטער און דאמען, וואס האבען זיך אונטערהאלטען און שמייכעלדיג אראפגעקוקט אויף דעם פאלק, וואס האט זיך אונטען געצויגען אהין און אהער אין משונה׳דיגע גרופען. וואס פאר א מאסע ליידיגגעהער פון אלע שטאנדען און פון יעדען עלטער האבען זיך דא געשטופט כדי צופריעדענצושטעלען זייער נייגעריקייט! מען האט געלאכט, געקווישעט, גע׳גנבה׳ט, געקנייפט אין די זייטען, גע־פייפט, און אין מיטען דעם אלעמען האט זיך געהערט דער טראמפייטער פון דאקטאר, וועלכער איז געשטאנען אין זיין רויטען

מאנטעל אויף א הויכער שטעל צוזאמען מיט זיין גארישען דיענער און מיט זיין אף, און האט אויסגעטראמפייטערט זיינע אלע קונצען, געלויבט זיינע טינקטורען און זיינע וואונדער־זאלבען. אדער ער האט זעהר ערענסט באטראכט א גלאז מיט השתנה, וואס עפּיס אן אלטע פרוי האט געהאלטען פאר איהם, אדער האט זיך גענומען אויסרייסען א באקצאהן ביי אן ארימען פויער. צוויי פעכטמייסטערס, וואס זענען ארומגעלאפען מיט זייערע פיעלפארביגע בענדער און האבען געפאכט אין דער לופט מיט זייערע שווערדען, האבען זיך דא באגעגענט כלומר'שט ווי צופעליג און האבען זיך מיט א געמאכטען כעס געווארפען איינער אויפ'ן צווייטען; נאך א לאנגען געפעכט האבען זיי זיך ביידע דערקלעהרט פאר אונבאזיגבאר, און האבען ביים עולם אויסגעבעטעלט עטליכע פעניג. איצטער האבען פארביימארשירט מיט פויקען און מיט פייפערס די ביי־איינגעפיהרטע שוץ־מחנה. באלד נאכדעם זענען אנגעקומען אונטער דער פיהרערשאפט פון א מאן מיט א רויטע פאהן א גאנצע מחנה וואנדערנדיגע מיידלעך, וואס זענען אהער געקומען פון דעם ווירצבורגער פרויען־הויז „צום עזעל" און האבען זיך געלאזט קיין ראזענטהאל, וואו די הויך געלויבטע רעגירונג האט פאר זיי באשטימט א קווארטיר פאר דער צייט פון יאריד. — „מאך צו די אויגען, שענע שרה!" — האט דער רב געזאגט. ווארים יענע פאנטאסטישע און זעהר ווינציג־באקליידעטע פרויען, וואס א טייל פון זיי זענען געווען זעהר שען, האבען זיך אויפגעפיהרט אויף דעם אונמאראלישסטען אופן, האבען אויפגעדעקט זייערע ווייסע חוצפּהדיגע בוזימס, האבען געררייצט די פארבייגעהענדע מיט די אונפארשעהמטסטע ווערטער, האבען אויסגעשטרעקט זייערע לאנגע וואנדער־שטעקענס, און נאכדעם ווי זיי האבען זיך אויף זיי ארויפגעזעצט ווי אויף רייטשטעקענס און זענען אראפּגעריטען צו דעם סאנקט קאטהערינע־טויער, האבען זיי געזונגען מיט באנומענע קולות, דאס מכשפה־ליעד:

„וואו איז דער באק, דעם טייוועלס טיער?
וואו איז דער באק? און פעהלט דער באק,

איז רײטען מיר, איז רײטען מיר,
איז רײטען מיר דא אויפ'ן שטאָק!"

דאָס דאָזיגע געזאַנג, וואָס מען האָט נאָך געקענט הערן פון הערוױיטענס, האָט זיך ענדליך פאַרלוירען אין די קירכליך לאַנג געצױיגענע טענער פון א פּראָצעסיאָן, וואָס האָט געהאַלטען אין אָנקומען. דאָס איז געװען א טרױעריגער צוג פון באַרװעסע מאַנאַכען מיט ליסע קעפּ, וואָס האָבען געטראָגען ברענענדיגע וואַקסענע ליכט אָדער פאָהנען מיט הײליגע בילדער און אויך גרויסע זילבערנע קרוציפיקסען. פאראויס זענען געגאַנגען אינגלעך אין רויטע און ווייסע רעק און האָבען געטראָגען פאַרעדיגע ווייהרויך־קעסלען. אין מיטען צוג אונטער א פּראַכטיגען באַלדאַכין האָט מען געזעהן גלחים אין ווייסע כאָר־העמדער פון טײערע שפּיצען אָדער אין בונטזײדענע שטאָלען, און אײנער פון זײ האָט אין האַנד געטראָגען א גאָלדענע כלי, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי א זון, און ווען ער איז צוגעקומען צו א הייליגער ניש ביים עק מארק, האָט ער די כלי אויפגעהויבען אין דער הויך, און האָט האַלב געזאָגט און האַלב געזונגען לאַטײנישע ווערטער... אין דער זעלביגער צייט האָט זיך צוקלונגען א קלײן גלעקעל, און דאָס גאַנצע פאָלק, וואָס איז געשטאַנען ארום איז געוואָרען שטיל, געפאַלען אויף דער קניה און זיך גע'צלמ'ט. דער רב אבער האָט געזאָגט צו זיין ווייב: — „מאַך צו די אויגען, שענע שרה!" — און ער האָט זי שנעל אוועקגעפיהרט פון דאַנען אין א נאָהענטען שמאָלען געסיל אריין. דאָ האָט ער זי געפיהרט דורך א לאַבירינט פון ענגע און קרומע גאַסען, און ענדליך איבער דעם ניט באַוואוינטען, פוסטען פּלאַץ, וואָס האָט אָפּגעטײלט דעם נייעם אידישען קוואַרטאַל פון דער איבעריגער שטאָדט.

פאַר יענער צייט האָבען די אידען געוואוינט צווישען דעם דאָם און דעם ברעג פון מאַין. בעמליך פון דער בריק ביז צו דעם לומפּען־ברונים פון דער „מעהלוואָגע" ביז צו דער סאנקט באַרטאָלאָמיי קירך. נאָר די קאַטױלישע גלחים האָבען אויסגע'פּועל'ט ביים פּאַפּסט א בולע, וועלכע האָט פאַרבאָטען די אידען צו וואױ־

נען אזוי גאהענט פון דער הויפטקירך. און דער מאגיסטראט האט זיי אפגעגעבן א פלאץ אויף דעם וואלגראבען, וואו זיי האבען אויסגעבויט דעם היינטיגען אידישען קווארטאל. אט דער קווארטאל איז געווען פארזארגט מיט שטארקע מויערען, אויך מיט אייזערנע קייטען פאר די טויערען, כדי זיי צו פארשפארען געגען אן אנפאל פון המון־עם. ווארים דא האבען די אידען אויך געוואוינט אין קלעם און אין שרעק. און נאך מעהר וואס זיי האבען געליטען איצטער, האבען זיי געדענקט די פריהערדיגע צרות. אין יאהר 1240, האט דער צעיושעטער המון געמאכט צווישען זיי א בלוט־באד, וואס איז באקאנט אלס די ערשטע שחיטה אויף אידען. און אינ'ם יאהר 1349, ווען די פלאזשעלאנטען האבען אויף זייער וועג אונטערגעצונדען די שטאדט, און באשולדיגט די אידען, אז זיי האבען דאס געמאכט די שרפה, איז דעמאלט דער גרעסטער טייל פון די אידען אויסגע'הרג'עט געווארען, אדער זיי זענען פארברענט געווארען, אין זייערע אייגענע הייזער. און די שחיטה רופט מען די צווייטע אידישע שחיטה. שפעטער האט מען די אידען נאך אפטמאל געסטראשעט מיט עהנליכע שחיטות. און יעדעם מאל ווען אין פראנקפורט זיינען פארגעקומען אונרוהען,, באזונדערס ווען עס זענען פארגעקומען די מחלוקת'ן צווישען דעם שטאט־ראט און די צעכען, איז דער קריסטליכער המון כמעט תמיד געווען גרייט צו באפאלען דעם אידישען קווארטאל. דער דאזיגער קווארטאל האט געהאט צוויי טויערען, וועלכע פלעגען פארשלאסען ווערען אין די קאטוילישע חגאות פון דרויסען, און אין אידישע יום טובים פון איננוועניג. און פאר יעדען טויער איז געווען א וועכטער־הויז מיט שטאדטישע סאלדאטען.

ווען דער רב איז מיט זיין ווייב אנגעקומען צו דעם טויער פון אידישען קווארטאל, זענען די סאלדאטען געלעגען — ווי מען האט דאס געקענט זעהן דורך די אפענע פענסטער — אויף דער נארע פון זייער וועכטער שטיבעל, און אין דרויסען פאר דער טיר, איז אין פולען זונשיין געזעסען דער פויקער און האט פאנטאזירט אויף זיין גרויסער פויק. דאס איז געווען א שווערער, דיקער חברה־מאן; זיין וואמס און זייגע הויזען פון פייער־געלען טוך, וואס איז ביי

די אָרעמס און ביי די לענדען געווען שטאַרק אויפגעבלאָזען, און איז געווען באַזעעט מיט קליינע אוננגענעהטע רויטע קישעלעך, גלייך ווי עס וואָלטען דערפון אַרויסגעלעקט אַהן א שיעור מענשליכע צינגער. די ברוסט און דער רוקען זענען געווען געפּאַנצערט מיט שוואַרצע טוכענע קישעלעך, אויף וועלכע עס איז געהאַנגען די פּויק; אויפ'ן קאָפּ האָט ער געהאַט א פּלאַטשיק קיילעכדיג היטע־לע, דאָס פּנים איז געווען פּונקט אַזוי פּלאַטשיג און קיילעכדיג, דער־צו נאָך געל ווי א מאַראַנץ און באַשיט מיט רויטע געשווירלעך. און עס האָט זיך פאַרצויגען אין א גענעצדיגען שמייכעל. אָט אַזוי איז דער חברה־מאַן געזעסען און האָט אויסגעפּויקט די מעלאָדיע פון א ליעד, וואָס די פלאַזשעלאַנטען האָבען אַמאָל געזונגען ביי דער שחיטה אויף די אידען. און מיט זיין רויהען ביער־קול האָט ער צו־געזונגען דאָס ליעד:

„אונזער ליעבע פרוי
געגאַנגען איז אין מאַרגענטוי
קירי עלייזאָן!"

— האַנס, דאָס איז א שלעכטע מעלאָדיע — האָט אויסגערו־פען א קול פון הינטער דעם פאַרשלאָסענעם טויער אין אידישען קוואַרטאַל. — האַנס, דאָס ליעד איז אויך א שלעכטס. עס פּאַסט ניט פאַר קיין פּויק. פּאַסט גאַר ניט. און ביי גאָט, עס פּאַסט זיכער ניט אין דער צייט פונ'ם יאַריד און פסח אין דער פריה. דאָס איז א שלעכטס ליעד, א געפעהרליך ליעד, האַנס, האַנסעלע, קליינער פּוי־קער־האַנסעלע, איך בין איינער אליין, און אויב דו האָסט מיך ליעב, אויב דו האָסט ליעב דעם שטערן, דעם לאַנגען שטערן, דעם לאַנגען נאָז־שטערן, טאָ הער אויף!

די דאָזיגע ווערטער זענען פון דעם ניט געזעהענעם רעדנער אַרויסגערעדט געוואָרען האַלב האַסטיג, פול מיט שרעק, און האַלב פּאַמעליך זיפצענדיג, מיט א טאָן אין וועלכען עס האָבען זיך שנעל געביטען דאָס ציהענדיג ווייכע מיט דעם הייזעריג־האַרטען, ווי מען הערט דאָס ביי שווינדזיכטיגע. יעם פּויקער האָט דאָס ניט גע־ריהרט, און נאָך אַלץ ווייטער פּויקענדיג די פריהערדיגע מעלאָדיע האָט ער ווייטער געזונגען:

„און דא קומט אן א קליינער יונג,
און ס'טוט זיין בארד ביי איהם א שפרונג,
הללויה!"

— האנס! — האט ווידער אויסגערופען דאס זעלביגע קול — האנס, איך בין איינער אליין, און דאס איז א געפעהרליך ליעד, און איך האב עס ניט ליעב צו הערען און איך וויים פארוואס... און אויב דו האסט מיך ליעב, זינג זשע בעסער עפּים אנדערש, און מארגען וועלען מיר טרינקען...

בייםווארט „טרינקען" האט האנס אויפגעהערט צו פויקען און צו זינגען און ער האט א זאג געטאן מיט אן ערענסטען טאן:

— דער טייוועל מעג כאפּען די אידען. אבער דו ליעבער נאז־שטערן, דו ביזט מיין פריינד. איך וועל דיך באשיצען. און אויב מיר וועלען נאר נאך עפטער טרינקען צוזאמען, וועל איך דיך נאך איבער'שמד'ן, און איך וועל זיין דיין טויף־פאטער. אז דו ווערסט דיך שמד'ן, וועט דיין נשמה זיין אן אויסגעלייזטע. און אויב דו האסט א גוטען קאפּ און ווערסט דיך ביי מיר פלייסיג לערנען, קענסטו נאך אפילו ווערען א פויקער. יא! נאז־שטערן, דו קענסט נאך שטייגען זעהר הויך. ווען מיר וועלען מארגען טרינקען צוזאמען, וועל איך דיר אויספויקען דעם גאנצען קאטעכיזם — איצטער אבער מאך נאר אויף דאס טויער, ווארים דא שטעהען צוויי פריינד און ווילען מען זאל זיי אריינלאזען.

— עפענען דאס טויער? — האט אויסגעשריען דער נאז־שטערן און האט שיער ניט פארלוירען דאס לשון — דאס געהט ניט אזוי שנעל, ליעבער האנס. מען קען ניט וויסען, מען קען גאר ניט וויסען, און איך בין איינער אליין. פייטעל רינדסקאפּ האט דעם שליסעל און ער שטעהט איצטער שמונה עשרה, און ער טאר ניט מפסק זיין. יעקעל דער נאר איז אויך דא, אבער ער איז איצטער משתין, איך בין איינער אליין.

— דער טייוועל מעג כאפּען די אידען! — האט אויסגערופען האנס דער פויקער און הויך לאכענדיג איבער זיין אייגענעם וויץ האט ער זיך אריינגעוואקלט אין וועכטער שטיבעל און זיך אויך אויסגעצויגען אויף דער נארע.

אין דער צייט, וואס דער רב מיט זיין ווייב זענען איצט גע־בליבען שטעהן אליין הינטער דעם פארשלאסענעם טויער, האט זיך פון יענער זייט טויער, דערהערט א שנארכענדיג, שנאפעלדיג, אבי־סעל שפאטיש געצויגענע קול: — שטערענדעל! פלוידער ניט אזוי פיעל. נעם ארויס דעם שליסעל פון רינדסקאפ קעשענע און נעם מיט דיין נאז און שלים דערמיט אויף דעם טויער. די לייט שטע־הען און ווארטען שוין לאנג.

— די לייט? — האט מיט שרעק אויסגערופען דאס קול פון דעם מאן, וועמען מען האט גערופען נאז־שטערן. — און איך האב געמיינט, אז עס איז נאר דא איינער. איך בעט דיך נאר, ליעבער יעקעל נאר, זיי אזוי גוט און קוק ארויס, ווער דארטען איז.

דא האט זיך אינ'ם טויער געעפענט א קליין פענסטערל מיט שטארקע גראטעס און עס האט זיך באוויזען א געלע מיץ מיט צוויי הערנער, און אונטער דער מיץ דאס קאמישע פארקרומטע לצ'ישע פנים פון יעקעל דעם נאר. אין דעם זעלביגען אויגענבליק האט זיך דאס פענסטערל גלייך צוריק צוגעמאכט, און עס האט זיך דערהערט א קול: — מאך אויף, מאך אויף, אין דרויסען שטעהען בלויז איין מאנסביל און איין פרוי!

— איין מאן און איין פרוי — האט געקרעכצט נאז־שטערן — און אז מען וועט עפענען דאס טויער וועט די פרוי ארונטער ווארפען איהר מאנטעל, און עס וועלען דאן זיין צוויי מענער, און מיר זענען נאר דא דריי.

— זיי ניט קיין האז! — האט געענטפערט יעקעל דער נאר — און זיי מוטיג און ווייז ארויס קוראזש!

— קוראזש! — האט אויסגערופען נאז־שטערן מיט א פאר־דראסיגער ביטערקייט — האז! האז איז א שלעכטער פארגלייך. א האז איז א חיה טמאה. קוראזש! מען האט מיך דא ניט אוועק־געשטעלט כדי איך זאל ארויסווייזען קוראזש, נאר צוליעב פארזיכ־טיגקייט. אויב עס וועלען אנקומען א סך, זאל איך שרייען. אבער איך טראג א פאנטאנעל, און איך בין בלויז איין איינציגער מענש. איך אליין קען זיי ניט צוריקהאלטען. מיין אדער איז שוואך, ניט ווען מען זאל שיסען אויף מיר, וועל איך זיין טויט, און דעמאלט

וועט זיך דער רייכער מענדעל רייס זיצען שבת ביים טיש, און וועט זיך אפּווישען פון מויל די ראָזינקע זופּ און וועט זיך גלעטען ביים בויך. און וועט אפשר זאָגען: דער לאַנגער נאָז־שטערן איז דאָך געווען א וואוילער יונג. און וואָלט ער ניט געווען אזא, וואָלטען זיי אויפגעבראכען דעם טויער. ער האָט זיך דאָך געלאָזט פאַר אונז שיסען צום טויט. יאָ ער איז געווען א וואוילער יונג. א שאָד וואָס ער איז טויט —

דאָס קול איז דאָ געוואָרען ביסלעכווייז וויינענדיג און ווייך, און פלוצלונג איז עס איבערגעגאנגען אין א האסטיגען כמעט פאַר־ביטערטען טאָן: — קוראזש! און כדי דער רייכער מענדעל רייס זאָל זיך קענען אפּווישען די ראָזינקע־זופּ פון מויל, און זיך גלעטען דעם בויך און מיך קענען רופען וואוילער יונג, זאָל איך מיך לאָזען דערשיסען צום טויט? קוראזש! מוטיג! דער קליינער שטרוים איז געווען מוטיג און האָט נעכטען זיך צוגעקוקט אויפ'ן „רוימער" צו דעם געפעכט, און האָט געמיינט אז מען קען איהם ניט, ווייל ער האָט געטראָגען א פיאָלעטען מאַנטעל פון סאַמעט, וואָס קאָסט דריי גולדען די אייל, באַציערט מיט פיקסענע עקלעך און אין גאַנצען אויסגעשטיקט מיט גאָלד און זעהר פּראַכטיג — און זיי האָבען איהם אזוי לאַנג געקלאָפּט דעם פיאָלעטענעם מאַנטעל, ביז עס איז אראָפּ פון איהם די פאַרב, און פיאָלעט איז גאָר געוואָרען זיין רו־קען, און ער זעהט שוין מעהר ניט אויס ווי קיין מענש. קוראזש! דער קרומער לייזער איז געווען מוטיג, און האָט אונזער לומפּיגען שולדהייס, אַנגערופען לומפּ, און זיי האָבען איהם אויפגעהאָנגען אויף די פיס, צווישען צוויי הינד, און האַנס דער פּויקער האָט גע־פּויקט. קוראזש! זיי ניט קיין האָז! צווישען א סך הינד איז דער האָז א פאַרלוירענער. איך בין איינער אליין. און האָב ווירקליך מורא.

— שווער זיך! — האָט יעקעל דער נאַר אויסגערופען.

— איך האָב ווירקליך מורא! — האָט זיפצענדיג איבערגע־חזר'ט נאָזשטערן — איך וויים, די מורא ליגט מיר אין בלוט און איך האָב זי בירושה פון מיין מאַמע עליה השלום.

— יאָ, יאָ! — האָט איהם איבערגעהאַקט יעקעל דער נאַר —

און דײַן מאַמע האָט עס געהאַט בירושה פֿון איהר טאַטען. און ער האָט עס געהאַט פֿון זײַן טאַטען און אַזוי האָבען עס דײַנע זײדעס גע'ירשה'ט אײנער פֿון אַנדערן, ביז צו דײַן עלטער־עלטער זײדען, װעלכער איז געגאַנגען מיט שאול המלך'ס חיל מלחמה האַלטען מיט די פּלשתים, און איז געװען דער ערשטער װאָס האָט געמאַכט פּליטה.—אָבער זעה נאַר נאַר, רינדסקעפּעל איז שױן באַלד פֿאַרטיג. ער האָט זיך שױן געבוקט צום פֿערטען מאָל, און איצטער שפּרינגט ער װי אַ פֿלױ בײַ דעם דרײַ מאָל „קדוש" און אַט נעמט ער זיך שױן פֿאַרזיכטיג צו דער קעשענע...

װירקליך. די שליסעל האָבען געראַשט. קרעכצענדיג האָט זיך געעפֿענט אײן פֿליגעל פֿון טױער, און דער רב מיט זײַן װײַב זענען אַרײַן אין דער אידישער גאַס װאו עס איז ניט געװען צו זעהן קײן מענשען. דער אױפֿשליסער אָבער, אַ קלײן מענשעל מיט אַ גוטמוטיג זױער פּנים, האָט אַ פֿאַר'חלומ'טער געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, װי אײנער, װאָס האָט ניט ליעב געשטערט צו װערען אין זײַנע געדאַנקען און נאָכדעם װי ער האָט דעם טױער צוריק זאָרגפֿעלטיג צוגעשלאָסען, האָט ער, ניט רעדענדיג קײן װאָרט, זיך צוגעשלעפּט צו אַ װינקעל הינטער דעם טױער, און נאָך אַלץ כסדר געמורמעלט פֿאַר זיך די תּפֿלות. יעקעל דער נאַר איז שױן געװען אַ קלענערער שװײַגער. אַ קלײנער און אַ פֿעסטער חברה־מאַן, מיט אַביסעל קרומע פּיס, מיט אַ לאַכענדיג פֿול און רױט פּנים און מיט אַן אומענשליכער גרױסער פֿלײשיגער האַנד, װאָס האָט אַרױסגעשטעקט פֿון די ברײטע אַרבעל פֿון זײַן פּיעלפֿאַרביגער יאַקע צום שלום עליכם. הינטער איהם האָט זיך באַװיזען, אָדער בעסער געזאָגט, האָט זיך באַהאַלטען אַ לאַנגע, מאָגערע געשטאַלט. דער שמאָלער האַלז, איז געװען װײַס באַפֿעדערט מיט אַ שענער באַטיסטענער קרױז, און זײַן דין, בלײך פּנים איז גאַר װאונדערליך באַציערט מיט אַ כמעט אומגלױבליכער לאַנגער נאָז, װאָס האָט זיך נײַגיעריג און שרעקענדיג באַװעגט אַהין און אַהער.

— שלום עליכם! גוט יום טוב! — האָט אױסגערופֿען יעקעל דער נאַר — װאונדערט אײַך ניט, װאָס די גאַס איז איצט אַזױ לײדיג און שטיל. װאָרים אונזערע אַלע מענשען זענען איצטער אין

שוהל, און איהר קומט גראַד אין דער רעכטער צייט, כדי צו קענען הערען ווי מען לייענט דאָרט די מעשה פון עקדת יצחק. איך קען זי. דאָס איז אַן אינטערעסאַנטע מעשה. און הגם איך האָב זי שוין ביז היינט געהערט דריי און דרייסיג מאָל, וואָלט איך זי היי־יאָהר אויך נאָך אַמאָל געוואָלט הערען. און דאָס איז אויך אַ וויכטיגע מעשה. וואָרים ווען אברהם וואָלט ווירקליך געווען געשאָכטען יצחק׳ן און נית דעם ציגענבאָק, וואָלטען היינט געווען אויף דער וועלט מעהר ציגענבעק און וועניגער אידען.״ — און מיט אַ משוגע׳נער לוס־טיגער האַוואַ־ע האָט יעקעל אָנגעהויבען צו זינגען דאָס פאָלגענדע ליעד פון דער הגדה:

„איין ציקעלע, איין ציקעלע, וואָס דער טאַטע האָט געקויפט פאַר צוויי גילדען. איין ציקעלע! איין ציקעלע!

„איז געקומען אַ קעצעלע און האָט אויפגעגעסען דאָס ציקעלע, וואָס דער טאַטע האָט געקויפט פאַר צוויי גילדען. איין ציקעלע! איין ציקעלע!

„איז געקומען אַ הינטעלע און געביסען דאָס קעצעלע, וואָס האָט אויפגעגעסען דאָס ציקעלע, וואָס דער טאַטע האָט געקויפט פאַר צוויי גילדען. איין ציקעלע! איין ציקעלע!

„איז געקומען אַ שטעקעלע און האָט געשלאָגען דאָס הינטעלע, וואָס האָט געביסען דאָס קעצעלע, וואָס האָט אויפגעגעסען דאָס ציקעלע, וואָס דער טאַטע האָט געקויפט פאַר צוויי גילדען. איין ציקעלע! איין ציקעלע!

„איז געקומען אַ פייערל און האָט פאַרברענט דאָס שטעקעלע, וואָס האָט געשלאָגען דאָס הינטעלע, וואָס האָט געביסען דאָס קעצעלע, וואָס האָט אויפגעגעסען דאָס ציקעלע, וואָס דער טאַטע האָט געקויפט פאַר צוויי גילדען. איין ציקעלע! איין ציקעלע!

איז געקומען אַ וואַסערל און אויסגעלאָשען דאָס פייערל, וואָס האָט פאַרברענט דאָס שטעקעלע, וואָס האָט געשלאָגען דאָס הינטעלע, וואָס האָט געביסען דאָס קעצעלע, וואָס האָט אויפגעגעסען דאָס ציקעלע, וואָס דער טאַטע האָט געקויפט פאַר צוויי גילדען. איין ציקעלע! איין ציקעלע!

„איז געקומען אן עקסעלע און האט אויסגעטרונקען דאס וואַ־סערל, וואס האט פארשלאשען דאס פייערל, וואס האט פארברענט דאס שטעקעלע, וואס האט געביסען דאס קעצעלע, וואס האט אויפ־געגעסען דאס ציקעלע, וואס דער טאטע האט געקויפט פאר צוויי גילדען. איין ציקעלע! איין ציקעלע!

„איז געקומען א שוחט'ל און געשאכטען דאס עקסעלע, וואס האט אויסגעטרונקען דאס וואסערל, וואס האט פארלאשען דאס פייערל, וואס האט פארברענט דאס שטעקעלע, וואס האט געשלאַ־גען דאס הינטעלע, וואס האט געביסען דאס קעצעלע, וואס האט אויפגעגעסען דאס ציקעלע, וואס דער טאטע האט געקויפט פאר צוויי גילדען. איין ציקעלע! איין ציקעלע!

„איז געקומען דער מלאך המות'ל און האט געשאכטען דאס שוחט'ל, וואס האט געשאכטען דאס עקסעלע, וואס האט אויסגע־טרונקען דאס וואסערל, וואס האט פארלאשען דאס פייערל, וואס האט פארברענט דאס שטעקעלע, וואס האט געשלאגען דאס הינטעלע, וואס האט געביסען דאס קעצעלע, וואס האט אויפגע־געסען דאס ציקעלע, וואס דער טאטע האט געקויפט פאר צוויי גילדען. איין ציקעלע! איין ציקעלע!

— יא, שענע פרוי — האט צוגעגעבען דער זינגער — עס וועט אמאל קומען דער טאג, ווען דער מלאך המות וועט שעכטען דעם שוחט, און אונזער גאנץ בלוט וועט פאלען אויף אדום; ווארים גאט איז אן אל נקמות. — — —

אבער פלוצלינג פארטרייבענדיג דעם ערענסט, וואס איז איהם ניט ווילענדיג באפאלען, האט זיך יעקעל דער נאר ווידער צולאזט מיט זיינע ליצנות, און האט ווייטער גערעדט מיט זיין שנארכענדיגען טאן פון א לץ: — האט נאר קיין מורא ניט, שענע פרוי. נאזשטערן וועט אייך קיין שלעכטס ניט טאן. געפעהרליך איז ער נאר פאר דער אלטער שנאפער־עלע. זי האט זיך פארליעבט אין זיין נאז, אבער די נאז האט עס אויך כשר פארדיענט. זי איז שען ווי דער טורעם, וואס קוקט ארויס אויף דמשק, און איז ער־האבען ווי די צעדערן פון דעם לבנון. אויסענווענינג גלאנצט זי ווי גינגאלד און סירופ. און אינווייניג איז זי פול מיט מוזיק און

ליעבשאפט. זומער בליהט זי און ווינטער איז זי אביסעל צוגעפרוי־רען — און סאי זומער, סאי ווינטער ווערט זי געלאשטשעט פון שנאפער־עלע׳ס ווייסע הענד. יא, די שנאפער־עלע איז פארליעבט אין איהם. נאריש פארליעבט. זי היט איהם, קארמעט איהם, און אזוי שנעל ווי ער וועט זיין געזונג פעט, וועט זי מיט איהם חתונה האבען. און פאר איהרע יאהרען איז זי נאך יונג גענוג. און ווער עס וועט אמאל אין דריי הונדערט יאהר ארום קומען אהער קיין פראנק־פורט, וועט ניט קענען זעהן דעם הימעל, ווייל אזוי פיעל נאז־שטערנס וועלען דעמאלט זיין דא.

— איהר זענט יעקעל דער נאר! — האט אויסגערופען דער רב לאכענדיג. איך דערקען דאס פון אייערע רייד. איך האב א סך געהערט וועגען אייך.

— יא, יא — האט דער נאר געענטפערט מיט א געמאכטער עניות. — יא, יא, אזוי איז, אז מען איז באריהמט. אפטמאל איז מען ווייט און ברייט באקאנט פאר א גרעסערן נאר, ווי מען ווייס דאס אליין. דאך איך גיב מיר פיעל מיה, צו זיין א נאר. און איך שפרינג און שאקעל זיך, כדי די גלעקלעך זאלען קלינגען. אנדערע קומט עס אן לייכטער... נאר זאגט מיר, רבי, פארוואס פאהרט איהר אים יום טוב?

— מיין היתר — האט דער רב געענטפערט — שטעהט אין תלמוד, און דאס הייסט: פקוח־נפש דוחה שבת!"

— פקוח־נפש! — האט פלוצלונג אויסגערופען דער לאנגער נאזשטערן, און זיך געהאלטען ווי ער וואלט געוועזן אין איין טויט־שרעק — פקוח־נפש! פקוח־נפש! האנס פויקער! פויקער! פקוח־נפש! פקוח־נפש! האנס פויקער!

פון דרויסען אבער האט האנס דער פויקער אויסגערופען מיט זיין גראבער ביער שטים: — טויזענד דאנער וועטער! דער טייוועל זאל נעמען די אידען! שוין דאס דריטע מאל, ווי דו וועקסט מיך היינט אויף פון שלאף, נאזשטערן. ברענג מיך ניט אין כעס אריין. ווארים ווען איך ווער אין כעס בין איך דער טייוועל אליין, און דאן, אזוי וואהר ווי איך בין א קריסט, דאן שיס

איך מיט דער ביקס דורך דעם פארגראטעטעטן לאך פון טויער, און דאן זאל יעדער היטען זיין נאז!

— שים ניט! שים ניט! איך בין איינער אליין. — האט מיט שרעק זיך געבעטען נאז־שטערן און האט פעסט צוגעדריקט זיין פנים צו דער מויער. און אזוי איז ער געבליבען שטעהן א ציטער־דיגער און געבעטען שטילערהייד.

— זאגט, זאגט, וואס איז געשעהן? — האט איצטער אויך אויסגערופען יעקעל דער נאר, מיט זיין גאנצער שטארקער נייגיע־ריקייט, וואס איז שוין דעמאלט געווען די אייגענשאפט פון די פראנקפורטער אידען.

דער רב אבער האט זיך פון איהם אויסגעריסען און איז מיט זיין ווייב געגאנגען ווייטער ארויף מיט דער אידישער גאס.

— זעה, שענע שרה, — האט ער געזאגט זיפצענדיג — ווי שלעכט ישראל איז באשיצט. פון דרויסען היטען זיינע טויערען פאלשע פריינד און אינוועניג זענען זיינע היטער נארישקייט און שרעק!

פאמעליך זענען זיי ביידע געגאנגען דורך דער לאנגער, ליידי־גער גאס, וואו עס האט נאר דא און דארט ארויסגעקוקט פון א פענסטער א בליהענדיגער מיידעלשער קאפ, און די זון האט זיך אפגעשפיגעלט אין די בלאקענדיגע שויבען יום טוב'דיג פרעהליך. ווארים דעמאלט זענען נאך די הייזער פון אידישען קווארטאל געווען ניי און נעט און אויך נידעריגער ווי היינט. און נאר ערשט שפעטער־צו ווען די אידען האבען זיך שטארק פארמעהרט, און האר בען דאך ניט געקענט ברייטער מאכען זייער קווארטאל, האבען זיי געמוזט בסדר בויען איין שטאק איבער'ן צווייטען. און האבען זיך צונויפגעדריקט ווי סארדינעס אין א שאכטעל, און זענען דורך דעם געווארען פארקריפעלט ביים לייב און ביי דער נשמה. יענער טייל פון אידישען קווארטאל, וואס איז געבליבען שטעהן נאך דער גרויסער שרפה, און וועלכע מען רופט די „אלטע גאס", יענע הויכע, שווארצע הייזער, וואו עס שאכערט און מאכערט א פאר־קרומט, פייכט פאלק, איז א שווידערליכע מצבה פון דעם מיטעל־אלטער. די עלטערע שוהל עקזיסטירט ניט מעהר. זי איז ניט גע־

ווען אזוי געראם ווי די היינטיגע, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרען ערשט שפּעטער, נאָכדעם ווי צו דער דאָרטיגער קהלה זענען נאָך צוגעקומען די אידען, וואָס מען האָט ארויסגעטריבען פון נירענבערג. יענע שוהל איז געלעגען מעהרער צו צפון. דער רב האָט זיך ניט געדאַרפט ערשט אָנפרעגען צו איהר. שוין פון דערווייטענס האָט ער דערהערט די פיעלע פארמישטע און זעהר הויכע קולות, וואָס האָבען זיך געטראָגען פון דאָרטען. אין שול־הויף האָט ער זיך צושיידט מיט זיין ווייב. און נאָכדעם ווי ער האָט געוואָשען זיינע הענד ביים ברונים, וואָס איז דאָרט געשטאַנען, איז ער אריינגעגאנגען אין יענעם אונטערשטען טייל פון דער שוהל, וואו די מאנסלייט האָבען געדאַווענט; די שענע שרה האָט פארקעהרט באַדאַרפט ארויפגעהן אויף טרעפּ און איז ארויפגעקומען אויבען אין דער ווייבערשער שוהל.

אָט די אויבערשטע אָבטיילונג איז געווען א מין גאַלעריע מיט דריי רייהען הילצערנע, ברוין־רויט אָנגעפארבטע בענק, וואָס זייערע אָנלעהנס זענען פון אויבען געווען פארזאָרגט מיט א הילצערן ברעט, וועלכעס מען האָט געקענט זעהר באקוועם אויפמאכען, כדי דארויף ארויפצולעגען דעם סדור. די ווייבער זענען דאָ געזעסען איינע לעבען דער אנדערער און האָבען געפּלוידערט, אדער זענען געשטאַנען גלייכע און האָבען שטיל און פרום געדאַווענט. טיילמאָל זענען זיי אויך נייגעריג צוגעגאנגען צו די גרויסע גראַטעס, וואָס האָבען זיך געצויגען איבער דער גאנצער לענג פון דער מזרח־וואנט, און דורך די דינע גרינע פאָרהאנגען, וואָס האָבען דאָרט געהאנגען, האָבען זיי געקענט ארונטערקוקען אין דער אונטערשטער אָפּטיילונג פון דער שוהל. דאָרט אונטען, זענען הינטער הויכע שטענדערס געשטאַנען די מענער אין זייערע שווארצע מאַנטלען. די שפּיציגע בערד האָבען אראָפּגעהאנגען איבער די ווייסע האלז־קרויזען און די פלאך־באדעקטע קעפּ, זענען געווען מעהר אָדער ווייניגער איינגעהילט מיט א טלית, וואָס איז געווען פון זייד אָדער וואָל. אנדערע פון זיי האָבען אויך געהאט גאָלדענע עטרות. די ווענד פון דער שוהל זענען געווען גאנץ איינפאך געווייסט, און מען האָט דאָרט ניט געזעהן קיין אנדערע פאר־

ציערונג, א חוץ די פארגילדטע אייזערנע גראטעס, ארום דער פיער־עקיגער בימה, אויף וועלכער מען האט געלייענט די סדרה אין דער תורה; און דער ארון קודש, א טייער אויסגעארבייטער קאסטען, וואס האט אויסגעזעהן, ווי ער וואלט געשטאנען אויף מארמארענע זיילען מיט רייכע קאפיטעלען, וואס זייערע בלומען און בלעטער האבען זעהר שען זיך ארויסגעבויגען, און איז געווען באדעקט מיט א פרוכת פון קארנבלויען סאמעט, אויף וועלכען עס איז גע־ווען אויסגעשטריקט מיט גאלדענע פליטערלעך, פערל און בונטע שטיינער, א היילינע אויפשריפט. דארט דערנעבען האט געהאנגען א זילבערנער נר תמיד און דארטען האט זיך אויפגעהויבען א צוויי־טע בימה, ארומגערינגעלט מיט גראטעס. און אויף אט דער בימה האבען זיך געפונען אלערליי היילינע כלים, צווישען זיי אויך די מנורה מיט זיעבען רעהרען און פאר דער מנורה איז געשטאנען מיט'ן פנים צום ארון קודש דער חזן, וואס זיין געזאנג איז באַ־לייט געווארען ווי פון אן אינסטרומענט פון זיינע צוויי משוררים, א באס און א דיסקאנט. ווארים די אידען האבען פון דער שוהל ארויסגעווארפען יעדעס ווירקליכע אינסטרומענטאלע מוזיק, ווייל דער לויב צו גאט געהט בעסער ארויס פון א ווארימער מענשליכער ברוסט ווי פון די קאלטע רעהרען פון אן ארגעל. אמת קינדערש האט זיך די שענע שרה געפרעהט, ווען דער חזן, אן אויסגעצייכענטער טענאר, האט איצטער אויפגעהויבען זיין קול, און די אור־אלטע, ערענסטע מעלאדיען, וועלכע זי האט אזוי גוט געקענט האבען אויפגעבליהט אין א זעהר יונגער ליעבליכקייט, ווי זי האט דאס נאך קיינמאל ניט געהערט, אין דער צייט וואס דער באס האט פארקעהרט ארייגגעברומט די טיעפע, טונקעלע טענער און אין די צווישען פויזען האט פיין און זים געטרילערט דער דיס־קאנט. אזא זינגען האט די שענע שרה אין דער באכאראכער שוהל קיינמאל ניט געהערט. ווארים דארטען איז דער שליח צבור געווען דער ראש־הקהל דוד לעווי. און ווען אט דער אלטער ציטערדי־גער מאן האט מיט זיין צוברעקעלטער שוואכער שטים, געוואלט זינגען ווי א יונג מיידעלע, און ער האט ביי דער דאזיגער געוואל־דיגער אנשטרענגונג גענומען פיבערהאפט שאקלען מיט דער שוואך־

אַראָפּהענגענדיגער האַנד, דעמאָלט פלעגט דאָס גיכער רייצען צום לאַכען, איידער צו בעטען.

א פּרומער באַגעהר, געמישט מיט ווייבערשער נייגעריקייט, האָט צוגעצויגען די שענע שרה צו די גראַטעס, וואו זי האָט גע־קענט אַרונטערקוקען אין דער אונטערשטער אַפּטיילונג, אין דער מענערשער שוהל אריין. קיינמאָל פריהער האָט זי נאָך ניט געהאַט געזעהן אַזאַ גרויסע צאָהל אידען ווי זי האָט געזעהן דאָרטען, און אויפ'ן האַרצען איז עס איהר געוואָרען נאָך בעסער, ווען זי האָט זיך געפיהלט צווישען אַזוי פיעל מענשען, וואָס זענען אַלע איהרע קרובים, ווייל אַלע שטאַמען זיי אַרויס פון דעמזעלביגען פאָלק, אַלע דענקען זיי גלייך און לײדען גלייך. אבער נאָך גרעהרעטער איז געוואָרען די נשמה פון דער פרוי, ווען דריי אַלטע זקנים זענען מיט יראת הכבוד צוגעגאַנגען צום ארון קודש, האָבען אָפּגערוקט אין א זייט דעם גלאַנצענדיגען פּרוכת, האָבען אויפגעשלאָסען דעם ארון, און פאַרזיכטיג אַרויסגענומען יענעם ספר, וואָס גאָט האָט אַליין אָנגעשריעבען מיט זיין אייגענער הייליגער האַנד, און וואָס פאַר'ן אָבהיטען דאָס וואָס אין איהם שטעהט געשריעבען, זענען די אי־דען אויסגעשטאַנען אַזוי פיעל צרות און שנאה, שאַנד און טויט, א טויזענד יעהריגען מאַרטירערטום. אַט די גרויסע ספר תורה איז ווי א פּירשטליך קינד געווען איינגעהילט אין א בונט־געשטיקטען מענטעלע פון רויטען סאַמעט; אויבען אויף ביי־דע עץ־החיים'ס האָבען געשטעקט צוויי זילבערנע קרוינען, אויף וועלכע עס האָבען זיך ציערליך באַוועגט אַלערליי גראַנאַטען און גלעקלעך און האָבען געקלונגען. און פון פאַרענט האָט אויף א זילבערן קייטעלע געהאָנגען א גילדערנער ציץ, מיט בונטע עדעל־שטיינער. דער חזן האָט גענומען דאָס ספר תורה, און פונקט אַזוי ווי עס וואָלט געווען אַן אמת'דיג קינד, — א קינד, וואָס צוליעב איהם איז מען אויסגעשטאַנען א סך צרות, און וועמען מען האָט דערפאַר נאָך ליעבער, — האָט ער עס געוויגט אין זיינע אָרעמס, האָט דערמיט געטענצעלט אַהין און אַהער, האָט עס צוגעדריקט צו זיין ברוסט, און ציטערדיג פון אַט דער באַריהרונג, האָט ער אויפגע־הויבען זיין קול צו זינגען א פרעהליך־פרום דאַנק־ליעד. אזוי, אז

דער שענער שרה'ן האט זיך געדאכט, ווי די זיילען פון ארון קודש וואלטען אנגעהויבען צו בליהען, און די וואונדערבארע בלומען און בלעטער פון די קאפיטעלען וואלטען אויסגעוואקסען אלץ העכער און העכער, און די טענער פון דיסקאנט זענען פארוואנדעלט געוואָרען אין לויטער נאכטיגאלען און ווי דער באלקען פון דער שוהל וואלט זיך געשפאלטען דורך די שטארקע טענער פון באס, און ווי גאט'ס פרייד וואלט אראפגעשטרעמט פון בלויען הימעל. דאס איז געווען א שען קאפיטעל תהלים. דער עולם האט אין א כאר איבערגעזאגט די לעצטע פסוקים און דער חזן איז מיט דעם ספר תורה פאמעליך צוגעגאנגען צו דער בימה אין מיטען שוהל. און מענער און קינדער האבען זיך געשטופט כדי צו קושען דאס מענטעלע פון דעם ספר תורה, אדער כאטש עס צו באריהרען מיט דער האנד. אויף דער דאזיגער בימה האט מען פון דעם ספר־תורה ארונטערגעצויגען דאס סאמעטענע מענטעלע, און אויך דאס מיט בונטע אותיות באשריעבענע גארטעלע, מיט וועלכען דאס ספר תורה איז געווען ארומגעוויקעלט, און פון דעם אפענעם ספר תורה האט דער חזן געלייענט מיט יענעם זינגענדיגען ניגון, וואס אים פסח ווערט ער גאר באזונדערס אויסגעדרעדעלט, די פרומע מעשה פון אברהם אבינו'ס גרויסען נסיון.

די שענע שרה איז עניוות'דיג אוועק פון די גראטעס, און א ברייטע אויסגעפוצטע פרוי פון די מיטעלע יאהרען און וועלכע האט אויסגעזעהן צו זיין זעהר א גוטע, האט מיט א שטומען שאקעל פון קאפ, איהר ערלויבט אריינצוקוקען מיט איהר אין איינעם אין איהר סדור. די דאזיגע פרוי, איז ווי עס ווייזט אויס, ניט געווען קיין גרויסע למדנות; ווארים בשעת זי האט פאר זיך געמורמעלט די תפלות, ווי אלע ווייבער, וואס דארפען ניט דאווגען הויך אויפ'ן קול, האט די שענע שרה באמערקט, אז זי האט א סך ווערטער ארויסגערעדט מיט גרייזען און ניט איין שורה האט זי אין גאנצען איבערגעהיפט. אין א קורצער ווייל ארום אבער האבען זיך די וואסערדיג קלאהרע אויגען פון דער פרוי, אויפגעהויבען שמאכטענדיג פאמעליך, א פלאך שמייכעלע האט זיך פארצויגען איבער דעם פארצעלאיענעם רויטען און ווייסען פנים, און מיט א טאן, וואס

האָט זיך געוואָלט ארויסווייזען, וואָס אריסטאָקראַטישער, האָט זי געזאָגט צו דער שענער שרה: — ער זינגט זעהר גוט. אבער אין האָלאַנד האָב איך דאָך געהערט נאָך פיעל בעסער זינגען. איהר זענט א פּרעמדע. און איהר ווייסט אפשר ניט, אַז דער חזן קומט פון וואָרמס, און אַז מען וויל איהם דאָ אויפנעמען, אויב ער וועט נאָר זיין צופריעדען מיט א יעהרליכען געהאַלט פון פיער הונ־דערט גולדען. ער איז א ליעבער מענש. און זיינע הענד זענען ווי אַלבאַסטער. איך האַלט זעהר פיעל פון שענע הענד. א שענע האַנד ציערט דעם גאַנצען מענשען! — דערביי האָט די גוטע פרוי זאַרגפעלטיג ארויפגעלעגט איהר האַנד, וואָס איז ווירקליך נאָך געווען שען — אויף דעם אַנלעהן פון שטענדער, און אַנווייזענדיג מיט א גראַציעזער באַוועגונג פון קאָפּ, אַז זי האָט ניט ליעב, מען זאָל איהר איבעררהאַקען אין מיטען רעדען האָט זי ווייטער געזאָגט: — דאָס משורר'ל איז נאָך גאָר א קינד און זעהט אויס זעהר אָפּ־געצעהרט. דער באָס ווידער איז צו מיאוס, און אונזער שטערן האָט אמאָל געזאָגט וועגען איהם זעהר וויציג: „דער באָס איז נאָך א גרעסערער נאַר ווי מען קען דאָס פאַרלאַנגען פון א באָס!“ אַלע דריי עסען ביי מיר אין גאָרקיך. און איהר ווייסט אפשר ניט, אַז איך בין עלע שנאַפּער.

די שענע שרה האָט געדאַנקט פאַר דער דאָזיגער מיטהיי־לונג. דערפאַר האָט איהר די שנאַפּער עלע ווידער אויספיהרליך דערצעהלט, ווי זי איז אמאָל געווען אין אמסטערדאַם. און אַז דאָרטען האָט מען זיך צו איהר געטשעפּעט צוליעב איהר שענקייט, און ווי אַזוי זי איז דריי טעג פאַר שבועות געקומען קיין פראַנק־פורט, און חתונה געהאַט מיט שנאַפּער'ן, ווי שנאַפּער איז ענדליך געשטאָרבען, ווי ער האָט אויפ'ן טויטענבעט גערעדט די ריהר־רענדסטע זאַכען, און ווי שווער עס איז צו האַלטען שען די הענד, ווען מען איז א באַלעבאָסטע פון א גאָרקיך. וויילענווייז האָט זי געוואָרפען א בליק פול מיט פאַראַכטונג אַן א זייט, וועלכער האָט וואַהרשיינליך געגאָלטען פאַר עטליכע יונגע שפּאָטישע ווייבער, וואָס האָבען בעקוקט איהרע קליידער. די דאָזיגע קליידער זענען ווירקליך געווען מערקווירדיגע; א ברייטער צולאָזטער מאַנטעל פון

ווייסען אטלאס, אויף וועלכען עס זענען געווען אויסגעשטיקט מיט שרייענדיגע פארבען אלערליי חיות פון נח'ס תיבה; א וואמס פון גאלד־שטאף ווי א קיראס; די ארבעל פון רויטען סאמעט, מיט געלע שפאלטען; אויף'ן קאפ א גיט מענשליך הויכע הויב; ארום דעם האלז אן אלמעכטיגע קרויז פון ווייס שטייפע לייווענד און אויף א זילבערנע קייט, וואס האט אראפגעהאנגען ביז איבער דעם בוזים, און אויף וועלכער עס האבען געהאנגען אלערליי מטבעות, קמיעות און זעלטענע זאכען, צווישען זיי אויך א גרוים בילד פון דער שטאדט אמסטערדאם. נאר די קליידער פון די איבעריגע פרוי־ען זענען געווען גיט וועניגער מערקווירדיג, און איז באשטאנען פון א געמיש פון מאדעס פון פארשיעדענע צייטען. און ניט איין ווייבעל איז געווען באדעקט מיט גאלד און דימענטען אזוי, אז זי האט אויסגעזעהן ווי א געהענדיגע יואוועליר קראם. אמת, די פראנקפורטער אידען האבען דעמאלט לויט'ן געזעץ געמוזט טראָ־גען א באשטימטע טראכט. און כדי מען זאל זיי קענען אונטער־שיידען פון קריסטען, האבען די מענער געמוזט טראגען אויף די מאנטלען געלע לאטעס, און די פרויען האבען געמוזט אויף זייערע הויבען טראגען הויך אויפגעהויבענע שלייערס מיט בלויע פאסען. דאך אין אידישען קווארטאל האט מען גאנץ ווייניג געקוקט אויף דעם דאזיגען געזעץ. באזונדערס אין די יום טובים און דאס גאר אין שוהל האבען זיך ווייבלעך געפלייסט ארויסצואווייזען וואס מעהר קליידער און וואס מעהר ציערונג, אביסעל כדי מען זאל זיי מקנא זיין, און אביסעל אויך צו ווייזען, אז זייערע מענער זענען רייך, כדי דערמיט צו פארשטארקען זייער קרעדיט.

און בשעת מען פלעגט אונטען אין שוהל לייענען אין דעם ספר תורה, פלעגט דארטען די פרומקייט זיך אביסעל אפלאזען. א טייל פלעגען זיך דאן מאכען באקוועם און זיך צוזעצען. אמאל פלעגען זיי אויך כאפען א שמועס מיט דעם שכן וועגען וועלטליכע ענינים. אדער אז ניט פלעגט מען גאר ארויסגעהן אויפ'ן הויף כדי צו שע־פען אביסעל פרישע לופט. קליינע אינגלעך בעמען זיך דערווייל די פרייהייט צו באזוכען זייערע מאמעס אין דער ווייבערשער שוהל, און דא איז די פרומקייט נאך פיעל שוואכער געווארען. דא פלוי־

דערט מען, מען רווישט און מען לאכט. און ווי עס קומט פאר אומע־
טום, מאכען די אינגערע ווייבלעך חוזק פון די עלטערע. און די
עלטערע קלאגען זיך, אז די יוגענד איז לייכטזיניג און אז די צייי־
טען ווערען ערגער און ערגער. און פונקט אזוי ווי אונטען אין דער
פראנקפורטער שוהל איז געווען א חזן, איז אין דער אויבערשטער
אפטיילונג אויך געווען א הויפט רעדערקע. דאס איז געווען היג־
דעלע רייס. א פלאטשיגע פארגרינטע פרוי, וואס האט געהאלטען
אין איין בארעדען און האט שטענדיג געהאט אויפ'ן צונג א ניי
סקאנדאליעז מעשה'לע. דאס ציעל־ברעט פון איהר שפיציגען
צינגעל פלעגט אלעמאל זיין די ארימע שנאפער־עלע. זי האט געקענט
זעהר קאמיש נאכמאכען די פארנעהמע מינעס, וואס די שנאפער
עלע האט זיך געצוואונגען צו מאכען, און זי האט אויך געקענט נאכ־
מאכען דעם שמאכטענדיגען אויסדרוק, מיט וועלכען זי האט אויפ־
גענומען די ליצנות פון דעם יונגווארג.

— איהר ווייסט — האט הינדעלע רייס זיך איצט אפגערופען
— די שנאפער־עלע האט נעכטען געזאגט: ווען איך זאל ניט זיין
שען און קלוג און געליעבט, וואלט איך בעסער גאר ניט וועלען
לעבען אויף דער וועלט!

דא האט זיך דערהערט א געלעכטער. און ווען די שנאפער־
עלע, וואס איז געשטאנען ניט ווייט, האט באמערקט, אז דאס
לאכט מען פון איהר, האט זי אויפגעהויבען איהרע אויגען פול
מיט פאראכטונג, און ווי א שטאלצע פרעכטיגע שיף האט זי אפ־
געזעגעלט צו א ווייטערן פלאץ. פייגעלע אקס, א קיילעכדיגע און
אביסעל אן אומגעלומפערטע פרוי, האט באמערקט מיט רחמנות, אז
אמת די שנאפער־עלע איז א גרויס האלטערקע און איז באשרענקט,
אבער פאר דאס איז זי זעהר א בראווע פרוי און זי טוט זעהר
פיעל גוטס פאר נויטבאדארפטיגע מענשען.

— באזונדערס פאר נאז־שטערן — האט אריינגעזאגט הינ־
דעלע רייס, און אלע וואס האבען געוואוסט וועגען דעם דאזיגען
צארטען פארהעלטעניש, האבען זיך צולאכט נאך העכער.

— איהר ווייסט — האט הינדעלע גיפטיג ווייטער גערעדט —
נאזשטערן שלאפט דאך שוין איצטער אין שנאפער־עלעס הויז...

אבער זעהט נאר, ווי זיסעלע פלערסהיים טראגט דארט אונטען די האלז־קייט, וואס דניאל פלעש האט פארזעצט ביי איהר מאן. דער פלעש קרענקט דאס... אט רעדט זי איצטער מיט דער פלערסהיים... זעהט ווי פריינדליך זיי דריקען זיך די הענד! און זיי האבען זיך דאך אזוי פיינד ווי מדין און מואב. זעהט ווי ליעבליך זיי שמייכלען איינע צו דער צווייטער! פרעסט אייך נאר ניט אויף פאר גרויס צערטליכקייט! איך מוז זיך געהן איינהערען דעם שמועס.

און ווי א לויערענדיגע חיה האט זיך הינדעלע צוגעשארט שטילערהייד און זיך אונטערגעהערט, ווי דיביידע פרויען האבען זיך געקלאגט איינע פאר דער צווייטער, ווי שווער זיי האבען געארבייט אין דער פארגאנגענער וואך, כדי אויפצוראמען זייערע הייזער, און צו שייערן די כלים פון קיך. אן ארבייט וואס מוז געטאן ווערען פאר פסח, כדי עס זאל חלילה ניט בלייבען צוגעקלעפט אויף זיי קיין ברעקעלע חמץ. די ביידע פרויען האבען אויך גערעדט וועגען די גרויסע שווערקייטען ביים באקען די מצות. די פלעש האט זיך נאך געהאט צו באקלאגען אויף גאר עקסטרא ערגערנישען. אין דער בעקעריי פון דער קהלה האט זי געהאט אויסצושטעהן א סך צרות, ווייל לויט דעם גורל, וואס איז אויסגעפאלען אויף איהר, האט זי דארט געקענט צוקומען צום באקען אין די גאר לעצטע טעג, ערשט ערב יום טוב, און דאס ערשט שפעט נאכמיטאג. די אלטע חנה האט געקנאטען זעהר שלעכט דאס טייג, די מיידלעך האבען מיט זייערע וואלגער־העלצער געוואלגערט דאס טייג צו דין, א העלפט פון די מצות איז פארברענט געווארען אין אויווען און א חוץ דעם האט אזוי שטארק גערעגענט, אז עס האט כסדר אריינגעטריפט דורך דעם ברעטערנעם דאך פון דער בעקעריי, און זיי האבען זיך דארטען געמוזט, נאסע און מיעדע, אנארבייטען ביז שפעט אין דער נאכט אריין.

— אין דעריין ליבע פלערסהייט — האט די פלעש צוגעגעבען מיט א שוינענדער פריינדליכקייט, וואס איז בשום אופן ניט געוועזן קיין אמת'ע — דעריין זענט איהר אויך אביסעל שולדיג געוועזן, ווייל איהר האט מיר ניט געשיקט אייערע מענשען, זיי זאלען מיר צוהעלפען ביים באקען.

— אַך, איהר מוזט מיר מוחל זיין — האָט די אַנדערע גע־ענטפערט — מיינע מענשען זענען געווען אַזוי באַשעפטיגט. מען האָט געמוזט פאַרפאַקען די סחורות פונ׳ם יאַריד. מיר האָבען איצט אַזוי פיעל צו טאָן! מיין מאַן...

— איך וויים — איז די פלעש איהר אַריינגעפאַלען אין די רייד מיט אַ שניידענדיג האַסטיגען טאָן — איך וויים איהר האָט אַ סך צו טאָן. אַ סך משכנות, און גוטע געשעפטען און האַלז קייטען...

שוין האָט עס געהאַלטען דערביי, אַז אַ גיפטיג וואָרט זאָל זיך אַראָפּגליטשען פון איהרע ליפּען, און די פלערסהיים איז שוין געווען רויט ווי אַ קרעבס. אָבער פּלוצלינג האָט הינדעלע רייס אַ געשריי געטאָן הויך אויפ׳ן קול: — אום גאָטעס ווילען, די פרעמ־דע פרוי ליגט און שטאַרבט... וואַסער! וואַסער!

די שענע שרה איז געלעגען אין חלשות, בלאַס ווי דער טויט, און אַרום איהר האָבען זיך געשטופּט אַ מחנה ווייבער, פאַרהאַוועט און יאָמערענדיג. איינע האָט איהר געהאַלטען דעם קאָפּ, אַ צווייטע — דעם אָרעם; עטליכע אַלטע ווייבער האָבען זי באַשפּריצט מיט די וואַסער־גלעזער, וואָס זענען געהאַנגען אונטער זייערע שטענ־דערס, כדי עס זאָל זיין מיט וואָס זיך צו וואַשען די הענד, טאָמיר וועלען זיי זיך צופעליג אָנריהרען דאָס לייב מיט זייערע אייגע־נע הענד. אַנדערע האָבען אונטער דער נאָז פון דער גע׳חלש׳טער געהאַלטען אַן אַלטע ציטרין, וואָס איז געווען דורכגעשטאָכען מיט געווירץ־נעגעלעך, און וועלכע איז נאָך פאַרבליבען פון דעם לעצ־טען תענית, ווען מען האָט איהם פון געשמעקט, כדי צו שטאַרקען די נערוועז. פאַרמאַטערט און טיעף זיפצענדיג האָט די שענע שרה ענדליך געעפענט די אויגען, און מיט שטומע בליקען האָט זי געדאַנקט פאַר דער גוטסקייט, וואָס מען האָט איהר אַרויסגעוויזען. דערוויילע האָט מען זיך אונטען געשטעלט שמונה עשרה, וואָס קיי־נער טאָר ניט פאַרפעהלען, און די באַשעפטיגטע ווייבער האָבען זיך געאיילט צו זייערע פּלעצער, און האָבען פאַריכט דאָס געבעט, ווי דער דין איז, שטעהענדיג מיט׳ן פּנים צום מזרח, וואו עס ליגט ירושלים. פייגעלע אָקס, שנאַפּער־עלע און הינדעלע רייס זענען צום לענגסטען געבליבען שטעהן לעבען דער שענער שרה; די ערשטע

צווײ האָבען מיט אַלע זײערע כחות געוואָלט איהר באַהילפיג זײן, די דריטע אָבער האָט זיך בײ איהר נאָכאַמאָל נאָכגעפרעגט פאַרוואָס זי איז פּלוצלינג געפאַלען אין חלשות.

נאָר די שענע שרה איז געפאַלען אין חלשות צוליעב אַ גאָר באַזונדערע סבה. וואָרים עס איז אַ מנהג אין שוהל, אַז יעדער וואָס איז ניצול געוואָרען פון אַ גרויסער סכנה, דאַרף נאָך קריאת התורה ארויפגעהן אויפ׳ן באַלעמער און בענשען גומל. ווען ר׳ אברהם האָט אונטען אין שוהל זיך אויפגעהויבען צום גומל בענשען, און די שענע שרה האָט דערקענט איהר מאַנ׳ס קול, האָט זי באַמערקט ווי דער טאָן פון זײן שטים איז ביסלעכווײז איבערגעגאַנגען אין דעם טריבען געמורמעל פון דעם אל מלא רחמים־ניגון. זי האָט געהערט ווי ער האָט ארויסגערעדט די נעמען פון איהרע ליעבע און קרובים, און יעדער נאָמען איז געווען באַלייט מיט יענע בענשענדיגע בײ־ווערטער, וואָס מען זאָגט נאָר נאָך אַ טויטען; און די לעצטע האָפענונג איז פאַרשוואונדען געוואָרען פון דער שענער שרה׳ס הארץ, און איהר נשמה איז צוריסען געוואָרען פון דער זיכערקײט, אַז איהרע ליעבע און קרובים זענען ווירקליך אויסגעה׳רג׳עט געוואָרען, אַז איהר קלײנע פלימעניצע איז טויט; און אַז אויך איהר באַשעלע, בלימעלע און פײגעלע זענען טויט; אויך דער קלײנער גאַטשאַלק איז טויט. אַלע זענען דער׳הרג׳עט און טויט! פון דעם שמערץ פון אָט דעם באַוואוסטזײן האָט זי אַלײן אויך שיער געקענט שטאַרבען, ווען זי וואָלט ניט ארײנ־געפאַלען אין חלשות, וועלכער האָט זיך צוגאָסען ווי אַ וואויל־טהאָט איבער איהרע חושים.

# קאפיטעל III.

ווען די שענע שרה איז נאכ'ן דאווגען אראפגעגאנגען אין שוהל־הויף, איז שוין דארטען געשטאנען דער רב, און געווארט אויף זיין ווייב. ער האט צו איהר א שאקעל געטאן מיט א פרעהליך פנים, און ער האט זי ארויסבאלייט אויף דער גאס, וואו די פריהערדיגע שטילקייט איז שוין געהאט אין גאנצען פארשוואונדען, און מען האט געזעהען א רוישענדיגע מחנה מיט מענשען. מענער מיט בערד און שווארצע מאנטלען, ווי הויפענס מוראשקעס; ווייבער פלאטערענדיג אין רייכען גלאנץ ווי גאלדענע פליגעלעך; אינגלעך, אין נייע קליידער, וואס האבען נאכגעטראגען די אלטע מחזורים, יונגע מיידלעך, וועלכע דארפען ניט געהן אין שוהל אריין, האבען איצטער פון די הייזער אקעגען געשפרונגען אקעגען זייערע עלטערן, און אנגעבויגען פאר זיי זייערע לאקיגע קעפלעך, כדי צו באקומען א ברכה. — אלע זענען געווען לוסטיג און פרעהליך, און האבען שפאציערט אין גאס אויף און אפ און האבען אין פאראויס שוין הנאה געהאט פון דעם גוטען מאלצייט, וועמענס געשמאקער ריח, וואס האט אנגעפילט דאס מויל מיט וואסער, האט זיך שוין געלאזט הערען פון די שווארצע מיט קרייד באצייכענטע טעפ, וועלכע די לאכענדיגע דיענסט־מיידלעך האבען גראד געטראגען פון דעם קהל'שען אויווען.

אין דעם דאזיגען געווימעל האט זיך גאר באזונדערס געווארפען אין־די אויגען, די געשטאלט פון א שפאנישען ריטער, וואס אויף זיינע יוגענדליכע געזיכטס־צוגען איז געלעגען יענע חנ־עווריגע בלאסקייט, וועלכע די פרויען האלטען געוועהנליך פאר א סמן פון אומגליקליכער ליעבע און די מענער פארקעהרט, פאר א סמן פון גליקליכער ליעבע. זיין גאנג, הגם ער האט ארומגעשלענדערט

גלייכגילטיג, האָט ער דאָך אין זיך געהאַט עפּיס אַ געמאַכטע ציערליכקייט; די פּערדען פון זיין באָרעט, האָבען זיך מעהר באַוועגט דורך דעם אריסטאָקראַטישען וויגען פון זיין קאָפּ, איידער דורך דעם וועהען פון ווינד; מעהר ווי עס איז געוועזען נויטיג האָבען געקלונגען זיינע שפּאָרען און די שייד פון זיין שווערד, וואָס האָט זיך געדראַכט, אַז ער טראָגט זי אין זיין האַנד. און דאָס טייערע הענטעל פון זיין שווערד האָט ארויסגעבליצט פון אונטער דעם ווייסען רייטער־מאַנטעל, וועלכער האָט מ'כלמרשט נאַכלעסיג איינגעהילט זיינע גליעדער, און דאָך האָט אַ געניט אויג געקענט דערקענען, אַז ער האָט זאָרגפעלטיג אויפגעפּאַסט, די פאַלבען זאָלען ליגען אויף זייער אָרט. דאָ און דאָרטען איז ער צוגעגאַנגען צו די פאַרבייגעהענדיגע פרויען, און אביסעל מיט נייגעריקייט און אביסעל מיט אַ מינע פון אַ מבין, האָט ער זיי גאַנץ רוהיג געקוקט אין פּנים אריין, און ווען אַזאַ פּנים איז געוועזען ווערט די מיה, האָט ער עס באַטראַכט אַ לענגערע ווייל, אַנדערע פון אָט די ליעבענסווירדיגע קינדער האָט ער אויך געזאָגט עטליכע שנעלע קאָמפּלימענטען, און איז זיך זאָרגלאָז געגאַנגען ווייטער, ניט וואַרטענדיג צו זעהן וואָס פאַר אַ ווירקונג ער האָט געמאַכט. ארום דער שענער שרה האָט ער זיך שוין געהאַט ארומגעדרעהט מעהרערע מאָל. נאָר יעדעס מאָל האָט ער צוריק אָפּגעטראָטען, אַ דאַנק איהר געביטענדיגען בליק, און אויך אַ דאַנק דער מערקווירדיג שמייכעלדיגער מינע פון איהר מאַן. ענדליך אָבער, האָט ער פון זיך שטאָלץ אראָפּגעוואָרפען די פאַרלעגענהייט. וואוילאינגעריש זיך געשטעלט זיי אין וועג, און מיט אַ פראַנטישער זיכערקייט און מיט אַ זיסליך גאַלאַנטען טאָן האָט ער פאַר זיי געהאַלטען אָט אַזאַ רעדע:

— סענאָרא, איך שווער! הערט, סענאָרא, איך שווער! ביי די רויזען פוןביידע קאַסטעליענס, ביי די אַראַגאָנעזישע היאַצינטען און ביי די אַנדאַלוזישע גראַנאַט־בליהונגען! ביי דער זון וואָס באַלייכט גאַנץ שפּאַניען מיט אַלע איהרע בלומען, ציבעלעס, אַרבעסזופּען, וועלדער, בערג, מוילעזלען, ציגענבעק און אַלט־קריסטען! ביי דער הימעלס־דעק, וואָס ביי איהר איז די דאָזיגע זון נאָר ווי אַ בינטעל גאָלדענע פראַנזען! און ביי גאָט, וואָס זיצט אויף דער

היטעלס־דעק און קלערט טאג און נאכט ווי אזוי צו באשאפען שענע און ליעבע פרויענגעשטאלטען... איך שווער סענארא, אז איהר זענט די שענסטע פרוי, וואס איך האב געזעהן אין דייטש־לאנד, און אויב איהר ווילט אנעמען מיין דיענסט, אזוי בעט איך אייך די טובה, דעם חסד און די ערלויבעניש זיך צו מעגען אנרו־פען אייער ריטער און ביי אלע אומשטענדען צו טראגען אייערע פארבען!

דאס געזיכט פון דער שענער שרה האט זיך געדרויטעלט פון שמערץ, און מיט א בליק, וואס ווירקט אלץ שניידענדיגער, וואס זאנפטער עס זענען די אויגען, וועלכע שיקען איהם, און מיט א טאן, וועלכער איז מעהר פארניכטענדיגער, וואס ציטעריג־ווייכער עס איז די שטים, האט געענטפערט די טיעף באליידיגטע פרוי:

— איידעלער הער! אויב איהר ווילט זיין מיין ריטער, מוזט איהר קעמפען געגען גאנצע פעלקער. און אין דעם דאזיגען קאמף קען מען געווינען זעהר ווייניג דאנק און נאך ווייניגער כבוד! און אויב איהר ווילט טראגען מיינע פארבען, אזוי מוזט איהר אנגעי־הען געלע לאטעס אויף אייער מאנטעל, און ארומבינדען ארום קאפ א שארף מיט געלע פאסען; ווארים דאס זענען מיינע פארבען. די פארבען פון מיין הויז, וואס הייסט ישראל, און איז זעהר אומ־גליקליך, און ווערט פארשפאט אין די גאסען פון די זיהן פון גליק!

פלוצלינג האט א פורפור־רויטקייט באדעקט די באקען פון דעם שפאניער, אן אונענדליכע פארלעגענהייט האט זיך באוויזען אין אלע זיינע געזיכטס־צוגען און כמעט שטאמלענדיג האט ער גע־זאגט:

— סענארא... איהר האט מיך שלעכט פארשטאנען... אן אומ־שולדיגער שפאס... אבער איך שווער ביי גאט, קיין שפאט איבער דעם פאלק ישראל... איך שטאם אליין ארויס פון בית ישראל... מיין זיידע איז געווען א איד, און אפשר אויך מיין טאטע...

— און גאנץ זיכער, סענאר, איז אייער פעטער א איד — איז איהם אין די רייד פלוצלינג אריינגעפאלען דער רב, וואס האט ביז איצט זיך רוהיג צוגעקוקט צו דער סצענע, און מיט א פרעה־ליך רייצענדיגען בליק האט ער צוגעגעבען: — און איך קען ערוב

זיין, אז דאָן יצחק אברבנאל, דער פּלימעניק פון דעם גרויסען רב, שפּראָצט ארויס פון דעם בעסטען בלוט פון ישראל, און אפשר גאָר טאקי פון דוד המלך׳ס הויז.

דאָ האָט ווידער א קלונג געטאָן די שייד אונטער דעם שפּאַניערס מאנטעל, זיינע באקען זענען ווידער שרעקליך בלאָס געוואָרען, אויף זיין אויבערשטער ליפּ האָט א ציטער געטאָן ווי א שפּאָט, וואָס קעמפט מיט פּיין, פון זיינע אויגען האָט ארויסגעשפּריצט דער צאָרניגסטער טויט, און אין א גאנץ איבערגעביטענעם, אייזקאַלטען, שארף־געהאקטען טאָן האָט ער געזאָגט:

— סענאָר רבי! איהר קענט מיך. נו גוט. ווייסט איהר דאָך אויך מסתמא ווער איך בין. און ווען דער פוקס ווייס, אז איך געהער צו דער לייבען־פאמיליע, אזוי וועט ער זיך היטען, און וועט זיין פּיקסענע באָרד ניט איינשטעלען מיט׳ן לעבען און וועט ניט רייצען מיין צאָרן! ווי אזוי קען דער פוקס משפּט׳ן דעם לייב? נאָר דער, וואָס פיהלט ווי א לייב, קען באגרייפען זיינע שוואכקייטען...

— א, איך באגרייף עס גוט. — האָט דער רב געענטפערט, און אן אומעטיגער ערענסט האָט זיך פארצויגען איבער זיין שטערן — איך באגרייף עס גוט, ווי אזוי דער שטאָלצער לייב וואָרפט אויס שטאָלץ פון זיך אראָפּ דעם פירשטליכען פעלץ און פארשטעלט זיך אין דעם בונטען שופּען־פּאנצער פון א קראָקאָדיל, ווייל עס איז די מאָדע צו זיין א קלאָגענדיגער, ביטרער, פרעסענדיגער קראָקאָדיל! וואָס זשע זאָלען טוען די קלענערע חיות, ווען אפילו דער לייב פארלייקענט זיך? אבער היט זיך, דאָן יצחק, דו ביזט ניט באשאַפען געוואָרען צו זיין א קראָקאָדיל. דאָס וואסער (דו ווייסט מסתמא פון וואָס איך רעד) — איז דיין אומגליק. און דו וועסט אונטערגעהן. ניט אין וואסער איז דיין ממשלה; דער שוואכסטער פארעל קען אין וואסער בעסער געראָטען ווי דער קעניג פון וואלד. געדענקסטו נאָך ווי דער שטראָם פון טייך טאַגא האָט דיך געוואָלט איינשלינגען?

ארויספּלאַצענדיג אין א גרויס געלעכטער, איז דאָן יצחק פּלוצלונג געפאלען דעם רב אויפ׳ן האלז, האָט פארמאכט זיין מויל

מיט קושען, א שפרונג געטאן פאר שמחה אין דער הויך, אז זיינע שפארען האבען אזש געקלונגען, אזוי אז די פארבייגעהענדיגע אי־דען, האבען אזש אפגעשפרונגען פון שרעק און אין זיין נאטירליך הארציג, הייטערען טאן האט ער אויסגערופען:

— אמת, דו ביזט אברהם פון באכאראך, און דאס איז געווען א גוטער וויץ. און אויסער דעם א גרויסע פריינדליכע טובה, ווען דו ביזט אין טאלעדא אראפגעשפרונגען פון דער אלקאנטארא־בריק אין וואסער אריין, און האסט דיין פריינד, וועלכער קען בעסער טרינ־קען ווי שווימען, אנגעכאפט ביי די האר און ארויסגעשלעפט אויף דער טרוקעניש. איך האב דעמאלט שוין געהאלטען נאהענט דערביי, צו מאכען א גרינדליכע אויספארשונג, צי אויפ׳ן גרונד פון טאגא געפינען זיך ווירקליך גאלדקערנער, און אויב די רוימער זענען גע־ווען גערעכט, ווען זיי האבען איהם א נאמען געגעבען דער „גאל־דענער טייך“. איך זאג דיר, אז נאך ביז אויפ׳ן היינטיגען טאג פאר־קיהל איך זיך, ווען איך דערמאן זיך נאר אן יענער וואסער־מעשה.

ביי די דאזיגע ווערטער, האט זיך דער שפאניער אויפגעפיהרט ווי ער וואלט וועלען פון זיך אראפטרייסלען וואסער־טראפענס, וואס ענגען אויף איהם. דעם רב׳ס פנים איז אבער געווען אין גאנצען פרעהליכער. ער האט זיין פריינד פיעל מאל געדריקט די האנד און יעדעס מאל האט ער געזאגט: „איך פרעה זיך!“

— און איך פרעה זיך אויך — האט דער שפאניער געזאגט— מיר האבען זיך שוין ניט געזעהן זיבען יאהר; ווען מיר האבען זיך צושיידט, בין איך נאך געווען א גאנץ יונג בחור׳ל, און דו, דו ביזט שוין געווען אזוי געזעצט און ערענסט... וואס איז אבער געווארען מיט דער שענער דאנא, וואס האט דיר דעמאלט געקאסט אזוי פיעל זיפצען, אזוי פיעל גוט געגראמטע זיפצען, וואס דו האסט באלייט מיט די קלאנגען פון א ליוט.

— שטיל, שטיל! די צאנא הערט אונז. זי איז מיין ווייב. און דו אליין האסט איהר היינט געוויזען א מוסטער פון דיין געשמאק און פון דיין דיכטערישען טאלענט.

דער שפאניער האט איצטער באגריסט די שענע פרוי מיט א טאן אין וועלכען עס האט זיך נאך אלץ געפיהלט זיין פריהערדיגע

פארלעגענהייט. און זי האט איצטער גוטמוטיג באדויערט, וואס זי האט מיט איהרע הארבע ווערטער באטריבט איהר מאנס א פריינד.

— אך, סענארא! — האט געענטפערט דאן יצחק — ווער עס נעמט אן א רויז מיט אן אומגעלומפערטער האנד, טאר זיך ניט באקלאגען, אז די דערנער שטעכען איהם! ווען דער אבענדשטערען שפּיגעלט זיך אפּ אין בלויען שטראם פינקעלדיג ווי גאלד...

— איך בעט דיך, אום גאטעס ווילען — האט דער רב איהם איבערגעהאקט — הער אויף!... ווען מיר וועלען ווארטען אזוי לאנג, ביז דער אבענד־שטערן וועט זיך אפּשפּיגלען אין בלויען שטראם פינקעלדיג ווי גאלד, וועט מיין פרוי אויסגעהן פון הונ־גער; זינט נעכטען ביי נאכט האט זי גאר ניט געגעסען, און איז נאך דערצו אויסגעשטאנען א סך צרות און לייד.

— נו, אויב אזוי וועל איך אייך פיהרען אין דער בעסטער אידישער גארקיך — האט אויסגערופען דאן יצחק — איך וועל אייך פיהרען אין דעם הויז פון מיין פריינדין שנאפּער־עלע, וואס איז דא ניט ווייט פון דאנען. איך פיהל שוין איהר געשמאקען ריח, דאס הייסט פון דער גארקיך. א ווייסטו אברהם ווי אט דער ריח ציהט מיך צו! דאס איז ער, וואס ציהט מיך אזוי צו די געצעלטען פון יעקב, זינט איך בין דא אין דער דאזיגער שטאדט. אזוי האב איך ניט אזוי שטארק ליעב צו האבען צו טאן מיט גאט'ס פאלק, און זיכער קום איך דא אויך ניט אהער דאווענען. און ווען איך קום אין דער אידישער גאס איז דאס נאר כדי דא צו עסען.

— דו האסט אונז קיינמאל ניט ליעב געהאט, דאן יצחק.

— יא, — האט דער שפּאניער ווייטער געזאגט — איך האב ליעב אייער קיך א סך מעהר ווי אייער אמונה. אייער אמונה פעהלט די ריכטיגע זופּ. אייך אליין האב איך אויך קיינמאל ניט געקענט פארדייהען ווי עס דארף צו זיין. אפילו אין אייערע בעסטע צייטען, אפילו אונטער דער ממשלה פון מיין עלטער־עלטער זיידען דוד המלך, וואס איז געווען א מלך איבער יהודה און ישראל, וואלט איך אויך ניט געקענט אויסהאלטען צווישען אייך. און איך וואלט זיכער אין א שענעם פריהמארגען אנטלאפען פון דער פעסטונג ציון און אויסגעוואנדערט קיין צור, אדער קיין בבל, וואו די לעבענס־

פרייד האט געשווימט אין טעמפעל פון די געטער...

— יצחק, דו לעסטערסט דעם איינציגען גאט — האט פינסטער געמורמעלט דער רב — דו ביזט נאך פיעל ערגער ווי א קריסט. דו ביזט א הייד, א געצענדיענער...

— יא, איך בין א הייד. און פונקט אזוי ווי מיר זענען דער־ווידער די דארע, פריידלאזע העברעער, אזוי זענען מיר אויך דער־ווידער די טריבע נאזארענער. אונזער ליעבע פרוי פון צפון, די היי־ליגע עשתרות זאל מיר מוחל זיין פארוואס איך קניה און בעט פאר דער שמערצפולער מוטער פון דעם געקרייציגטען... נאר מיינע קניה און מיין צונג הולדיגען דעם טויט. מיין הארץ אבער בלייבט געטריי דעם לעבען!

— אבער קוק מיך ניט אן אזוי זויער — האט דער שפאניער ווייטער גערעדט, ווען ער האט געזעהן, ווי זיינע ווערטער געפעלען ניט דעם רב — קוק ניט אויף מיר מיט עקעל, מיין נאז האט זיך ניט גע'שמד'ט. ווען איך בין איינמאל צופעליג אריינגעפאלען אין אט דער גאס מיטאגצייט, און פון די אידישע קיכען זענען מיר אריין אין נאז די גוט באקאנטע ריחות. דאן האט מיך אנגעכאפט יענע בענקשאפט, וואס עס האבען אמאל געפיהלט אונזערע אבות, ווען זיי האבען זיך דערמאנט אן די פלייש־טעפ פון מצרים; אין מיר האבען זיך דערוועקט וואוילשמעקענדיגע יוגענד־עראינערונ־גען; אין די געדאנקען האב איך ווידער געזעהן די קארפען מיט די ברוינע ראזינקע־זופ, וואס מיין מוהמע האט געקענט אזוי גוט צוגרייטען אויף פרייטאג צונאכט; איך האב ווידער געזעהן דאס שעפסענע פלייש מיט קנאבעל און כריין, מיט וועלכען מען קען א טויטען לעבעדיג מאכען. און די זופ מיט די שווערמעריש ארומ־שווימענדיגע קליסקעלעך... און מיין נשמה איז זיך צוגאנגען ווי די טענער פון א פארליעבטער נאכטיגאל. און זינט דעמאלט עס איך אין דער גארקיך פון מיין פריינדין דאנא שנאפער־עלע!

דערווייל איז מען טאקי צוגעקומען צו דער דאזיגער גארקיך: שנאפער־עלע אליין איז געשטאנען אין דער טיר פון איהר הויז, און פריינדליך באגריסט די פרעמדע געסט, וועלכע האבען זיך הונ־געריג אריינגעשטופט. הינטער איהר, ארויסשטעלענדיג זיין קאפ

איבער איהרע אקסלען, איז געשטאנען דער לאנגער נאז־שטערן און האט נייגעריג און שרעקעדיג באקוקט די אנקומענדע. מיט אן איבערגעטריבענער העפליכקייט איז דאן יצחק צוגעגאנגען צו אונזער באלעבאסטע, וועלכע האט זיינע שאלקהאפטיגע טיעפע פארבייגונגען געענטפערט מיט אונענדליכע קניקסטען; דערנאך האט ער אויסגעטאן די הענדשקע פון זיין רעכטער האנד, זי ארומגעוויקעלט מיט א פאלע פון זיין מאנטעל, אנגענומען מיט איהר די האנד פון דער שנאפער־עלע, פאמעליך זיך געגלעט מיט איהר איבער די האר פון זיין שפיציגען בערדעל, און ער האט געזאגט:

— סענארא, אייערע אויגען פארמעסטען זיך מיט דעם פייער פון דער זון! אבער הגם די אייער, וואס מעהר מען קאכט זיי, אלץ הארטער ווערען זיי, פון דעסטוועגען ווערט מיין הארץ דאך ווייכער, וואס לענגער עס קאכט זיך אין די פלאמענדיגע שטראהלען פון אייערע אויגען! פון דעם געלכעל פון מיין הארצען, פלאטערט ארויס דער געפליגעלטער גאט אמאר און זוכט א היימיש נעסטעלע אין אייער בוזים... דעם דאזיגען בוזים, סענארא, מיט וואס זאל איך איהם פארגלייכען? אין דער גאנצער גרויסער שאפונג, איז ניטא קיין בלום, קיין פרוי, וואס זאל זיין עהנליך צו איהם! דאס דאזיגע געוויקס איז איין און איינציג אין זיין מין. און הגם דער שטורעם רייסט אראפ די בלעטער פון די צארטעסטע רויזען, איז אבער אייער בוזים א ווינטער־רויז, וואס קען בייזשטעהן אלע ווינטען! הגם די זויערע ציטרין, וואס עלטער זי ווערט, אלץ ווערט זי געלער און גערונצעלטער, דאך קאנקורירט אייער בוזים מיט דער פארב און מיט דער צארטקייט פון די זיסעסטע אנאנאסען! א סענארא, ווען אפילו די שטאדט אמסטערדאם איז אזוי שען, ווי איהר האט מיר דערצעהלט נעכטען און אייערנעכטען און אלע טעג, איז דאך דער באדען, אויף וועלכען זי רוהט, נאך טויזענדמאל שענער.

די לעצטע ווערטער האט דער ריטער ארויסגערעדט מיט א געמאכטער פארלעגענהייט און ער האט שמאכטענדיג געקוקט פון דער זייט אויף דעם גרויסען בילד, וואס איז געהאנגען אויף שנאפער־עלע'ס האלז; נאזשטערן האט אראפגעקוקט פון דער הויך

מיט זוכענדיגע אויגען, און דער געליבטער בוזים האט זיך אנגע־הויבען אזוי שטארק צו באוועגען, אז די שטאדט אמסטערדאם האט זיך געוואקעלט אהין און אהער.

— אך! — האט שנאפער־עלע געזיפצט — די טוגענד איז מעהר ווערט ווי שענקייט. צו וואס ניצט מיר די שענקייט? מיין יוגענד געהט פארביי, און זינט שנאפער איז טויט — ער האט ווע־ניגסטענס געהאט שענע הענד — וואס העלפט מיר די שענקייט?

און דערביי האט זי ווידער געזיפצט. און הינטער איהם האט אזוי ווי א ווידער־קול, אז מען האט עס כמעט ניט געהערט, אויך געזיפצט גאזשטערן.

— וואס אייך ניצט די שענקייט? — האט אויסגערופען דאן יצחק — א דאנא שנאפער־עלע, פארזינדיגט אייך ניט אקעגען דער גוטסקייט פון דער שאפענדיגער נאטור! פארשעהמט ניט איהרע ליעבסטע מתנות! זי וועט זיך מורא'דיג נוקם זיין. אט די גליקליך־מאכענדיגע אויגען וועלען וויסט פארגלעזערט ווערען, אט די חנ'עוודיגע ליפען וועלען ווערען פלאטשיג און פארלירען יעז'יען טעם. דער דאזיגער צנועה'דיגער ליעבע זוכענדיגער לייב, וועט זיך פארוואנדלען אין א שווערען פאס חלב, די שטאדט אמס־טערדאם וועט דעמאלט מוזען רוהען אויף א פארשטונקענער בלאטע. —

און אזוי האט ער שטיק פאר שטיק געשילדערט דעם איצטי־גען אויסזעהן פון שנאפער־עלע. אזוי אז דער ארימער פרוי איז געווארען מאדנע אומעטיג אויפ'ן הארצען, און זי האט געזוכט צו אנטלויפען פון דעם ריטערס' אונהיימליכע ווערטער. אין דעם דאזיגען אויגענבליק איז זי געוועזן טאפעלט דערפרעהט ווען זי האט דערזעהן די שענע שרה און האט געהאט די געלעגענהייט זיך נאכצופרעגען צו איז זי שוין געקומען צו זיך פון איהר חלשות. דערביי האט זי זיך אריינגעווארפען אין א לעבעדיגען שמועס, אין וועלכען זי האט ארויסגעוויזען איהרע אלע פאלשע אריסטאקרא־טישע באנעהמונגען און איהר אמת'ע הארציגע גוטסקייט. און מיט מעהר אריכות ווי מיט קלוגשאפט האט זי דערצעהלט די פאטאלע מעשה, ווי זי אליין איז פאר שרעק שיער ניט געפאלען אין

חלשות, װען זי איז א װילדפרעמדע אנגעקומען מיט דער טרעק־שיטע קײן אמסטערדאם, און דער גנב, װאס האט געטראגן איהר קופערט האט זי אנשטאט אין אן עהרליכען גאסטהויז פארפיהרט אין א פרעכען פרויען־הויז. און זי האט דאס באלד באמערקט. װא־רים מען האט דארט געטרונקען זעהר פיעל בראנפען און גערעדט מיט אונמאראלישע אנצוהערענישען... און װי געזאגט װאלט זי װירקליך געפאלען אין חלשות, װען זי װאלט געװאגט כאטש אויף איין אויגענבליק צוצומאכען די אויגען אינ׳ם לויף פון די זעקס װאכען, װאס זי האט צוגעבראכט אין יענעם הויז.

— נאר צוליעב מײן פרומקייט — האט זי צוגעגעבען — האב איך עס ניט געטארט װאגען. און דאס אלץ האט זיך גע־טראפען מיט מיר נאר א דאנק מײן שענקייט! אבער שענקייט פארגעהט און פרומקייט באשטעהט!

דאן יצחק האט שוין געהאלטען דערבײ, צו באלויכטען קרי־טיש די אײנצעלהייטען פון אט דער געשיכטע. איז אבער גליקלי־כערװייז פון הויז ארויסגעקומען דער קאסאקער אהרן הירשקוה פון האמבורג אן דער לאהן, מיט דעם װייסען סערװעטעל אין מויל און ער האט זיך געבײזערט, אז די זופ שטעהט שוין לאנג אויפ׳ן טיש און אויך די געסט זיצען שוין ביים טיש און עס פעהלט נאר די באלעבאסטע. — ———

(דער סוף און די װייטערדיגע קאפיטלען, זענען אהן דעם אוי־טאר׳ס שולד פארלוירען געװארען).

# אוים די מעמוארען

פון דעם

# הער פאָן שנאבעלעוואָפּסקי.

דאָס ערשטע בוך.

.1831

# קאפיטעל I.

מיין טאטע האט געהייסען שנאבעלעוואפסקי, מיין מאמע האט געהייסען שנאבעלעוואפסקא; אלס א כשר קינד פון זייביידען בין איך געבוירען געווארען דעם ערשטען אפריל 1795 אין שנאבעלעוואפס. ווען איך בין געווען א קינד האט מיך געהאדעוועט די אלטע פרוי פיפיטצקא. און זי פלעגט מיר דערצעהלען שענע מעשיות, און אפט פלעגט זי מיך איינשלעפערען מיט א ליעד, ווע־מענס ווערטער און מעלאדיע זענען ארויס פון מיין זכרון. איך וועל אבער קיינמאל ניט פארגעסען דעם געהיימניספולען אופן, מיט וועלכען זי פלעגט צושאקלען דעם ציטערדיגען קאפ, ווען זי פלעגט דאס זינגען. און ווי אומעדיג עס פלעגט זיך דעמאלט באווייזען דער גרויסער, איינציגער צאהן, דער פרוש פון איהר מויל. אויך דערמאן איך זיך נאך טיילמאל אן דעם פאפוגאי, אויף וועמענס טויט זי האט ביטער געוויינט. די אלטע עלטער־מוהמע איז איצטער אליין שוין אויך טויט, און אויף דער גאנצער וועלט בין איך זיכער דער איין איינציגער מענש, וואס טראכט נאך וועגען איהר פאפוגאי. אונזער קאץ האט געהייסען מימי, און אונזער הונד האט געהייסען יאלי. ער האט זיך זעהר גוט געקענט אויף מענשען, און פלעגט מיר אלעמאל געהן אויס'ן וועג, ווען איך פלעג נאר א נעם טאן די בייטש. איין פריהמארגען האט אונזער דיענער געזאגט: דער הונד טראגט עפּיס דעם עק פארדרעהט צווישען די פיס, און לאזט ארויס הענגען זיין צונג לענגער ווי געוועהנטליך; און דער ארימער יאלי איז, צוזאמען מיט עטליכע שטיינער, וואס מען האט צו איהם צוגעבונדען, אריינגעווארפען געווארען אין וואסער. ביי דער דאזיגער געלעגענהייט האט ער זיך דערטרונקען. אונזער דיענער האט געהייסען פיישטשטשצוויטש. וויל מען דעם דאזיגען נאמען ריכטיג ארויסריידען, מוז מען דערביי ניעסען. אונזער מויד האט געהייסען שוואורטשסקא, א נאמען, וואס

אין אונזער שפּראַך קלינגט ער אַביסעל רויה, אָבער אין פּויליר־שען געוואַלדיג מעלאַדיש. דאָס איז געווען א דיקע, פעסטע פרוי, מיט ווייסע האָר און בלאַנדע ציין. א חוץ דעם זענען אין הויז נאָך אַרומגעלאָפען צוויי שענע, שוואַרצע אויגען, וואָס מען האָט גערור־פען סעראַפאַניאַ. דאָס איז געווען מיין שענע, האַרציג געליעבטע געשוועסטערקינד. און מיר פלעגען צוזאַמען זיך שפּיעלען אין גאָר־טען און זיך צוקוקען צו דער באַלעבאַטישקייט פון די מוראַשקעס, און מ׳ר פלעגען כאַפּען שמעטערלינגען און פלאַנצען בלומען. איינ־מאָל האָט זי געלאַכט ווי א ווילדע, ווען איך האָב איינגעפלאַנצט אין דער ערד מיינע קליינע זאָקען, מיינענדיג, אַז פון זיי וועלען אַרויסוואַקסען א פּאָר גרויסע הויזען, פאַר מיין טאַטענס וועגען.

מיין טאַטע איז געווען די בעסטע נשמה אויף דער גאַנצער וועלט, און א לאַנגע צייט איז ער געווען א וואונדערשענער מאַן; דער קאָפּ געפּודערט. פון הינטען א נעט געפלאָכטען צעפּעל, וואָס האָט ניט אַרונטערגעהאַנגען, נאָר וואָס איז געווען באַפעסטיגט מיט א טשערפּאַכען קעמעל צום שייטעל. זיינע הענד זענען געווען בלענדענדיג ווייס, און איך פלעג זיי אָפט קושען. מיר דאַכט, ווי איך וואָלט איצט נאָך געשמעקט דעם זיסען ריח, וואָס פלעגט געהן פון זיי, און אָט דער ריח קריכט מיר שטעכענדיג אין די אויגען אריין. מיין טאַטען האָב איך זעהר ליעב געהאַט. וואָרים איך האָב מיר קיינמאָל ניט פאַרגעשטעלט אַז ער וועט שטאַרבען.

מיין זיידע פון טאַטענס צד, איז געווען דער אַלטער הער פאָן שנאַבעלעוואָפּסקי; פון איהם ווייס איך גאָר ניט, א חוץ דאָס, אַז ער איז געווען א מענש, און מיין טאַטע איז געווען זיין זוהן. מיין זיידע פון דער מאַמעס צד, איז געווען דער אַלטער הער וואָלססרנסקי. (וויל מען ריכטיג אויסרעדען זיין נאָמען מוז מען אויך ניעסען). און ער איז ווי אָפּגעמאָלט אַרומגעגאַנגען אין א שאַר־לאַך־רויטען סאַמעט ראָק און מיט א לאַנגער שווערד, און מיין מאַ־מע פלעגט מיר אָפט דערצעהלען, אַז ער האָט געהאַט א פריינד, וואָס האָט געטראָגען א גרין־זיידענעם ראָק, ראָז־זיידענע הויזען, און ווייס־זיידענע זאָקען. און ער פלעגט מיט א כעס וואַרפען

דאס קליינע היטעלע אהין און אהער, ווען ער פלעגט רעדען פון פרייסישען קעניג.

מיין מאמע, די פרוי פאן שנאבעלעוואפסקא, האט מיר, ווען איך בין אויפגעוואקסען, געגעבען א גוטע ערציהונג. זי האט א סך געלייענט; ווען זי איז מיט מיר מעוברת געווארען, האט זי געלייענט כמעט נאר פלוטארך'ן, און האט זיך אפשר פארזעהן אין איינעם פון זיינע גרויסע מענער, וואהרשיינליך, אין איינעם פון די גראקכען. דערפון נעמט זיך מיין מיסטישע בענקשאפט, צו פאר־ווירקליכען דאס אגראַרישע געזעץ אין א מאדערנער פארם. מיין חוש פאר פרייהייט און גלייכהייט האב איך אפשר צו פארדאנ־קען מיין מאמעס פארלעזונגען. וואלט מיין מאמע דעמאלט געווען געלייענט דאס לעבען פון קארטאַש, וואלט איך אפשר געווארען א גרויסער באנקיער. וויפיעל מאל פלעג איך אלס אינגעל פארשפע־טיגען אין שול, כדי אויף די שענע לאנקעס פון שנאבעלעוואפס, איינזאם נאך צו טראכטען וועגען דעם, ווי אזוי מען וואלט גע־קענט באגליקען די גאנצע מענשהייט. מען פלעגט מיך דערפאר אפטמאל רופען ליידיגגעהער און אלס אזעלכען מיך באשטראפען; און פאר מיינע „וועלט־באגליקונגס־געדאנקען“, האב איך שוין דעמאלט געמוזט אויסשטעהען גרויסענע צרות. די געגענד פון שנאבעלעוואפס איז איבעריגענס זעהר שען. עס לויפט דארט פארביי א טייכעל, אין וועלכען מען קען זיך זומער זעהר אנגע־נעהם באדען, אויך זענען פאראן נעסטען פון אלערליי פייגעל אין די בוימער ביי די ברעגען. דאס אלטע גנעסען, די אמאליגע הויפט־שטאדט פון פוילען, איז אין גאנצען דריי מייל ווייט פון דארטען. דארט אין דאס איז באגראבען דער הייליגער אדאלבערט. דארט שטעהט זיין זילבערנער סאקראפאזש, און דארויף ליגט זיין איי־גענע סטאטוע אין לעבענס־גרויס, מיט דעם בישאף־היטעלע און קרומען שטעקען. די הענד פרום צוזאמענגעפלאכטען און אל'ץ איז פון געגאסענעם זילבער. ווי אפט מוז איך טראכטען פון דיר, דו זילבערנער הייליגער! אך! ווי אפט פאר'גנב'נען זיך מיינע געדאנקען צוריק קיין פוילען, און איך שטעה ווידער אין דעם דאם פון גנעסען, אנגעלעהנט ביי דעם זייל, און קוק אויף אדאלבערטס

מצבה! דעמאָלט רוישט אויף ווידער דער אָרגעל, גלייך ווי דער אָרגאַניסט וואָלט אויסגעפּרוּווט א שטיק פון אַלעגרי'ס מיזערערע; און א ווייטער קאַפּליצע מורמעלט מען דאָרט א מעסע; די לעצטע זון־שטראַהלען פאַלען אריין דורך די בונטע פענסטער־שויבען; די קירך איז ליידיג; נאָר פאַר דער זילבערנער מצבה פון דעם היי־ליגען, ליגט א בעטענדיגע געשטאַלט, א וואונדערליעבע פרויען־געשטאַלט, וואָס וואַרפט מיר צו א ראשען זייטיגען בליק, אָבער פּונקט אַזוי ראַש ווענדט זי זיך צו דעם הייליגען, און מיט איהרע פאַרבענקטע ביטרע ליפּען שעפּטשעט זי די ווערטער: „איך בעט צו דיר!“

אין דעם זעלביגען אויגענבליק, ווען איך האָב געהערט די דאָ־זיגע ווערטער, האָט פון ווייטענס געקלונגען דער דיאַקאָן, דער אָרגעל האָט גענומען רוישען מיט שווערע טענער, דאָס ליעבע פרויענבילד, האָט זיך אויפגעהויבען פון די טרעפּ פאַר דער מצבה, האָט אריבערגעוואָרפען איהר ווייסען שלייער, איבער דעם רויט־געוואָרענעם געזיכט, און זי האָט פאַרלאָזט דעם דאָם.

„איך בעט צו דיר!“ האָבען די דאָזיגע ווערטער געגאָלטען פאַר מיר צי פאַר דעם זילבערנעם אַדעלערט? צו איהם האָט זי זיך געווענדט, אָבער נאָר מיט דעם פּנים, וואָס מיינט צו זאָ־גען יענער זייטיגער בליק, וואָס זי האָט פריהער מיר צוגעוואָר־פען, און וועמענס שטראַהלען עס האָבען זיך צוגאָסען איבער מיין נשמה, גלייך ווי א לאַנגער ליכט שטרייף, וואָס די לבנה גיסט אויס איבער דעם נאַכטיגען ים, ווען זי באַווייזט זיך פון א טונקעלען וואָלקען און פאַרבאָרגט זיך דאָרט שנעל צוריק? אין מיין נשמה, וואָס איז פּונקט אַזוי פינסטער ווי דער ים, האָט יענער ליכט־שטרייף אויפגעוועקט אַלע אויסטערלישע באַשעפענישען, וואָס זע־נען געשלאָפען טיעף אונטען אין אָפּגרונד, און די ווילדסטע היי־פיש און שווערד־פיש פון דער ליידענשאַפט האָבען זיך פלוצלונג א הויב געטאָן, און זיך געטומעלט, און פאַר פרייד זיך געביסען די עקען, און דערביי האָט שטאַרקער געברויזט דער אָרגעל, פּונקט ווי די שטורעם ווינטען אויף דעם צפון ים.

דעם אַנדערען טאָג האָב איך פאַרלאָזט פּוילען.

# קאפיטעל II.

מיין מאמע האט אליין איינגעפאקט מיין קופערט; מיט יעדען העמד האט זי אויך איינגעפאקט א גוטע לעהרע, די וועשערינס האבען מיר שפעטער צו פארטווישט אלע יענע העמדער צוזאמען מיט די גוטע לעהרען. מיין פאטער איז געווען טיעף גערירהרט; און ער האט מיר געגעבען א לאנגען צעטעל, אין וועלכען ער האט ארטיקעל־ווייז געהאט אויפגעשריעבען, ווי אזוי איך זאל זיך פיהרען אויף דער וועלט. דער ערשטער ארטיקעל האט געהייסען: אז איך זאל יעדען דוקאט צעהן מאל ארומדרעהען, איידער איך גיב איהם אוים. לכתחילה האב איך איהם טאקי געפאלגט; דערנאך אבער איז מיר דאס באשטענדיגע ארומדרעהען געווארען צו שווער. מיט יענעם צעטעל האט מיר מיין טאטע אויך איבערגעגעבען די דוקאטען. דערנאך האט ער גענומען א שער, דערמיט אפגעשניטען דאס צעפיל פון זיין ליעבען קאפ און עס מיר געגעבען פאר אן אנדענק. איך האב עס נאך היינט. און איך וויין תמיד, ווען איך באטראכט די געפודערטע פיינע הערעלעך.

די נאכט פאר מיין אוועקפאהרען האט מיר גע׳חלומ׳ט אזא חלום:

איך בין מיר אליין געגאנגען שפאציערען אין א לוסטיגע שענע געגענד ביים ים. עס איז געווען מיטאגצייט, און די זון האט געשיינט אויפ׳ן וואסער, אזוי אז ס׳האט געפינקעלט ווי לויטער דימענטען. דא און דארט האט זיך ביים בארטען אויפגעהויבען א גרויסע אלאע, וואס האט פארבענקט אויסגעשטרעקט איהרע גרינע ארעמס אקעגען הימעל. דארט איז אויך געשטאנען א טרויער־ווערבע מיט לאנגע אראפהענגענדיגע ריטער, וואס האבען זיך אויפגעהויבען יעדעס מאל, ווען דאס וואסער איז אנגעלאפען, אזוי, אז זי האט דעמאלט אויסגעקוקט ווי א יונגע ניקסע, וואס הויבט אויף אין דער הויך איהרע גרינע האר, כדי צו קענען בעסער הערען, וואס די פארליעבטע לופט־גייסטער רוימען איהר איין אין אויער. אוןווירקליך דאס האט טיילמאל געקלונגען ווי קרעכצען, און ווי צערטליכע ליעבע ווערטער. דער ים האט אויפגעשטראהלט, וואס אמאל בליהענדיגער און ליעבליכער. וואס אמאל פיינקלינגענדי־

גער האָבען געררוישט די וועלען און אויף די רוישענדיגע גלאַנצענ־
דיגע וועלען האָט זיך ארומגעשפּאַציערט דער זילבערנער אַדאַל־
בערט, אין גאַנצען ווי איך האָב איהם געזעהען אין געסענער דאָם,
דעם זילבערנעם קרומען שטעקען אין דער זילבערנער האַנד, דאָס
זילבערנע בישאָף־מיצעל אויף דעם זילבערנעם קאָפּ, און ער האָט
מיר צוגעוואונקען מיט דער האַנד און צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, און
צום סוף, ווען ער איז געשטאַנען געגען איבער מיר, האָט ער צו
מיר א זאָג געטאָן מיט אַ אונהיימליך זילבערנער שטים: — —
— — — —

יאָ, די ווערטער האָב איך, צוליעב דעם געררויש פון די וועל־
לען ניט געקענט הערען. איך גלויב אָבער, אז מיין זילבערנער
קאָנקורענט אין ליעבע האָט פון מיר חוזק געמאַכט. וואָרים איך
בין נאָך לאַנג געשטאַנען ביים ברעג און געוויינט, ביז עס איז
געוואָרען פאַרנאַכט און דער הימעל מיט דעם ים זענען געוואָרען
בלאַס און טרויעריג ביז גאָר. די פלוט איז געשטיגען. די אַלאַע
און די ווערבע האָבען א קראַך געטאָן און זיי זענען אוועק געשווענקט
געוואָרען פון די וועלען, וואָס זענען מאַנכעס מאָל שנעל
צוריק געלאָפען און דערפאַר זענען זיי געוואָרען נאָך גרעסער,
און ברומענדיג שוידערליך זענען זיי אַנגעלאָפען אין שוים־ווייסע
האַלבע קרייזען. דערנאָך אָבער האָב איך אויך דערהערט א געררויש,
וואָס איז געגאַנגען ווי צום טאַקט, גלייך ווי די קלעפּ פון רודערס,
און ענדליך האָב איך געזעהן א שיפעל, וואָס איז אַנגעקומען מיט
די גרויסע וועלען. פיער ווייסע געשטאַלטען, מיט וואַקסענע
פּנים'ער פון מתים, איינגעהילט אין תכריכים, זענען געזעסען דער־
רין און געררודערט מיט גרויס אָנשטרענגונג. אין מיטען שיפעל איז
געשטאַנען א בלאַסע, אָבער אונענדליך שענע פרוי, אונענדליך
צאַרט, ווי זי וואָלט געמאַכט געווען פון ליליענדופט — און זי האָט
א שפּרונג געטאָן אויפ'ן באָרטען. דאָס שיפעל מיט זיינע געשפּענס־
טישע קנעכט, וואָס האָבען געררודערט, האָט זיך שנעל צוריק א לאָז
געטאָן אין שטורעמדיגען ים אריין, און אין מיינע אָרעמס איז
געלעגען פּאַננאַ יאַדוויגאַ, און זי האָט געוויינט און זי האָט גע־
לאַכט: „איך בעט צו דיר!"

# קאפיטעל III.

מיין ערשטער ארויספאָהר, ווען איך האָב פארלאָזט שנאָבעלע־וואָפּס, איז געווען קיין דייטשלאַנד, און דאָס קיין האמבורג, וואו איך בין פארבליבען זעקס חדשים, אַנשטאָט וואָס איך האָב גע־זאָלט פאָהרען קיין לאַידען, און ווי עס איז געווען דער וואונש פון די עלטערן, זיך דאָרט צו פארנעהמען מיט דעם שטודיום פון דער „גאָטס־געלעהרענטקייט“. איך מוז מודה זיין, אז אין דער צייט פון יענעם סעמעסטער האָב איך זיך מעהר אָפּגעגעבען מיט וועלטליכע זאכען ווי מיט געטליכע.

די שטאָדט האמבורג איז א גוטע שטאָדט. לויטער סאָלידע הייזער. דאָ הערשט ניט דער שענדליכער מאקבעטה, נאָר דאָ הערשט באַנקאָ. באַנקאָ׳ס גייסט הערשט דאָ אומעטום אין דעם דאָזיגען קליינעם „פריישטאַט“, וועלכער ווערט רעגיערט פון א הויכען און זעהר קלוגען סענאַט. און ווירקליך, דאָס איז א „פריי־שטאַאט“ און דאָ געפינט מען די גרעסטע פאָליטישע פרייהייט. די בירגער קענען דאָ טוען, וואָס זיי ווילען, און דער הויכער־ און זעהר קלוגער סענאַט קען דאָ אויך טוען וואָס ער וויל; יעדער איז דאָ א פרייער באַלעבאָס איבער זיינע מעשים. דאָס איז א רע־פּובליק, וואָלט לאַפאַיעט ניט געווען געהאַט דאָס גליק צו געפינען א לודוויג פיליפּ, וואָלט ער געוויס געווען געראַטען זיינע פראנ־צויזען, אז זיי זאָלען נעמען פאר רעגיערער די האמבורגער סענאַ־טאָרען און זקנים. האמבורג איז די בעסטע רעפּובליק. איהרע זי־טען זענען ענגלישע, און איהרע מאכלים הימלישע. אודאי זענען פאראַן מאכלים צווישען וואנדראהמען און דעם דרעקוואַל, פון וועלכע אונזערע פילאָזאָפען האָבען גאָר קיין אהנונג ניט. די האמ־בורגער זענען גוטע מענשען און זיי עסען גוט. איבער רעליגיאָן, פאַ־

ליטיק און וויסענשאפט זענען זייערע רעספעקטיווע מיינונגען זעהר פארשיעדען. אבער וואס איז נוגע דעם עסען, ווענען דעם הערשט די שענסטע איינפערשטענדניש. ווענען דער באדייטונג פון דעם אבענדמאלצייט קענען זיך דארט די קריסטליכע טעאלאגען אמאל האבען א שטרייט: ווענען דער באדייטונג אבער פון דעם מיטאג מאהלצייט זענען זיי אלע איינינ. צווישען די אידען מעג זיך דארט זיין איין פארטיי, וואס בענשט אויף דייטש און א צווייטע וואס זינגט דוקא אויף העברעאיש:ביידע פארטייען עסען. און עסען גוט און ביידע פארטייען זענען אויפ'ן עסען שוין איינמאל גרויסע מבינים. די אדוואקאטען, די בראטערס פונ'ם געזעץ, וואס דרעהען אזוי לאנג די געזעצען אהין און אהער, ביז עס פאלט פאר זיי אראפ געבראטענס, די קענען זיך נאך אמאל קריגען צוויי־שען זיך, צי די געריכטסהייזער זאלען זיין עפענטליכע אדער ניט: אין דעם אבער זענען זיי אלע איינשטימיג, אז די געריכטען מו־זען זיין גוט, און יעדער פון זיי האט זיך זיין ליעבלינגס־געריכט. דאס מיליטער דענקט געוויס מוטיג ספארטאניש. אבער פון דער שווארצער זופ וויל עס דאך ניט וויסען. די דאקטוירים, וואס זענען אזוי ניט איינינ צווישען זיך ווענען דעם, ווי אזוי מען זאל בא־האנדלען קראנקהייטען, און וואס בנוגע דער נאציאנאל קראנק־הייט (דאס באקלאגען זיך אויפ'ן מאגען) היילען די בראוניאנער דערמיט, וואס זיי הייסען עסען נאך גרעסערע פארציעס גרויכער־טע פליישען און די האמעאפאטען דערמיט, וואס זיי פלעגען אריינגיסען 1|1000 טהייל בראנפען אין א גרויסער שיסעל מאק־טורטעל־זופ: אט די דאקטוירים זענען אלע איינינ, ווען עס האנ־דעלט זיך ווענען דעם געשמאק פון דערזעלביגער זופ און פון דעם זעלביגען גערויכערטען פלייש. האמבורג איז די פאטערשטאדט פון דעם גערויכערטען פלייש און באריהמט זיך דערמיט פונקט אזוי ווי מאינץ פלעגט זיך באריהמען מיט איהר יאהאן פאוסט, און אייזלעבען מיט איהר לוטהער'ן. אבער וואס פאר באטרעף האט די בוכדרוקעריי און די רעפארמאציאן אין פערגלייך מיט גערוי־כערטען פלייש? צי די ערשטע צוויי האבען געבראכט נוצען צי שא־דען, ווענען דעם געהט אן א מחלוקה צווישען צוויי פארטייען אין

דייטשלאַנד: אבער אפילו אונזערע פאַנאַטישסטע יעזואיטען זע־
כען איינשטימיג, אז דאָס געדרויכערטע פלייש איז א גוטע ערפינ־
דונג און פאר די מענשען א היילונג.

האמבורג איז געבויט געוואָרען דורך קאַרל דעם גרויסען
און ווערט באוואוינט פון 80,000 קליינע מענשעלעך, וואָס קיינער
פון זיי וואָלט זיך ניט געוואָלט בייטען מיט קאַרל דעם גרויסען,
וואָס ליגט באַגראָבען אין אַאַכען. אפשר באשטעהט די באַפעל־
קערונג פון האמבורג פון ארום 100,000; איך ווייס עס ניט גע־
נוי, הגם איך פלעג ארום געהן גאַנצע טעג אין די גאַסען, כדי דאָרט
די מענשען צו באַטראַכטען. איך האָב מסתמא אויך פארזעהן ניט
איין מאַן. ווייל די פרויען זענען דאָס געווען די, וואָס האָבען צו־
געצויגען מיין גרעסטע אויפמערקזאַמקייט. די לעצטע, האָב איך
אויסגעפונען, זענען ניט דורכאויס מאָגערע, נאָר פארקעהרט גאָר,
די מייסטע פון זיי זענען היבש לייביג, און דערצו רייצענדיג שען,
און אין דורכשניט, פארמאָגען זיי א געוויסע גאַנץ רייכע זינליכ־
קייט, וואָס איז מיר שוין גאָר געפעלען געווען. דאָס וואָס זיי ווייי־
זען זיך ניט ארויס זעהר שווערמעריש פאר דער ראָמאַנטישער
ליעבע, און האָבען א קליינעם באגריף פון דער גרויסער ליידענ־
שאפט פון הארץ, איז דאָס ניט זייער שולד. נאָר שולדיג איז אַמאָר,
אָט יענער קליינער גאָט, וואָס לעגט טיילמאָל ארויף די
שארפסטע ליעבעס־פיילען אויף זיין בויגען און צי פון שאלקהאפ־
טיקייט אָדער פון אונגעשיקטקייט, שיסט ער זיי אביסעל צו
טיעף, און אַנשטאָט צו טרעפען אין די הערצער אריין פון די
האמבורגערינס, טרעפט ער גאָר אין זייערע מאָגענס. וואָס אַנ־
באַלאַנגט די מענער, זעה איך צום מייסטענס קורץ געוואקסענע
קרעפטיגע לייט, מיט פארשטענדיגע קאַלטע אויגען, קורצע שטע־
רענס, נאַכלעסיג אראָפּהענגענדיגע רויטע באקען. די געציינגען
פאר'ן עסען באזונדערס גוט אויסגעארבייט. דער הוט ווי צוגעשלאָ־
גען מיט א טשוואָק צום קאָפּ און די הענד איןביידע הויזען־
טאַשען ווי איינער זאָגט: וואָס דאַרף איך באצאָהלען?

צו די מערקווירדיגקייטען פון דער שטאָדט געהערען: 1)
דאָס אַלטע ראטהויז, וואו עס שטעהען אויסגעהאקט פון שטיין

די גרויסע האמבורגער באנקיערען מיט דעם סצעפטער און דער מלוכה־אפעל אין די הענד. 2) די בערזע, וואו עס פארזאמלען זיך יעדען טאג האמבורגס זיהן, ווי עס פלעגען זיך פארצייטענס פארזאמלען די רוימער אויף דעם פארום, און וואו עס הענגט אי־בער זייערע קעפ א שווארצער טאוועל מיט די נעמען פון אויסגע־צייכענטע מיטבירגער. 3) די שענע מאריאנע, אן אויסערגע־וועהנליך שענע פרוי, אן וועמען דער צאהן פון דער צייט קייעט שוין זייט צוואנציג יאהר — אגב אורחא דער „צאהן פון דער צייט" איז א שלעכטער מעטאפאר, ווארים זי איז שוין אזוי אלט, אז זי האט שוין געווים ניט קיינעם פון איהרע ציין, איך מיין די צייט — די שענע מאריאנע האט נאך אלץ אלע איהרע ציין, און נאך אלץ איהרע האר דארויף, איך מיין אויף די ציין. 4) די אמאליגע צענטראל־קאסע. 5) אלטאנא. 6) די אריגינאל מאנוס־קריפטען פון מארר'ס טראגעדיען. 7) דער אייגענטימער פון רע־דינג'שען קאבינעט. 8) די בערזענהאלע. 9) די באקכוס־האלע און צום סוף 10) דאס שטאט טעאטער. דאס לעצטע פארדיענט גאר באזונדערס געלויבט צו ווערען. זיינע מיטגליעדער זענען לוי־טער גוטע בירגער, בכבוד'ע בעלי בתים, וואס קענען זיך ניט פאר־שטעלען און קיינעם ניט אפנארען. דאס זענען מענער, וואס מאכען פון טעאטער א גאטס־הויז, מיט דעם, וואס זיי ווייזען דעם אומ־גליקליכען, וועלכער האט שוין געהאט פארצווייפעלט אין דער מענשהייט, אז נאך אלעמען איז ניט אלץ אויף דער וועלט בלויז חניפה און פארשטעלטקייט.

ביים אויסרעכענען די מערקווירדיקייטען פון דער רעפובליק האמבורג, קען איך ניט פארבייגעהן און ניט דערמאנען, אז אין מיין צייט איז דער אפאלא־זאל אויף דער דרעהבאהן געווען זעהר בריליאנט. איצטער איז ער שוין ניט דאס, און עס ווערען דארט געגעבען פילהארמאנישע קאנצערטען, געוויזען קונצען פון קעשע־נע גנבים און עס ווערען דארט געקארמעט נאטורפארשער. אמאל איז עס אנדערש געווען! עס פלעגען שאלען די טראמפייטען און עס פלעגען זעצען די פויקען, די שטרויס פעדערען פלעגען פלאטערן און עלאאיזא און מינקא פלעגען לויפען דורך די רייהען פון דער

אַגינסקי־פּאָלאַנעיז, און אַלץ פלעגט זיין אזוי אנשטענדיג. שענע
צייט, אין וועלכער דאָס גליק האָט צו מיר אזוי געשמייכעלט! און
דאָס גליק האָט געהייסען עלאַאיזא! דאָס איז געווען אַ זיס, ליעב,
באַגליקענדיג גליק, מיט רויזענבאקען, ליליען־נעזיל, הייסדופטיגע
נעלקען־ליפּען, אויגען ווי די בלויע בארג־אָזערע; אבער אביסעל
נארישקייט איז געלעגען אויפ'ן שטערען, ווי א טריבער וואָלקענ־
וואוואָל איבער א בליהענדיגער פריהלינגס־לאנדשאפט. זי איז געוע־
ווען שלאנק ווי א טאָפּאָל, און לעבעדיג ווי א פויגעל, און איהר
הויט איז געווען אזוי צארט, אז זי איז צוועלף טעג געשלאָפען דורך
אַ שטאָך פון א האָרנאָדעל. איהר געשווילעכץ אבער, ווען איך
האָב זי געשטאָכען, האָט בלויז געדויערט צוועלף סעקונדען, און
דערנאָך האָט זי געשמייכעלט — שענע צייט, ווען דאָס גליק האָט
צו מיר געשמייכעלט! מינקא פלעגט זעלטענער שמייכלען, ווייל זי
האָט ניט געהאט קיין שענע ציין. דערפאר אָבער זענען שענער געווען
איהרע טרעהרען, ווען זי פלעגט וויינען. און זי פלעגט וויינען ביי
יעדען פרעמדען אומגליק. און זי איז געווען אזא גוטע, ווי מען
קען זיך דאָס גאָר ניט פאָרשטעלען. די אָרימע פלעגט זי אוועק
געבען איהרע לעצטע פאָר שילינג; זי איז זאָגאר אָפט געווען אין
אַזאַ לאגע, אז זי האָט געקענט אוועק געבען איהר לעצט העמד, ווען
מען האָט עס פון איהר נאָר פארלאנגט. אזא גוטע נשמה איז דאָס
געווען. זי האָט קיין זאך ניט געקענט אָפּזאָגען, סיידען איהר וואַ־
סער. אָט דער דאָזיגער ווייכער, נאָכגיביגער כאראקטער, איז
געווען גאָר א ליעבליכער קאָנטראַסט צו איהר אויסערליכער ער־
שיינונג. א מוטיגע, יונאָנישע געשטאָלט; א ווייסער פרעכער נאַ־
קען, ארומגערינגעלט פון ווילדע, שווארצע לאָקען, ווי פון תאוה־
דיגע שלאנגען; אויגען וואָס האָבען אונטער איהר פינסטערן טרי־
אומפף־בויגען געשטראהלט אזוי די וועלט באהערשענדיג; פורפור־
שטאָלצע, הויכגעבויגענע ליפּען; מאַרמאָרנע, באפעהלענדיגע
הענד, אויף וועלכע עס האָבען זיך ליידער געפונען עטליכע זומער־
שפּרענקעלעך; זי האָט געהאט אויף איהר לינקע היפט א ברוינעם
פלעק אין דער פאָרם פון א קליין שווערדעל.

ווען איך האָב דיך, ליעבער לעזער, געבראכט אין אזוי גערופע־

נע שלעכטע געזעלשאפט, מעגסטו זיך טרייסטען, אז דיך האט דאס וועניגסטענס ניט געקאסט אזוי פיעל ווי מיך. דאך שפּעטער וועלען אין אט דעם בוך ניט פעהלען קיין אידעאלע פרויען, און שוין איצטער וויל איך דיר פאר א דערפרישונג פארשטעלען צוויי אנשטענדיגע דאמען, מיט וועלכע איך האב זיך דעמאלט באַ־קענט און געלערנט ווי אזוי זיי צו פארעהרען. דאס זענען די מאדאם פּיעפּער און די מאדאם שניעפּער. די ערשטע איז געווען א שענע פרוי אין איהרע צייטיגסטע יאהרען, גרויסע שווארצליכע אויגען, א גרויסען, ווייסען שטערען, שווארצע, פאלשע לאקען, א דרייסטע אלטרוימישע נאז, און א מויל, וואס איז געווען ווי א גילאָטינע פאר יעדען גוטען נאמען. אין דער אמת'ן איז פאר א מאן ניט געווען קיין לייכטערע הינריכטונגס־מאשין, ווי מאדאם פּיעפּערס מויל; זי האט איהם ניט געלאזט לאנג צאפּלען, זי האט ניט גע־מאכט קיין לאנגע שהיות; איז דער בעסטער גוטער נאמען אריינ־געפאלען צווישען איהרע ציין, אזוי האט זי נאר א שמייכעל גע־טאן — אבער דאס דאזיגע שמייכעלע איז געווען ווי די האק, און די עהרע איז געווען אפּגעהאקט און איז אריינגעפאלען אין זאק אריין. זי איז אלעמאל געווען א מוסטער פון אנשטענדיקייט, בכבוד'קייט, פרומקייט און גוטע מדות. דאס זעלביגע לאזט זיך זאגען וועגען דער מאדאם שניעפּער. דאס איז געווען א צארטע פרוי, קליינע שרעקענדיגע בריסט, געוועהנליך פערהילט מיט אן אומעטיגען דינעם וואואל, העל בלאנדע האר, העלבלויע אויגען, וואס האבען שרעקליך קלוג ארויסגעשטאכען פון דעם ווייסען גע־זיכט. עס האט געהייסען, אז איהרע טריט קען מען קיינמאל ניט הערען, און ווירקליך, איידער מען האט זיך ארומגעזעהן, פלעגט זי שוין אפּט שטעהען לעבען איינעם און איז דאן צוריק פארשוואונ־דען פונקט אזוי אהן גערויש ווי זי איז געקומען. איהר שמייכעלע איז אויך געווען טויטענדיג פאר יעדען גוטען נאמען, אבער שוין ניט ווי א האק, נאר גיכער ווי אן אפריקאנישער גיפט־ווינד, וואס בלויז פון זיין הויך האבען שוין אלע בלומען געגומען וועלקען; עלענד פארוועלקען האט געמוזט יעדער גוטער נאמען, איבער וועל־כען זי האט נאר א לייכט שמייכעלע געטאן. זי איז אלע מאל געווען

א מוסטער פון אנשטענדיקייט, בכבוד'קייט, פרומקייט און גוטע מדות.

איך וואָלט אויך ניט פארפעהלט צו לויבען מעהרערע פון האמאָניא'ס זיהן. און צו ריהמען אויף דעם שענסטען אופן עטליכע מענער, וואָס מען בארעדט גאָר באזונדערס — דאָס הייסט די יעניגע, וואָס מען פלעגט שאַצען אויף עטליכע מיליאָנען מארק אין מזומן; אבער אין דעם איצטיגען אויגענבליק וויל איך מיין ענטוזיאַזם איינהאלטען, כדי ער זאָל שפּעטער צו ארויספלאַקערען אין העלערע פלאַמען. ווארים איך האָב אין זינען ניט קיין גרינגערע זאַך, ווי ארויס צו געבען א האמבורגער עהרען־טעמפעל, און גאַנץ לויט דעם פּלאַן, וועלכען א באריהמטער שריפטשטעלער האָט אָנגעוואָרפען נאָך פאר צעהן יאָהרען. און צוליעב דעם האָט ער אויפגעפאָדערט יעדען האמבורגער, אז ער זאָל איהם ווי אָם שנעלםטען צושיקען א ספּעציפיצירטע אינווענטאריום פון זיינע ספּעציעלע טוגענדען, צוזאמען מיט א טהאלער. איך האָב קיינמאָל גענוי ניט געקענט דערגעהן פארוואָס אָט דער עהרענטעמפּעל איז צו נישט געוואָרען; ווארים א טייל האָבען געזאָגט, אז דער אונטערנעמער, דער עהרענמאַן, נאָך איידער ער האָט באוויזען צוצוקומען פון Aarom ביז Abendroth און גלייך ווי ער האָט געבראכט דעם ערשטען קלאָץ, איז ער שוין געוועזן צודריקט אונטער דער שווערער משא; אַנדערע האָבען געזאָגט אז דער הויכער און זעהר קלוגער סענאַט, האָט פון צו גרויסער באשיידענהייט דעם פּראָיעקט אונטערדריקט, דערמיט וואָס ער האָט באפוילען דעם בוימייסטער פון זיין עהרענטעמפּעל צו פערלאָזען דאָס געביעט אין פארלויף פון פיער און צוואנציג שטונדען. נאָר אלץ איינס צוליעב וועלכער סבה, דאָס ווערק איז ניט אויסגעפיהרט געוואָרען; און אזוי ווי איך וויל דאָך אמאָל, צוליעב מיין איינגעבוירענער נייגונג, טוען עפּיס גרויסעס, און האָב אלעמאָל געשטרעבט צו געבען דאָס אונמעגליכע, האָב איך זיך גענומען צו יענעם אונגעהייערען פּראָיעקט, און איך וועל צושטעלען א האמבורגער עהרענטעמפּעל, אן אונשטערבליך ריעזיג בוך, אין וועלכען איך וועל באשרייבען די הערליכקייט פון איהרע אלע איינוואוינער; א בוך, אין וועלכען איך

װעל איבערגעבען די ערדעלע שטריכען פון געהײמער צדקה. װעגען װעלכע מען האט נאך ניט געשריבען אין דער צײטונג, אין דעם בוך װעל איך דערצעהלען װעגען די גרױסע מעשים, װאס קײנער װעט ניט װעלען גלױבען. און אין װעלכען עס װעט פאראדירען מײן אײגען בילד, װי איך זיץ אויף דעם יונגפערשטיעג פאר דעם שװײ־צער פאװיליאן און טראכט װעגען האמבורגס פארהערליכונג.

## קאפיטעל IV.

פאר לעזער, וועמען די שטאדט האמבורג איז ניט באקאנט—און אזעלכענע וועלען זיך אפשר געפינען אין כינא און אין אויבער־בייערען — פאר זיי מוז איך באמערקען, אז דער שענסטער שפאציער־גאנג פון די זיהן און טעכטער האמאניא'ס טראגט דעם געזעצלי־כען נאמען יונגפערשטיעג; און ער באשטעהט פון א לינדען־אלעע, וואס איז פון איין זייט באגרעניצט מיט א רייה הייזער און פון דער צווייטער זייט מיט דעם גרויסען אלסטער באסיין, און פאר דעם באסיין שטעהען צוויי לוסטיגע קאפע הייזלעך אריינגעבויט אין וואסער, וואס מען רופט זיי פאוויליאנס. באזונדערס גוט איז צו זיצען פאר דעם איינעם, וואס מען רופט איהם דער שווייצער פאוויליאן. ווען דרויסען איז זומער און די נאכמיטאג זון גליהט ניט צו ווילד, נאר זי שמייכעלט לוסטיג, און גיסט איבער מיט איהר גלאנץ די לינדען, די הייזער, די מענשען, די אלסטער און די שוואנען וואס וויגען זיך אויף איהם, כמעט לעגענדאריש. דארט איז גוט צו זיצען. און דארט בין איך געזעסען ניט איין זומער נאכמיטאג, און געטראכט פון דעם, וואס א יונגער מענש פלעגט טראכטען, דאס הייסט: פון גאר ניט. און האב באטראכט דאס, וואס א יונגער מענש פלעגט באטראכטען, ד. ה. די יונגע מיידלעך וואס זענען פארביי געגאנגען — און דארט האבען זיי פארביי געפלאטערט, אט יענע ליעבע מיט זייערע געפליגעלטע הויבעלעך און מיט זייערע פארדעקטע קיישלעך, אין וועלכע ס'איז גאר ניט געוועזען — דארט זענען פארביי געגאנגען מיט דריבנע טראטעלעך די בונטע פויערטעס, וואס האבען פאר גאנץ האמבורג צוגעשטעלט יאגדעס און מילך, און וועמענס קליידער זענען נאך אליץ צו לאנג— דא האבען שטאלצירט די שענע טעכטער פון סוחרים, מיט וועמענס

ליעבע מען קריגט אויך אזוי פיעל געלד אין מזומן — דארט האט פארביי געהיפט אן אם, אויף די ארעמס א ראזיג אינגעלע, וואס זי האלט אין איין קושען, אין דער צייט, וואס זי טראכט וועגען איהר געליעבטען. דארט וואנדלען פריעסטערינס פון דער געטין, וואס איז געבוירען געווארען אויפ׳ן שוים פון ים, האנזעאטישע וועסטא־לען, דיאנע׳ס, וואס געהען אויף יאגד, נאיאדען, דריאדען, האמא־דריאדען און גלאט טעכטער פון פרעדיגער — אך! דארט געהען אויך מינקא און העלאיס! ווי אפט פלעג איך זיצען ביים פאוויליאן און זעהען ווי זיי געהען פארביי אין זייערע ראזא געשטרייפטע מאנטלען — אן אייל קאסט 4 מארק און דריי שילינג, און דער הער זעליגמאן האט מיר פארזיכערט, אז די ראזאווע שטרייפען וועלען ניט אפקריכען ביים וואשען — פראכטיגע מוידען! האבען דאן אויסגערופען די טוגענדהאפטע בחורים, וואס זענען לעבען מיר געזעסען — איך דערמאן זיך, ווי א גרויסער אסעקוראטאר האט אמאל געזאגט: איינע פון זיי וואלט איך וועלען האבען צום אנ־בייסען, א צווייטע צום אבענד־ברויט. און אין אזעלכענע טעג וואלט איך אהן א מיטאג אין גאנצען אויסגעקומען — זי איז א מלאך — האט אמאל געזאגט גאנץ הויך א שיף־קאפיטאן, אזוי אזביידע מיידלעך האבען זיך אין דער זעלביגער צייט ארומגעקוקט. און דערנאך זיך אייפערזיכטיג אנגעקוקט. — איך אליין, האב קיינ־מאל גאר ניט געזאגט, איך האב מיר געטראכט מיינע זיסטע נארנישט געדאנקען, און האב באטראכט די מיידעלעך, און דעם לוסטיגען זאנפטען הימעל און דעם לאנגען פעטרי־טורעם מיט דער שלאנקער טאליע, און די שטילע בלויע אלסטער, אויף וועלכע די שוואנען האבען ארומגעשוואומען אזוי שטאלץ, אזוי ליעבליך און אזוי זיכער. די שוואנען! שטונדען לאנג פלעג איך זיי קענען בא־טראכטען, אט די דאזיגע ליעבע באשעפענישען מיט זייערע זאנפ־טע, לאנגע העלזער, ווי זיי האבען זיך אזוי תאוה׳דיג געוויעגט אויף די ווייכע וועלען, ווי זיי האבען טיילמאל זיך אזוי זעליג אונטערגע׳טובל׳ט, און דערנאך צוריק ארויפגעשוואומען און איי־בערמוטיג געפלאפעלט ביז דער הימעל איז געווארען טונקעל און עס האבען זיך באוויזען די שטערען, פארלאנגענדיג, צוזאגענדיג,

וואונדערבאר צערטליך, פארקלעהרט. די שטערען! זענען דאָס גאָלדענע בלומען אויף דעם כלה־בוזים פון הימעל? זענען דאָס פארליעבטע מלאכים־אויגען, וואָס שפיגלען זיך פארבענקט אין די בלויע וואסערן פון דער ערד און האָבען צו טאָן מיט די שוואנען.

— — — אך! דאָס איז שוין אזוי לאנג. איך בין דעמאָלט געוועזן יונג און נאריש. איצטער בין איך אלט און נאריש. ניט איין בלום האָט זינט דעמאָלט פארוועלקט, און אנדערע זענען זאָגאר צוטראָטען געוואָרען. ניט איין זיידען קלייד איז פאר דער צייט צוריסען געוואָרען, און אפילו דער ראָז־געשטרייפטער קאטון פון דעם הער זעליגמאן האָט פאר דער צייט פארלוירען זיין קאָליער. ער אליין איז פאר דער צייט אויך געוואָרען אָפּגעקראָכען — די פירמע איז איצטער „זעליגמאנ׳ס זעליגע אלמנה״ — און העלאָיסאָ די זאנפטע, וואָס עס האָט זיך געדאכט, אז זי איז באשאפען געוואָרען צו וואנדלען נאָר אויף ווייכבאבליהמעלטע אינדישע טעפּי־כער, און געקיהלט צו ווערען מיט פאווע פעדערן — זי איז אונ־טערגעגאנגען אין ליארעם פון מאטראָזען, פונש, טאבאק־רויך און שלעכטער מוזיק. ווען איך האָב ווידער געזעהן מינקאָ׳ן — איצטער האָט זי זיך גערופען קאטינקאָ און זי האָט געוואוינט צווישען האמ־בורג און אלטאָנא — האָט זי אויסגעזעהן ווי דער בית המקדש פון שלמה המלך, וועלכען נבוכדנצר האָט חרוב געמאכט, און ס׳האָט פון איהר געשמעקט מיט אסירישער מאכאָרקע — און ווען זי האָט מיר דערצעהלט פון העלאָיסאָ׳ס טויט האָט זי ביטערליך געוויינט און פול מיט פארצווייפלונג האָט זי זיך אויסגעריסען די האָר, און איז געפאלען אין חלשות, און האָט געמוזט אויסטרינקען א גרויס גלאָז בראנפען, כדי צו קענען קומען צו זיך.

און די שטאָדט אליין — ווי זי האָט זיך דאָס פארענדערט. און דער יונגפערשטיעג! דער שניי איז געלעגען אויף די דעכער, און עס האָט אויסגעזעהן, ווי אפילו די הייזער וואָלטען אלט געוואָ־רען און האָבען באקומען ווייסע האָר. די לינדען אויפ׳ן יונגפער־שטיעג זענען בלויז געווען טויטע בוימער מיט דארע צווייגען, וואָס האָבען זיך באוועגט אינ׳ם קאלטען ווינד ווי געשפּענסטער. דער הימעל איז געווען שניידענדיג בלוי און איז שנעל געוואָרען פינס־

טער. עס איז געװען זונטאָג. פינף אַ זײגער, די צײַט פון עסן. און די װעגן זענען געפּאָהרען און די הערען מיט די דאַמען זענען אַרױסגעשטיגען מיט אַ געפּרוירענעם שמײכעל אויף די הונגעריגע ליפּען — שרעקליך! אין דעם דאָזיגן אויגענבליק האָט מיך דורכגעשװידערט די באַמערקונג, אַז אויך אַט די אַלע געזיכטער איז געלעגען אַן אויסטערלישע טעמפּקייט, און אַז אַלע מענשען, װאָס זענען נאָר װאָס פאַרבײַ געגאַנגען, זעהען אויס, װי זײ װאָל־טען זײַן פאַרזונקען אין אַ װאונדערבאַרען שגעון. איך האָב זײ שוין פּאַר צװעלף יאָהרען געזעהן אין דערזעלביגער שטונדע מיט די זעלביגע מיענען, פּונקט װי פּופּען אויפ׳ן זײגער פון ראַטהויז, און מיט די זעלביגע באַװעגונגען, און זינט דעמאָלט האָבען זײ כסדר גערעכענט אויף דעם זעלביגען אופן, באַזוכט די בערזע, פאַרבעטען זיך אײנס דאָס אַנדערע. באַװעגט די קינבאַקען, באַ־צאָלט זײער טרינק־געלד און װידער גערעכענט. צװײ מאָל צװײ איז פיער — שרעקליך! האָב איך אויסגערופען, װען אײנעם פון אַט די לײַט, װאָלט פּלוצלינג אײַנגעפאַלען אַז צװײ מאָל צװײ איז אײגענטליך פינף, און אַז ער האָט הײסט עס, זײַן גאַנץ לעבען פאַרעכענט, און זײַן גאַנץ לעבען פאַרשװענדט אין אַזאַ שװידער־האַפטען טעות! און מיט אַמאָל איז מיך אַלײן באַפאַלען אַ נאַרי־שער שגעון, און װען איך האָב גענױער באַטראַכט די פאַרבײַגײַע־הענדיגע מענשען, איז מיר פאַרגעקומען, װי זײ אַלײן װאָלטען ניט זײַן עפּיס אַנדערש װי ציפערן, אַראַבישע ציפערן; און דאָ איז זיך געגאַנגען אַ קרומפיסיגע צװײ, לעבען אַ פאַטאַלער דרײַ, איהר טראָגענדיגע און פול בוזימ׳דיגע פרוי; און הינטער זײ איז גע־גאַנגען הער פיער אויף קוליעס; װאַקלענדיג איז אַנגעקומען אַ פאַ־טאַלע פינף, מיט אַ קײַלעכדיגען בויך און אַ קלײן קעפּעלע, און דערנאָך איז געקומען אַ װאױלבאַקאַנטע קלײנע זעקס, און אײנע נאָך װאױל־באַקאַנטערע בײזע זיבען — דאָך װען איך האָב גאַנץ גענױ באַטראַכט די אומגליקליכע אַכט, װי זי האָט זיך פאַרבײַ־געװאַקעלט, האָב איך אַן איהר דערקענט דעם אַסעקוראַטאָר, װאָס האָט איצטער אויסגעזעהן װי די מאָגערסטע פון פּרעה׳ס מאָגערע קיה — בלאַסע, אײַנגעפאַלענע באַקען, װי אַ לײדיגער זופּ־טעלער,

א קאַלטרויטע נאָז, ווי א ווינטער־רויז, אן אָפּגעטראָגענער שוואר־צער ראָק, וואָס האָט פון זיך ארויסגעגעבען אן אומעטיגען ווײ־סען אָפּשיין, א הוט, אין וועלכען סאטורן האָט מיט דער קאסע אויסגעשניטענע עטליכע לעבער פאר לופט, דאָך די שטיוועל זיינע, זענען נאָך אלץ געווען אויסגעפּוצט בלאנק ווי א שפּיגעל — און ער אליין האָט שוין אויסגעזעהן, ניט ווי ער וואָלט טראַכטען, ווי אזוי מען קריגט העלאָיסאָן פאר אן אָנבייסען און מינקא'ן פאר אן אָבענד־ברויט. נאָר ער האָט גיכער אויסגעזעהן, ווי ער וואָלט געבענקט נאָך א מיטאָג פון געוועהנליכען רינדפלייש. צווישען די פארבייקיקייקעלדיגע נולען, האָב איך דערקענט ניט איין אַלטען באַקאנטען. אָט די און די אנדערע מענשען־צאָהלען האָבען זיך פארבייגעקייקעלט שנעל און הונגעריג; אין דער צייט, וואָס ניט ווייט פון זיי, לעבען די הייזער פון דעם יונגפערשטיעג, האָט זיך געצויגען א לויה, נאָך גרויענהאפּטער און קאָמישער. הינטער דעם טרויער וואָגען זענען געגאַנגען אויף זייערע דינע, שווארץ־זיידע־נע פיס, גלייך ווי מאריאָנעטען פון טויט, די ראטס־דיענער. די פּריווילעגירטע טרעגער פון לייד, אין פּאַראַדנעם אלט בורגונדישען קאָסטיום. קורצע שווארצע מאנטלען, מיט שווארצע פּלודערן, ווײ־סע פּארוקען און ווייסע האלזטיכער. און צווישען זיי האָבען גאָר נאַריש ארויסגעקוקט די רויטע געדונגענע פּנים'ער, קורצע שטאָ־לענע שווערדלעך אויף די היפּטען, אונטער די אָרעמס גרינע רע־גען־שירמס.

אָבער נאָך אונהיימליכער און צודרעהטער ווי די דאָזיגע בילדער, וואָס האָבען זיך שווייגענדיג פארבייגעטראָגען ווי א כי־נעזישער שאָטען־שפּיעל, זענען געווען די טענער, וואָס האָבען דורכגעדרונגען צו מיין אויער פון אן אנדערער זייט.

דאָס זענען געווען הייזעריגע, שנאָרכענדיגע מעטאַללאָזע טע־נער, אן אונזיניג שרייען הויך אויפ'ן קול, א קלאָגען, א יאָמערן, פּאטשען, קייכען, זיפצען און אָכצען, אן אונבאשרייבליכער אייז קאַלטער שמערץ־קלאַנג. דער באַסיין פון דער אַלסטער איז געווען צוגעפרוירען. נאָר נאָהענט ביים ברעג איז געווען אויסגעהאקט א גרויס ברייט פיער עקיג לאָך און די שרעקליכע טענער, וואָס

איך האב נאר וואס פארנומען, זענען דאס געקומען פון די קעהלען פון די ארימע ווייסע באשעפענישען, וואס האבען דארט ארומגעשוואומען און געשריען אין שרעקליכען טויט שרעק! און אך! דאס זענען געווען די זעלביגע שוואנען, וואס האבען אמאל אזוי לוסטיג און ווייך געריהרט מיין הארץ. אך! די שענע, ווייסע שוואנען! מען האט זיי צובראכען די פליגעל, כדי זיי זאלען אין הערבסט ניט קענען אויסוואנדערן אין דעם ווארעמען דרום. און איצטער האלט זיי דער קאלטער צפון פעסט אין זיין טונקעלען אייז־לאך — און דער מארקער פון פאוויליאן מיינט, אז זיי פיהלען זיך דא גוט, און אז די קעלט איז געזונד פאר זיי. דאס איז אבער ניט אמת. עס איז איינעם ניט גוט, ווען ער איז אהנמעכטיג איינגעשפארט אין א קאלטען לאך, כמעט איינגעפרוירען. און ס'איז איינעם ניט גוט, ווען די פליגעל זענען צובראכען, און מען קען ניט אוועקפליהען צו דעם שענעם דרום, וואו די שענע בלומען, וואו די גאלדענע זונענליכט, וואו די בלויע בערג־אזערעם — אך! אויך מיר איז עס אמאל געגאנגען ניט בעסער. און איך האב פארשטאנען די יסורים פון אט די ארימע שוואנען; און ווען עס איז געווארען וואס אמאל פינסטערער, און אויבען האבען די שטערען זיך באוויזען העלע, דיזעלביגע שטערען, וואס פלעגען זיך אמאל אין די זומער נעכט אזוי הייס פון ליעבע שפיעלען מיט די שוואנען, האבען איצט אבער אזוי ווינטערקאלט, אזוי פראסטיג קלאר און כמעט שפאטענדיג אויף זיי אראפגעקוקט — איצטער האב איך ערשט באגריפען, אז די שטערען זענען ניט קיין ליבענדיגע מיטפיהלענדיגע וועזענס, נאר בלויז גלאנצענדיגע אפנארערס פון דער נאכט, אייביגע באטריגערישע בילדער אין א גע'חלום'טען הימעל, גאלדענע ליגענס און טונקעל־בלויען גאר ניט — —

# קאַפּיטעל V

ווען איך האָב געשריבען דאָס פריהערדיגע קאַפּיטעל, האָב איך ניט ווילענדיג געטראַכט וועגען גאָר עפּיס אַנדערש, און אַלט ליעד האָט כסדר געהאַלטען אין איין זשומען אין מיין געדעכעניש, און בילדער און געדאַנקען האָבען זיך געהאַלטען אין איין פאַרווירען; איך מעג וועלען אָדער ניט, פון יענעם ליעד מוז איך רעדען. אפשר געהערט עס טאַקי אהער, און מיט רעכט שטופּט עס זיך דוקא אין דעם שרייבעכץ אריין. יאָ, איצטער הויב איך אַפילו אָן עס צו פאַרשטעהן. און איצטער פאַרשטעה איך שוין אויך דעם פינסטערען טאָן, מיט וועלכען קלאַס הינריכסאָן האָט עס געזונגען. ער איז געווען אַן אירלענדער און האָט ביי אונז געדיענט אַלס שטאַל־קנעכט, ביי די פערד. ער האָט עס נאָך געזונגען אין דעם אָבענד פריהער, איידער ער האָט זיך געהאַנגען אין אונזער שטאַל. ביי דעם רעפריין: „קוק זיך ארום הער פאַנוועד!" האָט ער צייטענווייז ביטער געלאַכט; די פערד פלעגען דערביי מורא'דיג הירזשען און דער הויף־הינד פלעגט בילען, גלייך ווי עמיצער וואָלט שטאַרבען. דאָס איז דאָס אַלטע דענישע ליעד וועגען דעם הער פאַנוועד, וואָס האָט זיך געלאָזט רייטען אין דער וועלט אריין און האָט זיך אזוי לאַנג ארומגעשלאָגען, ביז מען האָט איהם פאַרענטפערט אַלע זיינע פראַגען, און צום סוף ווען אַלע זיינע רעטעניישען זענען געווען אויפגעלעזט, רייט ער אהיים אַ פאַרדראָסיגער. די האַרף קלינגט פון דעם אָנהויב ביז'ן סוף. וואָס האָט ער געזונגען ביים אָנהויב? וואָס האָט ער געזונגען ביים סוף? איך האָב אָפט וועגען דעם נאָכגעטראַכט, קלאַס הינריכסאָנס קול פלעגט טיילמאָל זיין פול מיט טרעהרען, ווען ער פלעגט אָנהויבען דאָס ליעד, און עס פלעגט ווערען וואָס אמאָל רויהער און כעס'דיגער

ווי דער ים, ווען עס רוקט זיך אָן א שטורעם. עס הויבט זיך אָן אזוי:

הער פּאַנוועד זיצט אין צימער אליין,
ער שפּיעלט אויף זיין גאָלדענער הארף גאָר שען,
ער שפּיעלט אויף דער האַרף וואָס אונטער זיין קלייד,
דאָ קומט זיין מאַמע אריין צו געהן.

דאָס איז געווען זיין מוטער אַדעלין, די קעניגין, און זי זאָגט צו איהם אזוי: מיין יונגער זוהן, זאָלען אַנדערע שפּיעלען אויף דער הארף, און דו גורט אָן דיין שווערד, זעץ דיך אויף דיין פערד און לאָז דיך אוועק, אויספּרואווען דיין מוט, שטרייט און קעמף, קוק זיך ארום אין דער וועלט. קוק זיך ארום הער פּאַנוועד.

הער פּאַנוועד גורט אָן זיין שווערד אויף דער זייט,
איהם ווילט זיך מיט שונאים ארויסגעהן אין שטרייט,
נאָר זיין וועג איז א מאָדנער, ער קען ניט פארשטעהן,
וואָס ס'איז גאָר קיין מענש אויפ'ן וועג ניט צו זעהן.
קוק זיך ארום הער פּאַנוועד!

זיין שווערער העלעם פינקעלט און גלאנצט,
זיין טייערער פערד שפּרינגט אַזש און טאַנצט.
און זיין שפּאָרן קלינגט און שימערט און בליצט,
און ווי שען און שטאָלץ דער ריטער זיצט.
קוק זיך ארום הער פּאַנוועד!

ער פּאָהרט א טאָג און ער פּאָהרט אזוי דריי,
און ער זעהט נאָך אלץ ניט קיין שטאָדט דערביי.
און ער זאָגט זיך: — וואָס איז דאָ אין דעם לאַנד א דאָ,
איז גאָר קיין איינציגע שטאָט גאָר ניטאָ.
קוק זיך ארום הער פּאַנוועד!

ער רייט אזוי ווייטער און רייט אזוי לאנג,
ביז עס קומט אָן אנטקעגען הער טולע וואנג,
הער טולע מיט זיינע אלע לייט,
וואָס יעדערער איז א העלד אין שטרייט.
קוק זיך ארום הער פאָנוועד!

„מיין אינגסטער זוהן דו הער מיין וואָרט:
מיר בייטען די פאנצערס דאָ אויפ'ן אָרט,
דערנאָך אז מיר וועלען מאכען דעם בייט,
וועלען מיר מיט דעם ריטער ארוים אין אָ שטרייט.
קוק זיך ארום הער פאָנוועד!

הער פאָנוועד ער ציהט באלד ארוים פון דער שייד
זיין שווערד און ער ווארפט זיך אריין אינ'ם שטרייט,
און צום ערשטען דערשלאָגט ער הער טולע וואנג,
דערנאָך זיינע צוועלף זיהן שוין אין איין גאנג.
קוק זיך ארום הער פאָנוועד!

הער פאָנוועד גורט אָן זיין שווערד אויף דער זייט, איהם ווילט זיך רייטען ווייטער. דאָן טרעפט ער זיך מיט א יעגער, און וויל ניט אַנדערש, נאָר יענער זאָל איהם געבען אָ העלפט פון דעם וואָס ער האָט געפאנגען אויף זיין געיעג. דער יעגער אָבער וויל זיך מיט איהם ניט טיילען. און ער מוז מיט איהם קעמפען און ער ווערט דער'הרג'עט. און

הער פאָנוועד גורט אָן זיין שווערד,
און ווייטער טראָגט איהם שוין זיין פערד.
צום גרויסען בארג עס רייט דער העלד
און זעהט דאָרט שטעהן א פאסטוך'ס געצעלט.
קוק זיך ארום הער פאָנוועד!

הער צו דו פאסטוך, זאג זשע מיר:
וועמענס בהמות טרייבסטו פאר דיר.
און זאג מיר, וואס איז פון א ראד מעהר רונד,
אין ווייהנאכט וואו טרינקט מען ביז'ן סאמע גרונד?
קוק זיך ארום הער פאנוועד!

און וואו באהאלט זיך דער פיש אינ'ם ים,
און דער רויטער פויגעל וואו האט דעם בעסטען טעם?
און וואו ווערט געטרינקען דער בעסטער וויין,
און וואו שכור'ט ווידריך מיט די העלדען זיך איין?
קוק זיך ארום הער פאנוועד!

דער פאסטוך ער זיצט זיך אזוי אויף זיין ארט,
ער שווייגט און ער ענטפערט גאר ניט מיט קיין ווארט,
ביז הער פאנוועד טוט איהם א כאפ מיט דער צונג,
און רייסט פון דעם פאסטוך די לעבער און לונג.
קוק זיך ארום הער פאנוועד!

און ער קומט צו אן אנדערער סטאדע, און דא זיצט ווידער א פאסטוך, צו וועמען ער ווענדט זיך מיט זיינע פראגען. דער פאסטוך גיט איהם אבער באשייד, און הער פאנוועד נעמט אראפ א גאלדענעם רינג און טוט איהם אן דעם פאסטוך אויפ'ן ארעם. דערנאך רייט ער ווייטער און קומט צו טיגע האלד און דער'הרג'עט איהם צוזאמען מיט זיינע צוועלף זיהן און ווידער

ווארפט זיך הער פאנוועד ארויף אויפ'ן פערד,
און הינטער איהם ווערט פארשוואונדען די ערד.
און ווייטער און ווייטער איהם ציהט און ציהט,
און קיין ענטפער פון קיינעם באקומט ער ניט.
קוק זיך ארום הער פאנוועד!

צו אַ דריטער טשערעדע קומט ער אזוי,
דאָרט טרעפט ער אַ פּאסטוך, די האָר ווייס ווי שניי,
העי פּאסטוך דו ווייסט דאָך אַלץ ענטפּערן מיר.
אויף אַלץ וואָס איך וועל נאָר פרעגען ביי דיר.
קוק זיך אַרום הער פּאַנוועד!

דו זאָג מיר וואָס איז פון אַ ראָד מעהר רונד,
און וואו טרינקט מען ווייהנאַכט ביז'ן סאַמע גרונד,
און וואו געהט די זון נאָך אַ גאַנצען מעת לעת,
און ווי ליגען אין קבר די פיס פון אַ מת?
קוק זיך אַרום הער פּאַנוועד!

און וואָס פילט אָן אַ יעדערן טאָל,
און וואָס קלינגט העכער פון בושעלם קול.
און וואָס פאָר אַ קלייד פּאסט צום שענסטען אַ מאָן,
און וואָס איז שנעלער ווי דער אינד איז שנעל?
קוק זיך אַרום הער פּאַנוועד!

און ווער טראָגט די באָרד אויפ'ן רוקען קרום,
און ווער טראָגט די נאָז אויף דער גאָמבע אַרום,
און וואָס איז שווארצער ווי דער ריגעל ביים שוועל,
און וואָס איז שענער ווי דער ווינד איז שנעל?
קוק זיך אַרום הער פּאַנוועד!

און וואו אויף דער וועלט איז דער ברייטסטער בריק,
און וואָס איז דערווידער דעם מענשענס בליק,
און וואו געפינט זיך דער לענגסטער גאַנג,
און וואו ווערט געטרונקען דער קעלטסטער געטראַנק?
קוק זיך אַרום הער פּאַנוועד!

„די זון פון דעם ראָד איז מעהרער רונד,
אין הימעל טרינקט מען ווייהנאַכט ביז'ן אין סאַמע גרונד,

צום מערב געהט די זון נאָך א גאַנצען מעת לעת,
צו מזרח זייט ליגען די פּיס פון א מת.
קוק זיך ארום הער פּאָנוועד!

„און דער שניי פילט אָן א יעדערען טאָל,
און דער דונער הילכט העכער פונ'ם בושעלם קול.
און מוט איז דאָס שענסטע קלייד פאר א מאַן,
מלאכים זענען ווייסער פונ'ם ווייסען שוואַן.
קוק זיך ארום הער פּאָנוועד!

דער קיביץ טראָגט אויפ'ן רוקען זיין באָרד גאָר קרום,
און דער בער טראָגט זיין נאָז אויף דער גאָמבע ארום,
און שווארצער פון ריגעל ביים שוועל איז די זינד,
דער געדאנק איז שנעלער פונ'ם שנעלסטען אינד.
קוק זיך ארום הער פּאָנוועד!

„דאָס אייז בויט אוים די ברייטסטע בריק,
דער קראָט איז צום מייסטען דערוווידער דעם בליק.
דער וועג צום גן עדן איז דער לענגסטער גאַנג,
און מען טרינקט אויף דער ערד דעם קעלטסטען געטראַנק.
קוק זיך ארום הער פּאָנוועד!

„אָט האָסטו די עצות און ענטפערס פון מיר,
קיין אנדערע האָב איך שוין מעהר ניט פאר דיר.“
— איך טרוי דיר, נאָר זאָג מיר, וואו זאָל איך איצט געהן?
וואו זענען דאָ קעמפער און שטרייטער צו זעהן?
קוק זיך ארום הער פּאָנוועד!

„רייט ווייטער ביז זאַנדערבורג ווייט אריין,
דאָרט טרינקען די העלדען מעד און ווייז,
דאָרט טרעפסטו באַריהמטע ריטער לייט,

וואָס זענען גאַר גרויסע גבורים אין שטרייט.
קוק זיך אַרום הער פּאַנוועד!

נעמט הער פּאַנוועד זיין רינג אַראָפּ פון דער האַנד,
וואָס וועגט אַפשר פופצעהן פונט קוראַנט.
און שענקט עס דעם אַלטען פּאַסטוך אַוועק,
ווייל ער האָט געוויזען איהם דעם רעכטען וועג.
קוק זיך אַרום הער פּאַנוועד!

און ער רייט אַריין אין דעם בורג. און ער דערשלאָגט צוערשט
דעם ריטער ראַנדליף, דערנאָך דעם ריטער שטראַנדליף.

עגע אינדער און זיין ברודער עגע קאַרעל'ן דאָרט,
האָט ער באַלד דערשלאָגען צום טויט אויפ'ן אָרט,
און אויף רעכטס און אויף לינקס האָט געשניטען זיין שווערד,
ביז ס'זענען די שונאים געפאַלען צו דער ערד.
קוק זיך אַרום הער פּאַנוועד!

הער פּאַנוועד באַהאַלט זיין שווערד אויף דער זייט,
און טראַכט רייטען ווייטער נאָך נייעם שטרייט,
ער רייט און ער רייט ביז סאַמע עק וועלט,
דאָרט טרעפט ער אַ גרויסען באַרימטען העלד.
קוק זיך אַרום הער פּאַנוועד!

העי, זאָג מיר, דו ריטער, דו ווייסט מן הסתם,
וואו לעבען די פיש אין דער טיפקייט פון ים,
און וואו ווערט געטרונקען דער טייערסטער וויין,
און וואו שכור'ט ווידריך מיט די העלדען זיך איין?
קוק זיך אַרום הער פּאַנוועד!

„אויפ'ן מזרח אין ים לעבען פיש זעהר פיין,
אין צפון טרינקט מען דעם טייערסטען וויין,

און ווידריך געפינט זיך אין האָלאַנד ווייט,
איהם רינגלען אַרום זיינע ריטערלייט.״
קוק זיך אַרום הער פאַנוועד!

און זיין גאָלדענעם רינג נעמט הער פאַנוועד אראָפּ
און גיט איהם צום עלדישען ריטער אָפּ:
— דאָס ביזטו דער לעצטער מענש אויף דער וועלט,
וואָס געווינט דאָס גאָלד פון פאַנוועד דעם העלד.
קוק זיך אַרום הער פאַנוועד!

הער פאַנוועד קומט ביז אַ פּאַלאַץ אַרויף
און רופט צו די וועכטער איהם לאָזען אין הויף.
נאָר קיין וועכטער קומט ניט צום טויער צו געהן
שפּרינגט פאַנוועד אַריבער דעם טויער אַליין.
קוק זיך אַרום הער פאַנוועד!

ער בינדט־צו זיין פערד צו אַ זייט אין הויף,
און לאָזט זיך אין זאַל פון פּאַלאַץ אַרויף.
און זעצט זיך ביים טיש אויפ׳ן העכסטען אָרט.
ער זיצט ביים טיש און רעדט ניט קיין וואָרט.
קוק זיך אַרום הער פאַנוועד!

ער עסט און ער טרינקט און ער פרעגט זיך ניט אָן,
ווי ס׳וואָלט דאָ דער קעניג ניט זיצען אויפ׳ן טראָן:
— איך בין שוין אַ וועלט אויסגעוועז, און ניטאָ
אזעלכענע פאַרשאָלטענע ציינגער ווי דאָ.
קוק זיך אַרום הער פאַנוועד!

גיט באַלד דער קעניג אַרויס אַ בעפעהל:
העי בינדט דעם משוגענעם דאָ אויפ׳ן שטעל.
און בינדט איהר דעם משוגענעם גוט ניט איין,

איז קענט איהר דעם קעניג געטריי ניט זיין.
קוק זיך ארום הער פאָנוועד!

„דו קענסט נעמען פינף און צוויי מאָל צעהן,
און אלם צוגאָב אפילו וואָלסטו געווען,
מיך בינדען וועט דיין פארשאָלטענע האנד,
קיינמאָל אין דער וועלט ניט זיין אים שטאנד.
קוק זיך ארום הער פאָנוועד!

„דער קעניג עסמאר ווענען איך בין א זוהן,
און מיין מוטער די שטאָלצע אדעלין,
זיי האָבען פארזאָגט מיר שטרענג און גוט,
ניט לאָז צו דעם שווינדלער צו דיין האָב און גוט."
קוק זיך ארום הער פאָנוועד!

— אז דו ביזט דעם קעניג עסמארס זוהן,
און דיין מוטער איז די קעניגין אדעלין,
ביזטו דאָס הער פאָנוועד דער פאָלאדין
דער זוהן פון מיין שוועסטער אדעלין.
קוק זיך ארום הער פאָנוועד!

הער פאָנוועד, ווען דו ווילסט פארבלייבען ביי מיר,
וועל איך פיעל כבוד און רוהם שענקען צו דיר,
און ווילסטו ארומרייזען איבער מיין לאנד,
וויל איך מיינע ריטער דיר געבען צום האנד.
קוק זיך ארום הער פאָנוועד!

און ווען דו וועסט געהן צוריק אין דיין לאנד,
וועל איך האלב פון מיין רייכקייט דיר געבען אין האנד,—
נאָר הער פאָנוועד ציהט ניט דאָס גאנצע גליק.
איהם ווילט זיך אהיים צו זיין מוטער צוריק.
קוק זיך ארום הער פאָנוועד!

הער פאַנוועד פאָהרט זיך אהיים צוריק.
און פארדראָס און כעס ברענט אין זיין בליק.
און ווי נאָר ער קומט צו זיין היימישען אָרט,
צוועלף אַלטע מכשפות טרעפט ער דאָרט.
קוק זיך אָרום הער פאַנוועד!

זיי וואַרטען מיט שפינדלען אין זייערע הענד,
און באפאלען הער פאַנוועד וואו נאָר געקענט,
ביז הער פאַנוועד טוט א שפרונג מיט זיין פערד,
און די מכשפות פאלען פאר איהם צו דער ערד.
קוק זיך אָרום הער פאַנוועד!

נאָר ביי איהם איז פאר זיי קיין רחמנות ניטאָ,
און זיי ליגען דער'הרג'עט אַלע באלד דאָ,
און זיין מוטער האָט אויך דאָס זעלביגע גליק,
ער נעמט און צוהאקט איהר אין פינף טויזענד שטיק.
קוק זיך אָרום הער פאַנוועד!

ער קומט דערנאָך אין זיין זאַל אריין,
ער עסט און ער טרינקט פון דעם ליכטיגען וויין,
און ער שפיעלט אויף זיין הארף. די הארף זי קלינגט
אַלץ שטארקער און שטארקער ביז זי צושפרינגט.
קוק זיך אָרום הער פאַנוועד!

## קאַפּיטעל VI.

עס איז אבער געווען א זעהר ליעבליכער פריהלינגס־טאָג, ווען איך האָב צום ערשטען מאָל פארלאָזט האמבורג. איך זעה נאָך איצט ווי די גאָלדענע זונען־שטראהלען האָבען געשפּיעלט אויף די טער באשמירטע בייכער פון די שיפען. און איך הער נאָך דאָס לאנג אויסגעצויגענע זינגען האיהאָ! פון די מאטראָזען. אזא האָפען אין פריהלינג האָט דערפאר די פריינדליכסטע עהנליכ־קייט מיט דעם געמיטה פון א יונג בחור׳ל, וואָס געהט צום ערש־טען מאָל ארויס אין דער וועלט, וואָס וואגט צום ערשטען מאָל ארויסצוגעהן אויף דעם אָפענעם ים פון לעבען — אלע געדאנקען זענען נאָך ווי בעהאנגען מיט פיעלפארביגע פאָהנען, פון אלע זעגלען פון זיינע וואונשען וועהט מיט איבערמוט, האיהאָ! אבער באלד הויבען זיך אויף די שטורעמס, די ווינד־כלה היילט, די פלאנקענס קראכען, די וועלען צוברעכען דעם רודער און די אָרעמע שיף ווערט צושמעטערט אויף ראָמאנ־טישע פעלזען, אָדער בלייבט שטעקען אויף דעם פּראָזאישען זאמד— אָדער אפשר קומט זי אָן א צובראָכענע מיט א צושמעטערטען מאסט אָהן איין איינציגען אנקער פון האָפנונג צוריק אין דעם אלטען האפען, און דאָרט ווערט זי צופוילט, ווערט שרעקליך אָפּ־געקראָכען, ווי א צובראָכענע כלי.

אָבער עס זענען אויך פאראנען מענשען, וואָס קענען ניט פארגליכען ווערען מיט קיין פשוט׳ע שיפען, נאָר מיט דאמף שיפען. אָט די טראָגען פינסטער פייער אין זייער ברוסט און זיי פאָהרען אקעגען דעם ווינד און דעם וועטער — זייער רויך־פאָהן פלאטערט ווי דער שווארצער פעדער פון דעם נאכט־רייטער, זייערע צייניגע־רעדער זענען די קאָלאָסאלע שפּאָרן, מיט וועלכע זיי שטע־

כען דעם ים און די װעלען־ריפּען, און דאָס װידערשפּעניגע שװי־מענדיגע װאַסער מוז זיך אונטערגעבען זייער װילען װי אַ פערד גיט זיך אונטער צום רייטער. אבער גאַר אָפּט פּלאַצט דער קעסעל און דאָס אינערליכע פייער פאַרצעהרט אונז.

דאָך איך װעל זיך צוריק ארױסשלעפּען פון דעם מעטאַפאָר און זיך זעצען אויף אַן אמת׳ר שיף, װאָס פאָהרט פון האמבורג קיין אמסטערדאם. דאָס איז געװען אַ שװעדישע שיף, האָט אָנגע־לאָדען אויף זיך אַ חוץ אָט דעם העלד, אויך אייזענװאַרג, און װאָס װעט אפשר אויפ׳ן װעג צוריק פיהרען אַ לאַדונג מיט שטאָקפיש קיין האמבורג, אָדער סאָװעס קיין אַטהען.

די געגענדען ארום די ברעגען פון דער עלבע זענען װאונדער־ליך שען. באַזונדערס הינטער אַלטאָנא, ביי רעינװיל. ניט װייט פון דאָרטען ליגט באַגראָבען קלאָפּשטאָק. איך קען ניט קיין אָרט, װאו אַ דיכטער קען ליגען בעסער באַגראָבען װי דאָרט. צו לעבען דאָרט אלס אַ לעבעדיגער דיכטער, איז שוין פיעל שװערער. װי־פיעל מאָל האָב איך באַזוכט זיין קבר, זינגער פון „מעסיאס“, װאָס דו האָסט אַזוי ריהרענדיג אמת באַזונגען די ליידען פון יעזוס׳ן! דו האָסט אבער אויך גענוג לאַנג געװאוינט אויף דער קעניג־גאַס הינטער דעם יונגפערשטיעג, כדי צו װיסען, װי אַזוי נביאים װערען געקרייציגט.

אויפ׳ן צװייטען טאָג זענען מיר אָנגעקומען קיין קוקסהאפען, — אַ האמבורגישע קאָלאָניע. די איינװאוינער זענען אונטערטאָ־נען פון דער רעפּובליק און עס געהט זיי זעהר גוט. װען זיי פריה־רען אין װינטער, װערט זיי צוגעשיקט פון האמבורג װאָלענע דע־קען, און אין די צו הייסע זומערטעג שיקט מען זיי אויך לעמאָ־נאַדע. אלס פּראָקאָנסול רעזידירט דאָרט אַ הױכער, אָדער װאויל געלעהרנטער סענאַטאָר. ער האָט אַ יעהרליכען איינקונפט פון 20,000 מאַרק — און ער רעגיערט איבער 5000 נפשות. דאָרט איז אויך פאַראַן אַ ים־באָד, װאָס איז אין דערזעלביגער צייט אויך אַן עלבע־באָד. אַ גרױסער דאַם, אויף װעלכען מען קען געהן שפּאַ־ציערען, פיהרט קיין ריצעריטעל, װאָס געהערט אויך צו קוקס־האפען. דאָס װאָרט קומט פון פעניציש: די װערטער „ריצע“ און

„ביוטעל“ הייסען אויף פעניציש דער „אויסגוס פון דער עלבע“. א טייל היסטאָריקער באהויפּטען, אז קארל דער גרויסער האָט האמ־בורג נאָר פארגרעסערט. אבער געגרינדעט האָבען די פעניצער האמבורג און אלטאָנאָ. און דאָס, אין דערזעלביגער צייט ווען סדום און עמורה זענען חרוב געוואָרען. אפשר האָבען זיך פליכטלינגע פון יענע מקומות געראַטעט ביים אויסגוס פון דער עלבע. צווישען די „פיהלענטוויטע“ און די „קאוועמאכעריי“ האָט מען אויס־געגראָבען מטבעות, וואָס זענען נאָך געמאכט געוואָרען אין די צייטען ווען עס האָבען רעגיערט בערא דער דרייצעהנטער, און בירזא דער צעהנטער. לויט מיין מיינונג איז האמבורג דאָס אלטע תרשיש, פון וואנען שלמה המלך האָט געקראָגען גאנצע שיפען מיט גאָלד, זילבער, עלפענביין, פאוועס און אפען. שלמה, דאָס איז דער קעניג פון יהודה און ישראל און ער האָט אלע מאָל געהאט א באזונדערע ליעבע פאר גאָלד און אפען.

אָט די ערשטע ים־רייזע וועל איך קיינמאָל ניט פארגעסען. מיין אלטע עלטער־מוהמע האָט מיר געפלעגט דערצעהלען אזוי פיעל וואסער מעשה’לעך, וואָס האָבען איצטער אויפס ניי אויפ־געבליהט אין מיין זכרון. איך האָב געקענט זיצען גאנצע שעה’ן אויפ’ן דעק און טראכטען פון די אלטע געשיכטען. און ווען די וועלען האָבען געמורמעלט, האָט זיך מיר געדאַכט, אז איך הער דאָס רעדען מיין אלטע עלטער מוהמע. ווען איך האָב צוגעמאכט די אויגען, האָב איך זי באשיינפערליך געזעהן שטעהען פאר מיר, מיט דעם איינציגען צאָהן אין מויל, און ווידער האָט זי שנעל באוועגט מיט די ליפּען און מיר דערצעהלט די מעשה פון דעם פליהענדיגען האלענדער.

איך וואָלט זעהר גערן געוואָלט זעהן די ים־ניקסען, וואָס זי־צען אויף די ווייסע שטיינער און קעמען זיך די גרינע האָר; איך האָב זיי אבער נאָר געקענט הערען זינגען.

ווי איך האָב זיך ניט אָנגעשטרענגט און טיילמאָל אראָפּגע־קוקט אין דעם קלאָרען ים, האָב איך דאָך ניט געקענט זעהן די איינגעזונקענע שטעדט, אין וועלכע די מענשען, פאר’כשופ’ט אין געשטאַלטען פון אלערליי פיש, פיהרען א טיעף, וואונדער טיעף

וואסער לעבען. עס הייסט, אז די לאקסען און די אלטע העכט זיי־
צען דארטען, אויסגעפוצט ווי דאמען ביים פענסטער, קיהלען זיך
מיט פאכערס און קוקען אראפ אויף דער גאס, וואו די שעלפיש
שווימען פארביי אין דעם טראכט פון ראטהסהערען, און יונגע
מאדע הערינג קוקען זיי נאך מיט די לארנעטען. און וואו קרעבסען,
הומער און אנדערע אזעלכע נידעריגע קרעבס המון־עם, שווימעלט
ארום. איך אבער האב אזוי טיעף ניט געקענט זעהן. און נאר די
גלאקען פון אונטען האב איך געהערט קלינגען.

אין דער נאכט האב איך אמאל געזעהן פארביי פאהרען א
גרויסע שיף מיט אויסגעשפרייטע בלוטרויטע זעגלען, אזוי, אז זי
האט אויסגעזעהן ווי א טונקעלער ריעז, אין א ברייטען שארלאך־
רויטען מאנטעל. איז דאס געוועזן דער פליהענדיגער האלענדער?
אין אמסטערדאם אבער, וואו איך בין באלד אנגעקומען, האב איך
איהם געזעהן באשיינפערליך, דעם גרויענהאפטען מינהער. און דאס
אויף דער ביהנע. ביי דער געלעגענהייט, האב איך אין אמסטער־
דאם טעאטער, אויך זיך באקענט מיט איינער פון יענע ניקסען,
וואס אומזיסט האב איך זי געזוכט אויפ'ן ים. איך וויל פאר
איהר'ט ווענען, ווייל זי איז געוועזן גאר ליעבליך, ווידמען א בא־
זונדערן קאפיטעל.

## קאפיטעל VII.

די מעשה פון דעם פליהענדיגען האלענדער איז אייך געווים באקאנט. דאס איז די געשיכטע פון דער פארשאלטענער שיף, וואס קען קיינמאל ניט ארייקומען אין האפען, און פאהרט איצטער, שוין זינט א לאנגע צייט, וואס קיינער געדענקט ניט, ארום אויפ'ן ים. באגעגענט די שיף אן אנדערע שיף, אזוי קומען עטליכע פון די אונהיימליכע מאנשאפטען צו שווימען אויף א שיפעל, און בעטען, אז מען זאל אזוי גוט זיין און פאר זיי איבערנעמען א פעקעל מיט בריעף. אט די בריעף מוז מען פעסט צוקלאפען מיט נעגעל אויף דעם מאסטבוים, ווען ניט, געשעהט דעם שיף אן אומגליק, באזונדערס ווען אויפ'ן שיף געפינט זיך ניט קיין ביבעל, און ווען אויף דעם פאדערשטען מאסט איז ניט צוגעקלאפט קיין פאטקאווע. די בריעף זענען אלעמאל אדרעסירט צו מענשען, וואס מען קען גאר ניט, אדער אזעלכענע, וואס זענען שוין לאנג געשטארבען. אזוי, אז טיילמאל קריגט אן אוראייניקעל א ליעבע־בריעף, וואס איז געווען געשריעבען צו זיין עלטער־באבען, וואס ליגט שוין אין קבר זינט הונדערט יאהר. אט יענער הילצערנער געשפענסט, יענע גרויענהאפטע שיף, טראגט דעם נאמען פון זיין קאפיטאן, א האלענדער, וועלכער האט אמאל געשוואוירען ביי אלע טייוואלים, אז ער וועט מוזען ארומפאהרען עפיס א בארגיגען געגענד, וועמענס נאמען איך האב פארגעסען, אויף צו להכעיס דעם שטארקסטען שטורעם, וואס האט גראד געוועהט, און ער האט געזאגט, אט די בערג, מוז ער ארומשווימען, און ווען אפילו ער זאל אזוי דארפען ארומפאהרען ביז צום סוף פון די טעג. דער טייוועל האט איהם געכאפט ביים ווארט, און ער מוז ארומבלאנדזשען אויפ'ן ים ביז צום סוף פון די טעג. און עס הייסט אויך, אז נאר דורך דער געטרייקייט פון א פרוי וועט ער קענען אויסגעלעזט ווערען. דער טייוועל

דום ווי ער איז, גלויבט ער ניט אין דער געטרייקייט פון ווייבער, און ער ערלויבט דערפאר אלע זיעבען יאהר דעם שיפסקאפּיטאן איינמאל קומען אויפ'ן לאנד און חתונה צו האבען. ארימער האַ־לענדער! ער פיהלט זיך אפּט גליקליך, ווען ער קען פון זיין אוים־לייזערין אליין צוריק אויסגעלייזט ווערען, און ער לאזט זיך ווי־טער אוועק אויפ'ן ים.

אויף דער דאזיגער מעשה איז אויפגעבויט דאס שטיק, וואס איך האב געזעהן אין אמסטערדאמער טעאטער. עס זענען ווידער פאראיבער די זיעבען יאהר. דער ארימער האלענדער איז פון דעם ענדלאזען ארומבלאנדזשען ווידער מיעד ווי אמאל, שטייגט ער ארויס אויפ'ן לאנד, שליסט פריינדשאפט מיט א שאטלענדישען סוחר, פארקויפט איהם דימענטען פאר א שפּאטביליגען פּרייז, און ווי ער הערט, אז זיין קונה האט א שענע טאכטער, וויל ער זי האַ־בען פאר א ווייב. אויך ד ע ר מסחר ווערט געשלאסען. איצטער זע־הען מיר דעם שאטלענדישען סוחר'ס הויז; דאס מיידעל ערוואַרט איהר חתן מיט א קלאפּענדיג הארץ. זי הויבט אפטמאל אויף איהר בליקען מיט אן אומעט צו א גרויסען אפגעבלאקירטען בילד, וואס הענגט אין שטוב, און שטעלט פאר א שענעם מאן אין שפּאניש־האלענדישען טראכט; דאס איז אן אלט ירושה בילד. און וועדליג די באבע דערצעהלט, איז דאס א געטרייע קאפּיע פון דעם פלי־הענדיגען האלענדער, ווי מען האט איהם מיט הונדערט יאהר צו־ריק געזעהען אין שאטלאנד, אין דער צייט פון דעם קעניג וויל־העלם פון אראניען. מיט דעם דאזיגען בילד איז אויך איבערגע־גאנגען א ווארנונג: אז די פרויען פון דער משפחה זאלען זיך היטען פאר דעם אריגינאל. און טאקי דערפאר האט זיך דאס מיי־דעל פון קינדהייט אן ארייננגענומען די שטריכען פון אט דעם גע־פעהרליכען מאן אין הארץ אריין. ווען דער אמת'דיגער פליהענ־דיגער האלענדער, קומט איצט אריין א לעבעדיגער, דערשרעקט זיך דאס מיידעל, אבער ניט אויס מורא. אויך יענער ווערט גע־טראפען, ווען ער דערזעהט דאס פּארטרעט. ווען מען ערקלעהרט איהם, ווענען עס שטעלט פאר, פארשטעהט ער פון דעסטוועגען פון זיך אפצוטאן יעדען חשד; ער לאכט איבער דעם אבערגלוי־

בען, מאכט חוזק פון דעם פליהענדיגען האַלענדער, דעם אייבינען איד פון אַקעאַן; און דאָך ניט ווילענדיג, געהט ער איבער אין אַן אומעטיגען טאָן און שילדערט, ווי מינהער מוז אויף דעם אויס־טערלישען וואסער מדבר אויסשטעהען אַלערליי אונערהערטע יסורים, און זיין ליב איז ניט מעהר ווי אַן ארון פאר דעם גוף אין וועלכען זיין נשמה לאַנגווייליגט זיך; ווי דאָס לעבען שטויסט איהם פון זיך, און ווי דער טויט ווייזט איהם צוריק; פונקט אַזוי ווי א ליידיג פאַס, וואָס די כוואַליעס וואַרפען עס איינער צום צווייטען און מיט שפּאָט וואַרפען זיי עס צוריק, אַזוי ווערט דער אָרימער האַלענדער געשליידערט הין און צוריק צווישען טויט און לעבען, קיינער פון די צוויי וויל איהם ניט האָבען; זיין שמערץ איז טיעף ווי דער ים, אויף וועלכען ער שווימט ארום, זיין שיף איז אָהן אַן אנקער און זיין הארץ איז אָהן א האָפענונג.

איך גלויב, אַז דאָס אונגעפעהר זענען געווען די ווערטער. מיט וועלכע דער חתן האָט געענדיגט זיינע רייד. די כלה באַטראכט איהם ערענסטהאפט, און וואַרפט נאָכאמאָל א זייטיגען בליק אויפ׳ן פּאָרטרעט. עס זעהט אויס, ווי זי וואָלט דערגאַנגען זיין געהיימנים, און ווען ער פרעגט דערנאָך: קאַטארינא, ווילסטו מיר זיין געטריי? ענטפערט זי ענטשלאָסען: געטריי ביז צום טויט.

ביי דער דאָזיגער שטעלע דערמאָן איך זיך, אַז איך האָב געהערט לאַכען. און דאָס געלעכטער איז ניט געקומען פון אונטען אויס דעם גיהנום, נאָר פון אויבען פון גן־עדן. ווען איך האָב ארויפגעקוקט, האָב איך דערזעהן א וואונדערשענע חוה, וואָס האָט מיט איהרע גרויסע בלויע אויגען מיך פאַרפיהרעריש אָנגעקוקט. איהר אָרעם האָט ארונטערגעהאַנגען איבער דער גאַלעריע און אין האַנד האָט זי געהאַלטען אַן עפּעל. אָדער בעסער געזאָגט אַן אַפּעלסין. אָנשטאָט אָבער, מיר סימבאָליש צו וועלען געבען די העלפט, האָט זי מיר בלויז מעטאַפאָריש געוואָרפען די שאָלעכץ אויפ׳ן קאָפּ. איז דאָס געווען מיט א כיון צי בלויז א צופאַל? דאָס האָב איך געוואָלט וויסען. ווען איך האָב אָבער ארויפגעקלעטערט אין גן עדן, כדי די באַקאַנטשאַפט צו פאַרציהען ווייטער, האָב

איך זיך ניט ווייניג געוואונדערט, וואס איך האב געפונען א ווייס, זאנפט מיידעל, א ווייבליכע געשטאלט דורך און דורך, ניט מאגער אבער צארט ווי קריסטאל. א בילד פון גוטער ערציהונג און באגלי־קענדיגער ליעבליכקייט. בלויז ביי דער לינקער אויבערליפ האט זיך עפּיס געצווינגען. אדער בעסער געזאגט, האט זיך עפּיס געקריי־זעלט ווי דער עק פון אן אנטלויפענדיגען עקדיש. דאס איז געווען אזא געהיימניספול צוקען, וואס מען זעהט איהם גראד ניט ביי די ריינע מלאכים. אבער אויך ניט ביי די מיאוס'ע טייוואלים. דאס דאזיגע צוקען האט ניט בעטייט קיין גוטס און ניט קיין שלעכטס, נאר בלויז א שלעכט וויסען; דאס איז א שמייכעלע, וואס איז געווארען פארגיפטעט פון יענעם עץ הדעת, וואס דאס מויל האט גענאסען. ווען איך דערזעה דאס צוקען אויף ווייכע, דאזאווע מעדעלשע ליפען, דאן פיהל איך דעם קראמפהאפטען צי־טער אין מיינע אייגענע ליפען, א ציטערדיגער פארלאנג יענע לי־פען צו קושען; דאס איז וואהלפארוואנדשאפט.

איך האב דערפאר איינגערוימט דעם יונגען מיידעל אין אוי־ער אריין: — מיידעל! איך וויל קושען דיין מויל.

— ביי גאט, מינהער, דאס איז א גוטער איינפאל! — איז געווען דער ענטפער, וואס האט ארויסגעקלונגען פון הארצען שנעל און מיט אן ענטציקענדען קלאנג.

אבער ניין — די גאנצע געשיכטע, וואס איך האב דא געוואלט דערצעהלען, און צו וועלכען דער פליהענדיגער האלענדער האט גע־זאלט דיענען אלס א ראהם, וועל איך איצטער אויסלאזען. דער־מיט וועל איך זיך נוקם זיין אין די צבועים, וואס שלינגען אזעל־בענע מעשיות מיט גרוים הנאה, און זענען פון זיי ענטציקט ביז צום נאפּעל, ניין, נאך טיעפער פון נאפּעל, און דערנאך באַרעדען זיי דעם דערצעהלער אין געזעלשאפט. דרעהען איבער איהם מיט דער נאז, און פארשרייען איהם אלס אונמאראליש. דאס איז א גוטע געשיכטע. געשמאק ווי איינגעמאכירטע אנאנאס, אדער ווי פרישער קאוויאר, אדער ווי בורגינדער טריפלען. און זי וואלט געווען אן אנגענעהמע מעשה צום לייענען נאכ'ן עסען; אבער אוים נקמה, אלס א שטראף פאר פריהערדיגע אונגערעכטיקייטען, וויל

איך זי דורכלאָזען. איך מאַך דערפאר אַט אַ דאַ אַ לאַנגען גע־דאַנקען שטריך ————.

אַט דער שטריך באַטייט אַ שווארצע זאַפּאַ, און אויף איהר פּאַסירט די געשיכטע, וואָס איך דערצעהל ניט. דער אונשולדיגער מוז ליידען מיט דעם שולדיגען. און ניט איין גוטע נשמה קוקט מיך איצטער אָן מיט אַ בעטענדיגען בליק. אויב אַזוי, וועל איך אַט דער בעסערער בסוד איבערגעבען, אַז קיינמאָל ביז איך נאָך ניט געוואָרען געקושט אַזוי ווילד, ווי פון יענער האָלענדישער בלאָנ־דינע, און אַז דער פּאַראורטייל, וואָס איך פלעג ביז דעמאָלט האָבען צו בלאָנדע האָר און בלויע אויגען, איז אין גאַנצען צושטערט גע־וואָרען. איך האָב ערשט איצטער באַגריפען, פאַרוואָס אַן ענגלי־שער דיכטער האָט אַזעלכענע דאַמען פאַרגליכען מיט געפרוירענעם שאַמפּאַניער. אין דער אייזיגער הילע לויערט דער הייסטער עקסטראַקט. עס איז ניטאָ קיין פּיקאַנטערע זאַך, ווי דער קאָנטראַסט צווישען דער דרויסענדיגער קעלט און דעם אינוועניגסטען פייער, וואָס פלאַקערט ארוים באַקכאַנטיש, און פאַר'שכור'ט דעם גליקלי־כען טרינקער אַז ער קען זיך ניט ווערען. יאָ, פיעל מעהר ווי אין ברונעטקעס, ברענט דאָס ליידענשאַפטליכע פייער אין מאַנכע פון דרויסען שטילע הייליגע בילדער, מיט גאָלדענע גלאָריענהאָר און בלויע הימעלאויגען און פרומע ליליענהענד. איך ווייס פון אַ בלאָנדינע פון איינעם פון די בעסטע נידערלענדישע הייזער, וואָס פלעגט אָפט פאַרלאָזען איהר שענעם שלאָס ביים ציידער זעע, און אינקאָגניטאָ געהן קיין אַמסטערדאַם אין טעאַטער אריין. און יעדען ווער עס איז איהר נאָר געפעלען, האָט זי געוואָרפען שאַלען פון אַפּעלסינען אויפ'ן קאָפּ. טיילמאָל פלעגט זי גאָר צוברענגען די נעכט אין די ווייסטע טראַקטירען פון די מאַטראָזען, ווי די האָלענ־דישע מעסאַלינע.

— — ווען איך האָב זיך צוריקגעקעהרט אין טעאַטער אריין, בין איך גראָד אָנגעקומען צו דער לעצטער סצענע, וואו דאָס ווייב פון דעם פליהענדיגען האָלענדער, די פרוי, פליהענדיגע האָלענדע־רין, שטעהט אויף אַ הויכען פעלז אין מיטען ים, ברעכט די הענד פול מיט פאַרצווייפלונג, אין דער צייט, וואָס טיעפער אויפ'ן ים

קען מען זעהן איהר אומגליקליכען מאַן אויף דעם אונהיימליכען שיף. ער האַט זי ליעב און וויל זי פאַרלאַזען, כדי זי ניט ארייַנצו־שלעפּען אין אומגליק, און ער איז זיך מודה פאַר איהר אויף זיין גרויענהאַפטען מזל, און דערצעהלט איהר פון דער שרעקליכער קללה, וואָס ליגט אויף איהם. זי אבער רופט אוים אויף א הויך קול: איך בין דיר געווען געטריי ביז צו דער איצטיגער שעה, און איך ווייס א זיכער מיטעל דורך וועלכען איך וועל אָנהאַלטען מיין געטרייקיים ביז צום טויט!

ביי די דאָזיגע ווערטער האַט זיך דאָס געטרייע ווייב אריינ־געוואָרפען אין ים אריין, און איצטער איז אויך געקומען א סוף צו דער פאַרשאָלטענקייט פון דעם פליהענדיגען האָלענדער. ער איז אויסגעלייזט, און מיר זעהען ווי דאָס געשפּענסטישע שיף פאַר־זינקט אין אבגרונד.

די מאָראַל פון דעם שטיק איז פאַר די פרויען, אז זיי זאָלען אויפּפּאַסען און ניט חתונה האָבען מיט קיין פליהענדיגען האָלענ־דער; און מיר מענער זעהען ארוים פון אָט דעם שטיק, אז דורך די ווייבער אפילו ביים בעסטען פאַל, געהען מיר צו גרונד.

# קאפיטעל VIII.

אבער ניט בלויז אין אמסטערדאם האבען זיך די געטער באמיהט, צו צושטערען מיין פאראורטייל אקעגען די בלאנדינעס. אויך אין די איבעריגע שטעדט פון האלאנד האב איך געהאט דאס גליק צו פאריכטען מיין פריהערדיגען טעות. איך וויל דא אבסאלוט ניט לויבען די האלענדערינס אויף דעם חשבון פון די דאמען אין אנדערע לענדער. זאל מיך גאט היטען פון אזא אומרעכט. וועלכער וואלט פון מיין זייט געוועז די גרעסטע אונדאנקבארקייט. יעדעס לאנד האט זיך זיינע באזונדערע מאכלים, און יעדעס לאנד האט זיך זיינע באזונדערע פרויען. און דאס איז אלץ נאר א געשמאק זאך. איינער האט ליעב געבראטענע היהנער, און אנדערער האט ליעב געבראטענע קאטשקעס. וואס מיר אנבעלאנגט, האב איך ליעב געבראטענע היהנער און געבראטענע קאטשקעס; און א חוץ דעם נאך געבראטענע גענז. באטראכט מען דאס פון הויכען אידעאלען שטאנדפונקט, האבען די ווייבער אומעטום א געוויסע עהנליכקייט מיט דער קיך פון לאנד. זענען ניט די בריטישע שענהייטען פונקט אזוי געזונד, נארהאפט סאליד, קאנסיסטענט, אהן קונסט. און דאך אזוי אויסגעצייכענט גוט, ווי אלטענגלאנדס גוטע מאכלים: רעדביף, שעפסענע געבראטענס, פודינג און פלאמענדיגען קאניאק, גרינסען געקאכט אין וואסער, לעבען צוויי סאסען, וואס איינער פון זיי באשטעהט פון צולאזטער פוטער? דא שמייכעלט ניט קיין פריקאזי, דא נארט ניט אפ קיין פלאטערענדיג Vol-au-vent דא זופצט ניט קיין גייסטיגער ראגו. דא טאנצען ניט יענע טויזענדערליי געשטאפטע, געזאטענע, געבראטענע, אנגעצוקערטע, פיקאנטע, דעקלאמאטארישע און סענטימענטאלע געריכטען, ווי מיר געפינען זיי אין א פראנצויזישען רעסטא־

ראַז, און וואָס האָבען די גרעסטע עהנליכקייט צו די שענע פראַנ־צויזינס! באמערקען מיר דאָך ניט זעלטען, אז ביי זיי ווערט דער אייגענטליכער שטאָף באטראכט בלויז אלס די נעבען זאך, אז דער בראַטען גופא האָט טיילמאָל ווענינגער ווערט, ווי דער סאָס, אז דאָ איז די הויפּט־זאך — געשמאַק, גראַציע און עלעגאַנץ. איטאַל־יען׳ס געלפּעטע, ליידענשאַפט־געווירצטע, הומאָריסטיש־גאַרנירטע, אָבער דאָך שמאַכטענדיג אידעאַלע קיך, טראָגט אין גאַנצען דעם כאַראַקטער פון דער איטאַליענישע שענהייט. אָוי, ווי פאַרבענק איך זיך טיילמאָל נאָך די לאָמבאַרדישע סטאַפאַטאַס און צאַמפּעטיס, נאָך די פּעגאַטעלים, טאַליאַרינים, און בראַקאָלים פון דער האַלב זעליגער טאָסקאַנאַ! אלץ שווימט אין אייל, פויל און צערטליך, און טרילערט ראָסיני׳ס זיסע מעלאָדיען און וויינט פון ציבעלע ריח און פון בענקשאַפט! דעם מאַקאַראָני מוזטו אָבער עסען מיט די פינ־גער. און דעמאָלט הייסט ער: בעאַטריטשע.

נאָר איך טראַכט צו אָפט פון איטאַליען, און מעהר פון אלץ ביי נאַכט. אייערנעכטען האָט זיך מיר גע׳חלומ׳ט, איך בין אין אי־טאַליען און בין אַ בונטער אַרלעקין, און ליג מיר אזוי אמת׳דיג פויל אונטער אַ טרויער־ווערבע. די אַראָפּהענגענדיגע צווייגען פון דער דאָזיגער טרויער־ווערבע, זענען אָבער געווען סאַמע מאַקאַראָ־ני׳ס, וואָס זענען לאַנגע און ליעבליכע מיר אריינגעפאַלען אין מויל אריין; צווישען די דאָזיגע מאַקאַראָני בלעטער האָבען אַנ־שטאָט זונשטראַהלען זיך געגאָסען שטראָמען פּוטער, און צום סוף איז פון אויבען אַרונטערגעפאַלען אַ ווייסער רעגען פון געריבענעם פּאַרמעזאַנער־קעז.

— אך! פון גע׳חלומ׳טע מאַקאַראָני ווערט מען ניט זאַט — בעאַטריטשע!

פון דער דייטשער קיך קיין וואָרט ניט. זי האָט אַלע גוטע מעלות, נאָר איין איינציגען חסרון; איך זאָג ניט, וועלכען. זי פאַר־מאָגט געפילפולע אבער אונענטשלאָסענע געבעקסען, פאַרליעבטע אייער־שפּייזען, געזונטע געפאַרבטע לאָקשען, געמיט־זופּ מיט גערשטען, פאַן קוכען מיט חזיר־שמאַלץ, עפּעל און טוגענדהאַפטע

היימישע קליסקעס, זויער קרויט — אַז וואויל צו דעם, וואָס קען דאָס פאַרדייען!

וואָס אנבעלאַנגט דער האָלענדישער קיך, אונטערשיידט זי זיך פון דער דייטשער, ערשטענס דורך איהר ריינליכקייט, צווייטענס דורך די אייגענטליכע פיינע מאכלים. באזונדערס זייער פיש קאָכען האָט צו זיך קיין גלייכען ניט. אויסזעצען קען מען דאָך, דאָס וואָס זיי טראָגען פלאַנעלענע אונטערהויזען; ניט די פיש, נאָר די שענע טעכטער פון דעם מיט ים ארומגערינגעלטען האָלאַנד.

אָבער ווען איך בין אָנגעקומען אין לאַידען, האָב איך אויסגעפונען, אַז דאָס עסען איז מורא'דיג שלעכט. די רעפּובליק האַמבורג האָט מיך פארצערטעלט; איך מוז די דאָרטיגע קיך נאָכאַמאָל לויבען, און ביי דער דאָזיגער געלעגענהייט לויב איך נאָכאַמאָל האַמבורגס שענע מיידלעך און פרויען. אוי, איהר געטער! אין די ערשטע פיער וואָכען האָב איך אַזוי געבענקט נאָך יענע געריוכערטע פליישען, און נאָך יענע טורטעלטויבען פון האַמאָניא! איך האָב געשמאכט נאָך זיי מיט'ן הארץ און מיט'ן מאָגען. און וואָלט זיך צום סוף אין מיר ניט פארליעבט די באַלעבאָסטע פון דעם טראַקטיר די „רויטע קוה", וואָלט איך פון בענקשאַפט זיכער געשטאָרבען.

זיי געבענשט, באַלעבאָסטע פון דער „רויטער קוה"!

דאָס איז געווען אַ קליינע, כוואַטסקע פרוי, מיט אַ זעהר גרויסען, קיילעכדיגען בויך, און אַ זעהר קליין קיילעכדיג קעפּעל. רויטע בעקעלעך, בלויע אויגעלעך; רויזען און פיילעכלעך. שעה'ן לאַנג פלעגען מיר זיצען צוזאַמען אין גאָרטען, און טרינקען טהעע פון אמת'ע כינעזישע פאַרצעלאַיענע שאָלען. דאָס איז געווען אַ שענער גאָרטען, מיט פיערעקיגע און דרייעקיגע בייטען, סימעטריש באַשאָטען מיט גאָלדענעם זאמד, ציגאָבער און קליינע בלאַנקענדיגע מויער־קעפּלעך. די שטאַמען פון די ביימער זענען געווען באַפארבט היבש רויט און בלוי. די טייערסטע ציבעלע געוואוקסען אין בונט באַמאָלטע, גלאַזירטע טעפּ. דער טאַקסוס געשניטען זעהר ליעבליך און קונציג, האָט מיט זיך פארגעשטעלט פאַרשיע־

דענערליי אבעליסקען, פּיראמידען, וואזען, און געשטאַלטען פון חיות. דאָרט איז געשטאַנען אן אַקס אויסגעשניטען פון טאַקסוס, וואָס פלעגט מיך כמעט אייפערזיכטיג אַנקוקען, ווען איך האָב ארומ־גענומען, זי, די באַלעבאָסטע פון דער „רויטער קוה“.

זיי געבענשט, באַלעבאָסטע פון דער „רויטער קוה“!

ווען די פרוי האָט באדעקט דעם אויבערשטען טייל פון קאָפּ מיט א שילד פון גאָלדענע פּלאַטען, איינגעפּאַנצערט דעם בויך מיט איהר בונט געבליהמעלטען מאַנטעל פון דאמאסט, איינגעהילט די אָרעמס מיט די טייערע, ווייסע בראַבאַנטער שפּיצען, דעמאָלט האָט זי אויסגעזעהן ווי א לעגענדארישע כינעזישע ליאַלקע. ווען איך בין דעמאָלט אריינגעפאַלען אין התפעלות און האָב זי הויך גע־קושט אויף ביידע באַקען, איז זי געבליבען שטעהען אונבאַוועגליך ווי פון פּאָרצעלאַן און האָט געזיפצט פּאָרצעלאַניש: מיינער, אַלע טולפּען פון׳ם גאָרטען האָבען דאַן אויסגעזעהן צו זיין גע־ריהרט און ס׳האָט זיך געדאַכט ווי זיי וואָלטען מיטגעזיפצט: מינהער!

דאָס דאָזיגע דעליקאַטע פארהעלטניש, האָט מיר פאַרשאַפט א סך דעליקאַטע ביסענס, וואָרים יעדע פון די דאָזיגע סצענען האָט געהאַט איהר ווירקונג אויף די מאכלים, וואָס די וואוילע באַלעבאָסטע פלעגט מיר יעדען טאָג שיקען אין הויז אריין. מיינע טיש־חברים, זעקס אנדערע סטודענטען, וואָס פלעגען עסען מיט מיר אין מיין שטוב, האָבען דורך דעם אופן ווי עס איז געווען צוגעגרייט דער קאַלבס־בראַטען אָדער דאָס אַקסענפילעט, דער־שמעקט ווי שטאַרק זי האָט מיך ליעב געהאַט, די פרוי פון דער „רויטער קוה“. ווען דאָס עסען איז איינמאָל געווען שלעכט, האָב איך געמוזט ארונטערשלינגען א סך שטעכווערטער אויף מיין חשבון, און עס פלעגט דעמאָלט הייסען: זעהט נאָר ווי שלעכט שנאבעלעוואָפּסקי זעהט אויס, ווי געל און ווי איינגערונצעלט עס איז זיין געזיכט, ווי קאַצעניאַמערליך עס זענען זיינע אויגען, גלייך ווי ער וואָל זיי וועלען אויסבּרעכען פון קאָפּ. עס איז ניט קיין וואונדער, וואָס אונזער באַלעבאָסטע קען איהם שוין מעהר ניט אַנקוקען און שיקט אונז שלעכטע מאכלים. אָדער מען פלעגט אויף

זאָגען: אום גאַטעסווילען, אַט דער שנאַבעלעוואַפּסקי, ווערט וואָס א טאָג אלץ שוואכער און מאטער, און צום סוף וועט ער נאָך אין גאנצען פארלירען דעם חן ביי דער באלעבאסטע אין די אויגען. און דעמאָלט וועלען מיר שוין תמיד קריגען אזאַ שלעכט עסען ווי היינט — מיר דארפען איהם גוט אַנפּאשען, כדי ער זאָל ווידער קריגען א פייערדיג אויסזעהן. און דאן פלעגען זיי מיר שטאָפּען אין מויל אריין די ערגסטע חלקים, און פלעגען מיך צווינגען צו עסען אהן א שיעור סעלערי. פלעגט אבער פּאסירען, אז די עסענס זענען געווען שלעכט עטליכע טעג נאָכאַנאַנד, דאן פלעגען זיי מיך באַ־פאלען מיט בקשות, אז איך זאָל זעהן עס זאָלען זיין בעסערע מאכלים, איך זאָל דאָס הארץ פון דער באלעבאַסטע אויפס ניי אַנצינדען, איהר ארויסווייזען מעהר צערטליכקייטען, קורץ, איך זאָל זיך מקריב זיין פאר טובת הכלל. אין לאנגע רעדען פלעגט מען מיר דאן פאַרשטעלען ווי עדעל, און ווי הערליך עס איז, ווען עמיצער רעזיגנירט העראיש צוליעב דעם וואוילזיין פון זיינע מיטביר־גער. פונקט אזוי ווי רעגולוס, וואָס האָט זיך געלאָזט פארפּאקען אין אן אלט צוגעקלאפּט פאס. אָדער אויך פונקט אזוי ווי טהעזע־אוס, וואָס האָט זיך פרייוויליג איבערגעגעבען אין מינאָטאור הייל — דערנאָך פלעגען זיי ציטירען פון ליוויוס און פלוטארך א. אז. וו. זיי האָבען מיך אויך געוואָלט רייצען בילדלעך, פלעגען זיי אויפצייכנען אויף דער וואנד די מעשים טובים פון יענע מענשען. און דאָס מיט גראָבסטע אַנצוהערענישען. מינאָטואָר האָט אויסגעקוקט ווי די רויטע קוה אויף דער וואוילבאקאנטער שילד פון דעם טראַקטיר, און דאָס קארטהאגינעזישע פארקלאַפּטע פאס האָט אויסגעקוקט ווי די באלעבאסטע. יענע אונדאנקבארע מענשען פלעגען בכלל אויסני־צען דעם אויסערליכען אויסזעהן פון דער דאָזיגער וואוילער פרוי און זי מאכען פאר דעם ציעלברעט פון זייערע וויצען. זיי פלעגען געוועהנליך צוזאמענשטעלען איהר פיגור פון עפּעל אָדער אויסקנע־טען זי פון שטיקלעך ברויט. זיי פלעגען נעמען א קליין עפּעלע, וואָס האָט געזאָלט זיין דער קאָפּ, און עס ארויפשטעלען אויף א גאנץ גרויסען עפּעל, וואָס האָט פאַרגעשטעלט דעם בויך, און דער

ראַזינגער גרויסער עפּעל פלעגט ווידער שטעהן אויף צוויי צאָהנ־שטעכערס, וואָס זענען געווען די פים. זיי האָבען אויך געפלעגט אויספורעמען פון שטיקלעך ברויט דאָס בילד פון אונזער באַלע־באָסטע, און דערנאָך פלעגען זיי אויסקנעטען א גאַנץ קליין ליאַל־קעלע, וואָס האָט געזאָלט פאָרשטעלען מיך און דאָס קליינע ליאַל־קעלע פלעגען זיי ארויפשטעלען אויף דער גרויסער פיגור, און מאַ־כען דערביי די ערגסטע פערגלייכונגען. אזוי למשל האָט איינער באמערקט אז די קליינע פיגור איז אַניבאַל, וואָס קלעטערט אויף די אלפּען, און אנדערער האָט ווידער געמיינט פאַרקעהרט, אז ער איז מאריוס, וואָס זיצט אויף די חורבות פון קאַרטהאַגען. גאָר ער מעג זיך זיין, וואָס איהם ווילט זיך. וואָלט איך ניט געווען מאַנכעס־מאָל געקלעטערט איבער די אלפּען, אָדער וואָלט איך ניט ווען ניט ווען זיך געווען געזעצט אויף די חורבות פון קאַרטהאַגען, וואָל־טען מיינע חברים תמיד געקראָגען שלעכט עסען.

# קאפיטעל IX.

ווען דער בראטען פלעגט זיין זעהר שלעכט, פלעגען זיי דיסקור־
טירען, צי עס איז דא א גאט. דער ליעבער גאט האט אלע מאל גע־
האט די מאיאריטעט. נאר דריי פון די טיש־חברים זענען געווען
אטהעאיסטען. אבער אויך זיי פלעגען זיך לאזען איבעררעדען, ווען
מען האט צום צושפייז כאטש דערלאנגט גוטען קעז. דער
שטארקסטער אנהענגער פון גאט איז געווען דער קליינער שמשון,
און ווען ער פלעגט דיסקוטירען מיט דעם לאנגען וואן פיטער צי
עס איז דא א גאט, פלעגט ער אפט ווערען זעהר אין כעס, פלעגט
ארום לויפען אויף און אפ איבער דעם צימער און האלטען אין
איין שרייען: ביי גאט, דאס טאר מען נים. דער לאנגער פי־
טער, א דארער פריזלענדער, וועמענס נשמה עס איז געווען אזוי
רוהיג, ווי דאס וואסער אין א האלענדישען קאנאל, און וועמענס
ווערטער פלעגען זיך ציהען אזוי רוהיג ווי א שיפעל, פלעגט נע־
מען זיינע ארגומענטען פון דער דייטשער פילאזאפיע, מיט וועלכער
מען האט זיך דעמאלט שטארק באשעפטיגט אין לאידען. ער פלעגט
חוזק מאכען פון די קליין קעפעלדיגע, וואס שרייבען צו דעם
ליעבען גאט א פריוואט עקזיסטענץ. ער פלעגט זיי זאגאר באשול־
דיגען, אז זיי פארשוועכען די הייליקייט דערמיט, וואס זיי שריי־
בען צו צו גאט חכמה, גערעכטיקייט, ליעבע און עהנליכע מענשליכע
אייגענשאפטען, וואס פאסען זיך גאר ניט פאר איהם; ווארים די
דאזיגע אייגענשאפטען זענען אין א געוויסער מאס די נעגאציאן פון
מענשליכע חסרונות, ווייל מיר האבען זיי נאר אויפגעפאסט אלס
גענענזאץ צו מענשליכע נארישקייט, אונגערעכטיקייט און שנאה.
ווען וואן פיטער האט אבער ענטוויקעלט זיינע אייגענע פאנטהע־
איסטישע אנשויאונגען, פלעגט געגען איהם אויפטרעטען דער

דיקער פיכטעאַנער, אַ געוויסער דריקסען פֿון אָוטרעכט, און ער פלעגט קענען זעהר פֿיין חוזק מאַכען פֿון דעם אונבאַשטימטען אין דער נאַטור צושפּרייטען, הייסט עס אַלעמאָל אין רוים עקזיסטירענ־דען גאָט, יאָ ער פלעגט באַהויפּטען, אַז עס איז אַ גאָט לעסטערונג, ווען מען רעדט פֿון דער עקזיסטענץ פֿון אַ גאָט. וואָרים „עקזיסטי־רען" איז אַ באַגריף וואָס זעצט פֿאָראויס אַ געוויסען רוים, הייסט עס עפּיס סובסטאַנטיעלעס. יאָ, עס איז אַ גאָט לעסטערונג. צו זאָגען ווענען גאָט: „ער איז"; דאָס ריינסטע „זיין" קען מען זיך ניט פֿאָרשטעלען אָהן גשמיות׳דיגע באַגרענצונגען. ווען מען וויל דענקען פֿון גאָט, מוז מען אָפּסטראַהירען פֿון יעדער סובס־טאַנץ, מען טאָר איהם זיך ניט פֿאָרשטעלען ווי אַ פֿאָרם פֿון דער אויסשפּרייטונג, נאָר ווי אַ סדר פֿון געשעהעניש; גאָט איז ניט קיין „זיין", נאָר ריינע האַנדלונג. ער איז נאָר דער פּרינציפּ פֿון אַ איבערזינליכען סדר העולם.

ביי די דאָזיגע ווערטער פלעגט אָבער דער קליינער שמשון תמיד ווערען שרעקליך אין כעס. און ער פלעגט נאָך ווילדער אַרומלויפען אין צימער און שרייען נאָך העכער: אוי גאָט! גאָט! דאָס, ביי גאָט, טאָר מען ניט, אוי גאָט! איך גלויב, אַז צוליעב גאָטס כבוד, וואָלט ער דעם דיקען פיכטעאַנער זיכער אויסגע־פּאַטשט, ווען ער וואָלט נאָר ניט געהאַט אַזעלכענע דינע הענטע־לעך. טיילמאָל פלעגט ער זיך ווירקליך וואַרפען אויף איהם שלאָגען; דעמאָלט אָבער פלעגט דער דיקער אַ נעם טאָן ביידע הענטלעך פֿון דעם קליינעם שמשון, איהם רוהיג אַזוי צוהאַלטען, און אַזוי רוהיג איהם געבען צו פֿאַרשטעהן זיין סיסטעם, ניט אַרויסנעה־מענדיג די ליולקע פֿון מויל, און פלעגט איהם אַריינבלאָזען אין פּנים אַריין זיינע דינע אַרגומענטען צוזאַמען מיט דעם דיקסטען טאַבאַק־רויך, אַזוי אַז דער קליינער פלעגט שיער ניט דערשטיקט ווערען פֿון רויך און פֿון ערגערניש, און אַלץ שטילער און אַלץ בעטענדיגער פלעגט ער שעפּטשען: אוי גאָט! אוי גאָט! אָבער ע ר פלעגט איהם קיינמאָל ניט העלפען, כאָטש ער האָט זיך אַזוי פֿאַר איהם מוסר נפש געווען.

טראָץ דער דאָזיגער געטליכער אינדיפערענץ, טראָץ דער

דאָזיגער כמעט מענשליכער אונדאנקבארקייט פון גאָט, איז דאָך דער קליינער שמשון שטענדיג געבליבען דער שטארקסטער מאמין אין דעם איין איינציגען גאָט, און איך גלויב, אז דאָס איז צו איהם געקומען פון איינגעבוירענע נייגונגען. וואָרים זיינע אבות האָבען געהערט צו גאָטס אויסדערוועהלטען פאָלק, א פאָלק, וועמען גאָט האָט אמאָל ארויסגעוויזען א באזונדערע ליעבע, און וואָס דערפאר האָט עס ביז אויפ'ן היינטיגען טאָג דערהאלטען א געוויסע איבערגעבענקייט פאר דעם ליעבען גאָט. די אידען זענען תמיד די געהארכזאמסטע מאָמינים אין דער איין איינציגקייט פון גאָט. באזונדערס יענע אידען, וואָס זענען, ווי דער קליינער שמשון, געבוירען געוואָרען אין דער פרייער שטאָדט פראנקפורט. אָט די אידען קענען ביי פאָליטישע פראגען, דענקען אזוי רעפובליקאניש ווי ס'איז נאָר מעגליך, יאָ, זיי קענען זיך אפילו סאנקיולאָטיש וואלגערן אין קויט; ריהרט מען אבער אָן רעליגיעזע באגריפען, דאן בלייבען זיי אונטערטעניגע קאמערקנעכט פון זייער יעהאָוואה, דעם אלטען פעטיש, וועלכער וויל דאָך מעהר שוין גאָר ניט וויסען פון זייער גאנצען געזינדעל און וועלכער האָט זיך געלאָזט איבער־שמד'ן און ווערען א גאָט־ריינער גייסט.

איך גלויב, אז דער דאָזיגער גאָט־ריינער גייסט, אָט דער פארוועניז פון הימעל, וואָס איז איצטער געוואָרען אזוי מאָראליש, אזוי קאָסמאָפאָליטיש און אוניווערזאל, האָט א באהאלטענע שנאה אקעגען די אידען, וואָס האָבען איהם געקענט נאָך אין זיין ערש־טער רויהער געשטאלט, און דערמאָנען איהם טאָג טעגליך אין די שוהלען אָן זייער אמאָליגען, טונקעלען נאציאָנאל־פארהעלטניש. אפשר וויל עס דער אלטער האר גאָר מעהר שוין ניט וויסען, אז ער קומט פון פאלעסטינא און אז אמאָל איז ער געוועזען דער גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב און האָט דעמאָלט געהייסען יעהאָוואה.

## קאַפּיטעל X.

מיט דעם קליינעם שמשון האָב איך זיך אין לאַידען א סך געחבר'ט און אין דעם דאָזיגען ספר הזכרונות וועט ער נאָך אָפט דערמאָנט ווערען. א חוץ איהם פלעג איך צום אָפטעסטען נאָך זעהן אַן אנדערען פון מיינע טיש חברים, דעם יונגען וואַן מעלען. איך פלעג קענען גאַנצע שטונדען לאַנג באַטראַכטען זיין שען פּנים און דערביי טראַכטען פון זיין שוועסטער, וואָס איך האָב קיינמאָל ניט געזעהן, און פון וועמען איך האָב נאָר געוואוסט, אַז זי איז די שענסטע פרוי אין פּאָטערלאַנד. וואַן מעלען איז אויך געווען א שע־נער, אַן אפּאָלאָ, אבער ניט קיין אפּאָלאָ פון מאַרמאָר, נאָר גיכער פון קעז. ער איז געווען דער פּולקאָמסטער האָלענדער, וואָס איך האָב ווען געזעהן. א מאָדנער געמיש פון מוט און פלעגמאַטישקייט. ווען ער האָט אמאָל אין קאַפּעהויז אַזוי דערצאָרענט אַן אירלענדער, אַז יענער האָט אויף איהם געשאָסען מיט א פּיסטויל, און אַנשטאָט איהם צו טרעפען, האָט ער איהם נאָר ארויסגעשאָסען די ליימענע ליולקע פון מויל, איז זיך וואַן עלען'ס געזיכט געבליבען באַוועגונגסלאָז ווי קעז, און אין א גלייכגילטיגען רוהיגסטען טאָן האָט ער אויסגערופען: **Jane nue piep!** פּאַטאָל פלעגט מיר אויסווייזען זיין שמייכעל; וואָרים ווען ער פלעגט שמייכלען, פלעגט ער ארויסווייזען א שורה גאַנץ קליינע ווייסע ציינדעלעך, וואָס פלעגען גיכער אויסזעהן ווי ביינדלעך פון פיש. אויך איז מיר ניט געפעלען, וואָס ער האָט געטראָגען גרויסע גאָלדענע אויעררינגגען. ער האָט געהאט א מאָדנע געוועהנהייט אַלע טאָג איבערצושטע־לען די מעבעל אין זיין וואוינונג. און ווען מען איז צו איהם גע־קומען, האָט מען איהם געפונען באַשעפטיגט ביים איבערשטעלען

די קאַמאָדע אויפ'ן אָרט פון בעט, אָדער דעם שרייב טיש אויפ'ן אָרט פון דער זאָפאַ.

דער קליינער שמשון איז אין דער הינזיכט געווען פונקט דער היפּוך. ער האָט ניט געקענט ליידען. ווען מען האָט אין זיין צימער דאָס מינדסטע אוועקגערוקט; ער פלעגט ווערען אומרוהיג, ווען מען פלעגט נעמען אין האנד אריין דאָס מינדסטע, האָט עס אפילו נאָר געמעגט זיין דאָס שערעל פון די ליכט. אלץ האָט געמוזט בלייבען ליגען, דאָרט וואו עס איז געלעגען. וואָרים זיינע מעבעל און זיינע אנדערע עפעקטען האָבען איהם געדיענט פאַר אַ הילפסמיטעל, נאָך די פאַרשריפטען פון דער מנעמאָניק, צו בעהאלטען אין זכרון אלערליי היסטאָרישע דאַטען אָדער פילאָזאָפישע זאצען. ווען דאָס דיענסט־מיידעל האָט איינמאָל אין זיין אבוועזענהייט ארויסגענומען פון זיין צימער אן אלטען קאסטען, און האָט ארויסגענומען פון דער קאָמאָדע זיינע העמדער און וועש, כדי זיי צו לאָזען וואַשען, האָט מען איהם, ווען ער איז שפּעטער אהיים געקומען, ניט געקענט טרויסטען. און ער האָט באהויפּטעט, אז איצטער וויים ער שוין גאָר ניט מעהר פון דער אסירישער געשיכטע, און אלע זיינע באווייזען פאַר דער אונשטערבליכקייט פון דער נשמה, וואָס ער האָט מיט אזוי פיעל מיה געהאט סיסטעמאטיש איינגעאָרדענט אין די פאַרשיעדענע שופלעדער, זענען אוועק אין דער וועש אריין.

צו די אָריגינאַלען, וואָס איך האָב זיך באקענט מיט זיי אין לאַידען, געהערט אויך מינגער וואן דער פּיססען, אַ קרוב פון וואן מעלען, וועלכער האָט מיך מיט איהם באקענט. ער איז געווען אַ פּראָפּעסאָר פון דער טעאָלאָגיע אין דער אוניווערזיטעט און איך האָב ביי איהם געהאט אַ קורס אין שלמה'ס שיר השירים, און וועגען יוחנן'ס אנטפּלעקונג. וואן פּיססען איז געווען אַ שענער, בליהענדיגער מאנספּארשוין פון אַ יאָהר פינף און דרייסיג. און אויף דער קאטהעדרע האָט ער אויסגעזעהן זעהר ערנסט און געזעצט. ווען איך בין איהם אבער אמאָל געקומען באזוכען און האָב קיינעם ניט געפונען אין זיין וואוינצימער, האָב איך געזעהן דורך דער האלב געעפענטער טיר פון אַ זייטיגען קאבינעט, אַ מערקוויר־

דיג שטיק. דער דאָזיגער קאַבינעט איז געווען פאַרצירט האַלב כי־נעזיש און האַלב פּאָמפּאַדוריש: אויף די ווענט גאָלדיג גלאַנצענ־דיגע טאַפּעטען פון דאַמאַסט; אויפ׳ן דיל דער טייערסטער פּערזי־שער טעפּיך; אומעטום וואונדערליכע פּאַרצעלאַיענע פּאַגאַדען, שפּיעלצייגען פון פּערלמוטער, בלומען, שטרויס פעדערן און עדעל־שטיינער; רויטע סאַמעטענע שטוהלען מיט גאָלדענע טראָדלען, און צווישען זיי א גאַר הויכער שטוהל, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי א טראָהן און אויף איהם איז געזעסען א קליין מיידעל, וואָס איז אַלט געווען אונגעפעהר א יאָהר דריי, און איז געווען אָנגעטאָן אַלט פּרענקיש אין בלויען אַטלאַס געשטיקט מיט זילבער. און איין האַנד האָט עס געהאַלטען א בונטען פּאַווע פעדער, ווי דאָס וואָלט געווען א סצעפּטער, און אין דער אַנדערער האַנד א פאַרוועלקטען לאָרבער קראַנץ. פאַר איהר אבער אויפ׳ן דיל האָט זיך געוואַלגערט מינגער וואו דער פּיססעו, זיין קליינער מאָהר, זיין פּודעל און זיין אַף. אַט די אַלע פיער האָבען זיך ארומגעשלאָגען און געביסען צווישען זיך, בעת דאָס קליינע קינד און דער גרינער פּאַפּוגאַי, וואָס איז געזעסען אויף דער שטאַנג האָבען געשריען: „בראַוואָ! צום סוף האָט זיך מינגער אויפגעהויבען פון דיל, האָט אַנידער גע־קניהט פאַר דעם קינד, און מיט אַן ערענסטע לאַטיינישע רעדע האָט ער געריהמט דעם מוט, מיט וועלכען ער האָט באַקעמפט זיינע שונאים, און האָט זיך פון דער קליינער געלאָזט ארויפלעגען אויפ׳ן קאָפּ דעם פאַרוועלקטען לאָרבער קראַנץ, — און בראַוואָ! בראַ־וואָ! האָט אויסגערופען דאָס קינד, און דער פּאַפּוגאַי, און איך, וואָס בין איצטער אַריין אין צימער.

מינגער האָט אויסגעזעהען אביסעל פאַרשעהמט, וואָס איך האָב איהם איבערראַשט ביי זיינע וואונדערליכקייטען. און ווי מען האָט מיר שפּעטער געזאָגט, האָט ער זיך מיט זיי באַשעפטיגט יע־דען טאָג; אַלע טאָג פלעגט ער בייקומען דעם מאָהר, דעם פּודעל און דעם אַף; אַלע טאָג האָט ער זיך געלאָזט באַקראַנצען מיט דעם לאָרבער פון דעם קליינעם מיידעלע, וואָס איז ניט געווען זיין אייגענס, נאָר א געפונען קינד פון דעם אמסטערדאַמער בית יתומים.

# קאפיטעל XI.

אין דעם הויז, וואו איך בין איינגעשטאנען אין לאידען, האט אמאל געוואוינט יאן סטין. דער גרויסער יאן סטין, וועמען איך האלט פונקט אזוי גרויס ווי ראפאעל׳ן. אויך אלס רעליגיעזער מא־לער איז ער געווען אזוי גרויס. און דאס וועט מען זעהר לייכט איינ־זעהן שפעטער, ווען די רעליגיאן פון די יסורים וועט זיך אויס־לעשען, און די רעליגיאן פון דער פרייד וועט ארויסרייסען פון דער ערד די טריבע בליהונג פון די רויזענקוסטען. און די נאכטיגאלען וועלען ענדליך קענען לאזען הערען זייערע לאנג באהאלטענע ענט־ציקונגען.

אבער קיין נאכטיגאל וועט ניט זינגען פרעהליכער און יובעל־דיגער, ווי יאן סטין האט געמאלט, קיינער האט ניט באגריפען אזוי טיעף ווי ער, אז אויף דער וועלט דארף זיין אייביגער יום טוב; ער האט באגריפען אז אונזער לעבען איז נאר א פארביגער קוש פון גאט, און ער האט געוואוסט, אז דער הייליגער גייסט אנטפלעקט זיך צום הערליכסטען אינ׳ם ליכט און אין לאכען.

זיין אויג האט אריינגעלאכט אין ליכט אריין און דאס ליכט האט זיך געשפיגעלט אין זיינע אויגען.

און יאן איז אלעמאל געווען א גוט, ליעב קינד. און ווען דער אלטער שטרענגער פרעדיגער פון לאידען, האט זיך אוועק געזעצט לעבען איהם ביים פייער, און איהם אויסגע׳מוסר׳ט פאר זיין פרעהליכען לעבען, פאר זיין לאכענדיגע ניט קריסטליכע אויפפיה־רונג, פאר זיין ליעבע צום שכרות, פאר זיין שלעכטע ווירטשאפט, און פאר זיין לוסטיגקייט, האט איהם יאן אויסגעהערט גאנץ רוהיג און ניט ארויסגעוויזען דעם מינדסטען אונגעדולד ביי זיין לאנגער מוסר־דרשה. און נאר איינמאל האט ער איהם אונטערבראכען מיט

די ווערטער: „יאָ, דאָמינע, די באַלייכטונג וואָלט דאַן געווען פיעל בעסער. יאָ, איך בעט אייך, דאָמינע, דרעהט אוים אייער שטוהל אביסעל צום קאַמין, כדי די פלאַמען זאָלען זייער רויטען שיין ווארפען איבער אייער גאנצען געזיכט, און דער איבעריגער קערפער זאָל בלייבען אין שאָטען — —"

דער דאָמינע איז אויפגעשטאַנען מיט א כעס און איז אוועק געגאַנגען. יאַן אָבער האָט גלייך א נעם געטאָן די פאַלעטע, און האָט אָפּגעמאָלט דעם אַלטען, שטרענגען הער, אין גאַנצען אַזוי, ווי ער איז געזעסען אלס מאָדעל — אליין ניט וויסענדיג, — ווען ער האָט געהאַלטען פאר איהם די מוסר־דרשה. דאָס בילד איז אויסגעצייכענט און איז געהאַנגען אין מיין שלאָפצימער אין לאַידען.

נאָכדעם ווי איך האָב געזעהן אין האָלאַנד אַזוי פיעל בילדער פון יאַן סטין, דאכט זיך מיר, ווי איך וואָלט געקענט דעם מאַנ'ס גאַנצע ביאָגראַפיע. יאָ, איך קען זיין גאַנצע משפחה, זיין פרוי, זיינע קינדער, זיין מאַמע, אַלע זיינע קרובים, זיינע הויז־פיינד און אַנדערע. יאָ, איך קען זיי פנים אל פנים. גריסען דאָך אונז אָט די געזיכטער פון אַלע זיינע בילדער, און א זאַמלונג פון אָט די בילדער, וואָלט געווען דעם מאַהלערס ביאָגראַפיע. מיט איין איינציגען פענזעל שטריך האָט ער אָפטמאָל אריינגעצייכענט אין בילד דאָס טיעפסטע געהיימנים פון זיין נשמה. אזוי דאכט מיר, אז זיין פרוי האָט איהם אָפט מאָל פאָרגעוואָרפען זיין שכור'ן. ווּאָרים אויף בילדער, וואָס שטעלען פאָר דאָס באָהנענפעסט, און וואו יאַן זיצט מיט זיין גאַנצער פאַמיליע ביים טיש, דאָרט זעהען מיר ווי זיין פרוי זיצט מיט דעם גרויסען וויינקרוג אין האַנד און איהרע אויגען לייכטען, ווי די אויגען פון א באַקכאַנטין. איך בין אבער איבערצייגט, אַז זיין פרוי האָט קיינמאָל ניט געטרונקען צופיעל וויין. און דער כיטרער האָט אונז געוואָלט איינריידען, אַז ניט ער נאָר זיין ווייב האָט ליעב דעם טרונק. דערפאַר לאַכט ער דאָס ארויס פון דעם דאָזיגען בילד מיט אַזוי פיעל הנאה. ער איז גליקליך: ער זיצט דאָס צווישען די זייניגע; זיין זיהנדעל איז דער באָהנענקעניג און שטעהט מיט דער קרוין פון פליטער גאָלד אויף א

שטוהל: זיין אלטע מאמע, מיט דעם הנאה'דיגען שמייכעלע און די קנייטשען פון פנים, טראַיט אויפ'ן ארעם דאס אינגסטע אייניקעל; די מוזיקאנטען שפיעלען זייערע נאריש לוסטיגסטע האפּסאמעלאדיען; און די שפּארזאמע פּארטראכטע און עקאנאמיש פּארדאגה'טע באלעבאסטע, איז פאר די קומענדע דורות אפּגעמאלט, ווי זי וואלט געווען שכור.

וויפיעל מאל פלעג איך אויף מיין וואוינונג אין לאידען, זיך פּארטראכטען וועגען די סצענען, וואס דער ליעבער יאן סטין האט געמוזט איבערלעבען און איבערליידען אין זיין הויז. טיילמאל פלעג זיך מיר דאכטען, אז איך זעה איהם באשיינפּערליך זיצען לעבען זיין מאהלברעט, ווען ניט ווען שטרעקט ער אויס די האנד צום קרוג. „איבערטראכטען, און דערביי טרינקען, און דערנאך ווידער טרינקען און ניט איבערטראכטען". דאס איז ניט געווען קיין פינסטערער קאטוילישער געשפּענסט, נאר א מאדערנער העלער גייסט פון דער פרייד, וואס אפילו נאכ'ן טויט באזוכט ער נאך זיין אטעליע, כדי צו מאלען לוסטיגע בילדער און צו טרינקען, די דורות נאך אונז וועלען זעהן נאר נאך אזוינע געשפּענסטער. און דאס, ביים ליכטיגען טאג, ווען די זון קוקט אריין אין די בלאנקע פענסטער און פון טורעם אראפּ וועלען שוין מעהר ניט קלינגען שווארצע טעמפּע גלאקען, וואס לאזען אונז וויסען די מיטאג שעה, נאר עס וועלען זיך טראגען מיט פרייד רויט אויפשאלענדע טראמפּייטען־טענער.

די ערראינערונג אן יאן סטין איז אבער געווען דאס בעסטע, אדער בעסער געזאגט, דאס איינציג גוטע, וואס איך האב געהאט אין מיין וואוינונג אין לאידען. אהן דעם דאזיגען געמיטליכען חן, וואלט איך דארטען ניט געווען אויסגעהאלטען קיין אכט טעג. דאס אויסערליכע פון דעם הויז איז געווען ארים, קלאגעדיג, און פּארכמורעט, גאר ניט האלענדיש. דאס פינסטערע צופוילטע הויז איז געשטאנען הארט ביים וואסער, און ווען מען איז פּארביי געגאנגען אויף דער צווייטער צייט פון קאנאל, האט זיך געדאכט, אז דאס זעהט מען אן אלטע מכשפה, וואס קוקט זיך אן אין א גלענצענדען צוויבערשפּיגעל. אויפ'ן דאך זענען אלע מאל געשטאנען

א פּאָר בושעלס, ווי אויף אַלע האָלענדישע דעכער. לעבען מיר האָט לאַזשירט די קוה, וועמענס מילך איך פלעג טרינקען אַלע אין דער פריה; און אונטער מיין פענסטער איז געווען א היהנער שטייג. מיינע באַפעדערטע שכנ׳טעס האָבען געלעגט גוטע אייער; אבער אַזוי ווי צוזאַמען מיט די אייער, האָב איך אויך געמוזט זיך צוהערען צו זייער לאַנגען קוואַקטשען, וואָס האָט געדיענט אַלס פּאָרעדע, איידער זיי האָבען די אייער אויף דער וועלט געבראַכט, זענען מיר די אייער שוין ניט וואויל באַקומען. צו די אונאַנגענעהמליכקייטען פון מיין וואוינונג האָבען אבער אויך געהערט צוויי פון די פּאַטאַלאָסטע איבלען: ערשטענס דאָס שפּיעלען אויף א פידעל, מיט וועלכען מען האָט מיר א גאַנצען טאָג טויב געמאַכט די אויערען. און צווייטענס די שטערונגען, וואָס איך האָב געהאַט דורך די נעכט, ווען מיין באַלעבאָסטע פלעגט פאַרפאַלגען איהר אָרעמען מאַן מיט איהר זאַנדערבאַרער אייפערזוכט.

ווער עס האָט זיך געוואָלט באַקענען מיט די פאַרהעלטעניסען צווישען מיין באַלעבאָס און מיין באַלעבאָסטע, האָט נאָר באַדאַרפט זיך צוהערען ווען זיי האָבעןביידע צוזאַמען געשפּיעלט. דער מאַן פלעגט שפּיעלען וויאָלאָנטשעלאָ, און די פרוי פלעגט שפּיעלען דאָס אַזוי גערופענע violon d’amor אָבער זי האָט קיינמאָל ניט אויסגעהאַלטען דעם טעמפּאָ. און איז אַלעמאָל געווען מיט א טאַקט פאָראויס, פאַר איהר מאַן. און האָט געוואוסט ווי אַזוי ארויסצוקריגען פון איהר אינסטרומענט די שרייענדיג־פיינסטע קריגערישע טענער. ווען דאָס טשעלאָ פלעגט ברומען און דער פידעל פלעגט כליפּען, פלעגט זיך מיר אַלעמאָל אויסדאַכטען, אז דאָס הער איך ווי א פּאָרל קריגט זיך. אויך פלעגט די פרוי אַלע מאָל נאָך ווייטער שפּיעלען, נאָכדעם ווי דער מאַן איז שוין פון לאַנג געווען פאַרטיג, ווי זי וואָלט דאָס וועלען בלייבען ביים לעצטען וואָרט. זי איז געווען א גרויסע אבער זעהר מאָגערע פרוי, ניט מעהר ווי הויט און ביין. א מויל אין וועלכען עס האָבען געקלאַפּט עטליכע פאַלשע ציינער, א קורצער שטערען, כמעט גאָר קיין קין ניט, און פאַר דאָס א היבש לאַנגע נאָז, וועמענס שפּיץ עס האָט זיך אַראָפּגעצויגען ווי א שנאָבעל, און מיט וועלכען זי האָט טיילמאָל ביים פידעל

שפּיעלען, אויסגעזעהן ווי זי וואָלט מיט איהם וועלען אָנשטעלען דעם טאָן פון א סטרונע.

מיין באָלעבאָס איז געווען פון א יאָהר פופציג. מיט זעהר דינע פּיס, מיט אן אָפּגעצעהרטען בלייכען פּנים און גאַנץ קליינע גרינע אייגעלעך, וועלכע ער פלעגט אלע מאָל פארזשמורען, פונקט ווי א זעלנער אויף דער וואך, ווען די זון שיינט אין פּנים אריין. ביי דער פּראָפעסיאָן איז ער געווען א ברוכבאנד מאכער. און לויט זיין רעליגיאָן א באַפּטיסט. ער פלעגט מיט גרויס התמדה לייענען די ביבעל. און וואָס ער פלעגט לייענען פלעגט איהם ביינאכט קו־מען צום חלום. און מיט פארזשמורעטע אייגעלעך פלעגט ער צו מאָרגענס אין דער פריה ביים קאווע טרינקען דערצעהלען פאר זיין פרוי, ווי ער איז ווידער געוואָרען הויכבאגנאַדיגט, און ווי אזוי די הייליגסטע פארשוינען, האָבען איהם אָפּגעגעבען כבוד אין זייערע געשפּרעכען. און ווי ער האָט אפילו פארקעהרט מיט דער אלערהעכסטער הייליגער מאיעסטעט, מיט גאָט אליין. און ווי אזוי אלע פרויען פון דעם אלטען טעסטאַמענט האָבען איהם באהאנדעלט מיט דער פריינדליכסטער און צערטליכסטער אויפמערקזאמקייט. דאָס לעצטע איז מיין באלעבאָסטע גאָר ניט ליעב געווען. און ניט זעלטען פלעגט זי ארוים ווייזען איהר אייפערזוכט אקעגען איהר מאַן פאר זיין הבר'ן זיך דורך די נעכט מיט די פרויען פון דעם אל־טען טעסטאמענט.—וואָלט עס כאָטש געווען—פלעגט זי זאָגען—די צנועה'דיגע מאמע מרים, אָדער די אלטע מארטע, אָדער פאר מיינעטוועגען אפילו אויך די מאַגדאַלענע, נאָכדעם ווי זי האָט תשובה געטאָן — אבער צו האָבען פארהעלטענישען ביי נאכט מיט לוט'ס שכור'ע טעכטער, מיט דער זויבערער מאדאָם יהודית. מיט דער פארשאַרטער מלכה שבא, און נאָך אזעלכענע צווייֿדייטיגע פרויען, דאָס טאָר מען ניט דערלאָזען. קיין זאך האָט זיך אבער ניט געקענט צוגלייכען צו איהר כעס, ווען איהר מאַן האָט אין איין פריהמאָרגען גענומען פּלאַפּלען וועגען זיין זעליקייט און ער האָט פאָרגעשטעלט אין א באגייסטערטער שילדערונג די שענע אסתר, וועלכע האָט איהם געבעטען, ער זאָל איהר צוהעלפען ביים אָנטוען, וואָרים זי האָט געוואָלט מיט דעם כח פון איהר חן געווינען דעם

קעניג אחשורוש פאר דער גוטער זאך. אומזיסט האט דער ארימער מענש זיך געשוואוירען, אז דער הער מרדכי האט איהם אליין אריינגעפיהרט צו זיין אדאפטירטער טאכטער, און אז זי איז שוין געווען האלב אנגעטאן, אז ער האט איהר נאר אויסגעקאמט די לאנ־גע שווארצע האר — אומזיסט! די בייזע פרוי האט דעם ארימען מענשען געשלאגען מיט זיינע אייגענע ברוכבענדער, האט איהם געגאסען די הייסע קאווע אין פנים אריין. און זי וואלט איהם געוויס געווען אומגעבראכט, ווען ער וואלט ניט געווען שווערען ביי דעם הייליגסטען, אז ער וועט מעהר ניט האבען צו טאן מיט די ווייבער פון אלטען טעסטאמענט, און אז פון היינט אן וועט ער זיך נאר חבר'ן מיט די אבות און מיט די נביאים.

די פאלגען פון דער שלעכטער באהאנדלונג איז געווען, אז מיינ־הער האט פון איצטער אן שוין מורא'דיג געשוויגען וועגען זיין גליק פון די נעכט; ערשט איצטער איז ער אין גאנצען געווארען א הייליגער **roue** און ווי ער האט זיך פאר מיר מודה געווען, האט ער געהאט דעם מוטה אפילו דער נאקעטער שושנה צו מאכען די אונמאראלישסטע פארשלעגע; יא, צום סוף איז ער אפילו געווען חוצפה'דיג גענוג זיך אריינצו'חלומ'ן אין דעם הארעם פון שלמה המלך און דארט צוטרינקען טהעע מיט זיינע טויזענד ווייבער.

# קאפיטעל XII.

אומגליקליכע אייפערזוכט! דורך איהר איז איינער פון מיינע שענסטע חלומות און אינדירעקטע אפשר אויך דאס לעבען פון דעם קליינעם שמשון אונטערבראכען געווארען.

וואס איז א חלום? וואס איז דער טויט? איז דאס נאר אן אונטערברעכונג פון לעבען אדער דאס גאנצע אויפהערען פון לע־בען? יא, פאר מענשען, וואס ווייסען נאר פון א פארגאנגענהייט און צוקונפט און קענען ניט אין יעדען מאמענט פון דער געגענ־ווארט דורכלעבען אן אייביקייט, יא, פאר אזעלכענע מוז דער טויט זיין שרעקליך! ווען זיי פארלירען די ביידע קוליעס: רוים און צייט, דאן ווערען זיי פארזונקען אין דעם אייביגען גארנישט.

און דער חלום? פאר וואס שרעקען מיר זיך ניט פיעל מעהר פאר דעם שלאפענגעהן ווי פאר דעם באגראבען ווערען? איז דאס ניט מורא'דיג, אז דער גוף קען א גאנצע נאכט זיין טויט ווי א מת, אין דער צייט וואס דער גייסט פיהרט אין אונז א ריהרעוודיג לע־בען? א לעבען מיט אלע שרעקענישען פון יענער צושיידונג, וואס מיר האבען אוועקגעשטעלט צווישען לעבען און גייסט? ווען ביי־דע וועלען אמאל אין דער צוקונפט ווידער זיין פאראייניגט אין אונזער באוואוסטזיין, וועלען דעמאלט אפשר שוין מעהר ניט זיין קיין חלומות. אדער נאר קראנקע מענשען, מענשען וועמענס האר־מאניע איז צושטערט וועלען נאך חלומ'ען.

די מענשען פון די אמאליגע אלטע צייטען האבען נאר גע־חלומ'ט שטיל און ווינציג; א שטארקער, געוואלטיגער חלום איז ביי זיי געווען אן עראייגעניש און איז געווארען פארשריבען אין די געשיכטס־ביכער. דאס אמת'ע חלומ'ן האט זיך ערשט אנגעהוי־בען ביי די אידען, ביי דעם פאלק פון גייסט, און האט דערגרייכט

זיין העכסטע בליהונג ביי די קריסטען, דעם גייסטער פאלק. די קומענדיגע דורות נאך אונז וועלען שוידערן, ווען זיי וועלען אמאל לייענען, וואס פאר א געשפענסטיגט לעבען מיר האבען געפיהרט. אונזער צייט — און די הויבט זיך אן אויף יעזוס'עס קרייץ — וועט אמאל באטראכט ווערען ווי א גרויסער קראנקהייטס פעריאד פון דער מענשהייט.

און דאך, וואס פאר א זיסע חלומות האבען מיר געקענט חלומ'ן! די געזונדע דורות נאך אונז, וועלען דאס קוים קענען משיג זיין. ארום אונז זענען פארשוואונדען אלע הערליכקייטען פון דער וועלט און מיר האבען זיי ערשט ווידער געפונען אין אונזער אי־נערליכער נשמה — אין אונזער נשמה האט זיך באהאלטען דער דופט פון די צוטראטענע רויזען און דער ליעבליכסטער געזאנג פון די פאריאגטע נאכטיגאלען —

איך ווייס דאס אלץ, און שטארב ביי די אונהיימליכע אנגס־טען און גרויענהאפטע זיסקייטען פון אונזער צייט. ווען איך טו זיך אויס אין אבענד און לעג זיך אין בעט אריין און ציה אויס די פיס אין זייער לענג, און דעק זיך צו מיט דעם ווייסען לייליך, דאן שוידער איך טיילמאל ניט ווילענדיג, און מיר קומט פאר, ווי איך וואלט געוועזן א מת, און איך באגראב זיך אליין. דאן שלים איך שנעל צו מיינע אויגען, כדי צו אנטרינען פון דעם דאזיגען שוידערליכען געדאנק, כדי זיך צו רעטען אין דעם לאנד פון חלומות.

דאס איז געוועזן א זיסער, ליעבער, זוניגער חלום. דער הימעל איז געוועזן הימעל בלוי, און אהן א וואלקען. דער ים — גרין און שטיל. ווייטע וואסער פלאכען ווי ווייט דאס אויג קען זעהן, און אויף זיי האט געשוואומען א שיף מיט בונטע פאהנען, און אויף דעם דעק בין איך געזעסען א ליעבענדער פאר יאדוויגאס פיס. פאנ־טאסטישע ליעבעס ליעדער, וואס איך האב אליין אנגעשריעבען אויף ראזאווע פאפיערענע פאסען האב איך געלייענט פאר איהר, לוס־טיג זיפצענדיג. און זי האט זיך צוגעהערט מיט אונגלויביגע צוגע־נייגטע אויערען און מיט א פארבענקענדען שמייכעלע, און צייטענ־ווייז האט זי מיר שנעל א ריס געטאן פון האנד די בלעטער און

זיי געוואָרפען אין ים אריין. אָבער יעדעס מאָל האָבען זיך ארויס־געהויבען פון וואסער בוזימס און אָרעמס און האָבען צוגעכאפּט די פלאטעדיגע ליעדער פון ליעבע. ווען איך האָב זיך אריבער געבויגען אריבער דעם פּאַרענטש, האָב איך גאַנץ קלאָר געקענט אריינקוקען ביז אין די טיעפעניש פון ים, און דאָרטען זענען אין א געזעל־שאפטליכען קרייז געזעסען די שענע ניקסען. און צווישען זיי איז געשטאַנען א יונגער ניקס, וואָס האָט פאר זיי דעקלאַמירט מיט א געפיהלפול באלעבטען פנים מיינע ליעדער. נאָך יעדען סטראָף האָט אויפגעשאלט א שטורעמדיגער אפּלאוז; די גרינלאָקיגע שענהיי־טען האָבען אפּלאָדירט אזוי ליידענשאפטליך, אז די ברוסט און דער נאַקען זענען אזש געוואָרען רויט און זיי האָבען געלויבט מיט א פרעהליכער, און דאָך אין דערזעלביגער צייט אויך מיט א מיט־פיהלענדער באגייסטערונג: „וואָס פאר א מאָדנע באשעפענישען זענען די דאָזיגע מענשען! ווי מאָדנע איז זייער לעבען! ווי טראַ־גיש זייער גאנצער שיקזאל! זיי האָבען זיך ליעב און טאָרען דאָס ניט זאָגען. און מעגען זיי דאָס שוין יאָ אמאָל זאָגען, פארשטעהן זיי זיך זעלטען איינס דאָס אנדערע. און דערצו ליעבען זיי זיך ניט אייביג ווי מיר, זיי זענען שטערבליך. בלויז א קליינע שפּאַן צייט איז זיי געגעבען געוואָרען דאָס גליק צו זוכען. זיי מוזען עס שנעל צוכאפּען, שנעל דריקען צום הארצען, איידער דאָס אנטלויפט — דערפאר זענען זייערע ליעבע ליעדער אויך אזוי צארט, אזוי אי־ניג, אזוי זיס שרעקענדיג, אזוי פארצווייפלונגספול לוסטיג. אזא מאָדנער געמיש פון פרייד און צער. דער געדאנק וועגען טויט וואַרפט ארויף זיין מעלאַנכאָלישען שאָטען איבער זייערע גליק־ליכסטע שטונדען און טרייסט זיי ליעבליך אין אומגליק. זיי קענען וויינען. וואָס פאר א פּאָעזיע ליגט אין אזא מענשליכער טרעהר!“

— הערסטו — האָב איך געזאָגט צו יאַדוויגא׳ן — ווי יענע דאָרטען אונטען אורטיילען וועגען אונז? לאָמיר זיך ארומ־נעמען כדי זיי זאָלען אונז מעהר ניט באמיטליידען. און זיי זאָלען זאָגאר קוקען אויף אונז מיט קנאה! — זי, די געליעבטע אָבער, האָט מיך אָנגעקוקט מיט אונענדליכער ליעבע און האָט ניט ארויסגערעדט קיין וואָרט. איך האָב זי געקושט שטי־

לערהייד, זי איז געוואָרען בלייך און א קאַלטער שווידער איז אריבער איבער איהר ליעב געזיכט. ענדליך איז זי געלעגען אין מיינע אָרעמס פארשטיינערהט ווי ווייסער מארמאָר, און איך וואָלט גערענקט אז זי איז טויט, ווען צוויי גרויסע שטראָמען טרעהרען וואָלטען זיך ניט א לאָז געטאָן פון איהרע אויגען. — און די דאָזיגע טרעהרען האָבען מיך באַגאָסען אין דער צייט וואָס איך האָב דאָס ליעבע באַשעפעניש אַלץ שטאַרקער ארומגענומען מיט מיינע אָרעמס —

דאָ האָב איך פּלוצלונג דערהערט די קריגערישע שטים פון מיין באַלעבאָסטע און איך האָב זיך אויפגעכאַפּט פון מיין חלום. זי איז געשטאַנען פאר מיין בעט, מיט דער פארבאָרגענער לאַמטערן אין האנד און האָט מיך געבעטען איך זאָל שנעל אויפשטעהן און געהן מיט איהר: קיינמאָל האָב איך זי ניט געזעהן אזוי מיאוס. זי איז געווען, אין איהר העמד, און איהרע איינגעפאַלענע בריסט האָט באַגילדט דער לבנה־שיין, וואָס איז גראַד אריינגעפאַלען דורכ'ן פענסטער. זיי האָבען אויסגעזעהן ווי צוויי אויסגעטרוקנטע ציטראָנען. ניט ווייסענדיג וואָס זי וויל, כמעט נאָך פארשלאָפען, בין איך איהר נאָכגעגאַנגען אין דעם שלאָפצימער פון איהר מאַן. און דאָרט איז זיך דער אָרימער מענש געלעגען, מיט דער שלאָפמיץ אראָפּגערוקט איבער די אויגען, און האָט אויסגעזעהן שטאַרק פאַר'חלומ'ט. ווײַלענווייז האָט זיין לייב געציטערט אונטער דער דעק, זיינע ליפּען האָבען געשמייכעלט פון הנאה, און האָבען זיך צייטענווייז צוזאַמענגעשפּיצט, ווי א קוש צו געבען, ער האָט געשנאַרכט און געשטאַמעלט: ושתי! קעניגין ושתי! מאַיעסטעט! האָב ניט קיין מורא פאַר אחשורוש'ן! געליעבטע ושתי!

מיט אויגען וואָס האָבען געגליהט פון צאָרן האָט זיך די פרוי איבערגעבויגען איבער דעם שלאָפענדיגען מאַן. האָט צוגעלעגט איהר אויער צו זיין קאָפּ, פונקט ווי זי וואָלט וועלען דערטאַפּען זיינע געדאַנקען און האָט צו מיר שטיל א זאָג געטאָן: האָט איהר זיך איצטער איבערצייגט, מינהער שנאַבעלעוואָפּסקי? ער שפּיעלט איצטער א ליעבע מיט דער קעניגין ושתי! דער אומפארשעמטער, אומגעטרייער! איך האָב דאָס דאָזיגע שענדליכע פארהעלטעניש

נאָך באמערקט געכטען ביינאכט. אפילו א געצענדיענערין האָט ער פאַרגעצויגען פאר מיר! אָבער איך בין זיין ווייב און א קריס־טין און איהר וועט זעהן ווי איך וועל זיך נוקם זיין.

ביי די דאָזיגע ווערטער האָט זי צוערשט ארונטערגעריסען די דעק פון דעם אָרימען זינדערס לייב, — ער איז געלעגען אין שוויים — דערנאָך האָט זי א כאפּ געטאָן א הירשלעדערנעם ברוכבאנד און האָט דערמיט מורא'דיג גענומען קלאַפּען די דינע איברים פון דעם אָרימען זינדער. דער אָרימער, וואָס איז אויף אזא אונאנגענעהמען אופן אויפגעוועקט געוואָרען פון זיין ביבלישען חלום, האָט זיך צושריען אזוי הויך, גלייך ווי די הויפּט שטאָדט סוזא וואָלט גע־שטאנען אין פייער אין האָלאנד אין וואסער. און מיט זיין געשריי האָט ער אויפגערודערט די גאנצע נאָכבארשאפט.

אויף צו מאָרגענס האָט עס געהייסען אין גאנץ לאידען, אז מיין באלעבאָס האָט דערפאר געמאכט אזעלכענע געוואלדען, ווייל ער האָט ביינאכט געבאַפּט מיך ביי זיין פרוי. וואָרים מען האָט זי געזעהן א האלב נאקעטע ביים פענסטער, און די דיענסט, וועלכע האָט געהאט אויף מיר א כעס, האָט דערצעהלט פאר דער ווירטהין פון דער טראקטיר „די רויטע קוה", אז זי האָט אליין געזעהן ווי די באלעבאָסטע איז ביי נאכט אריין צו מיר אין שלאָף־צימער.

ווען איך טראכט וועגען יענעם עראייגעניש באפאלט מיך א געוואלדיגער אומעט. וואָס פאר א שרעקליכע פאָלגען דאָס האָט מיר געבראכט!

## קאפיטעל XIII.

וואלט די ווירטהין פון דער „רויטער קוה" געווען אן איטאל־יענערין, וואלט זי אפשר געווען פאר|סמ'ט מיין עסען; אזוי ווי זי איז אבער געווען א האלענדערין, האט זי מיר דערפאר געשיקט שלעכט עסען. שוין אויפ'ן צווייטען טאג האבען מיר דערפיהלט די פאלגען פון איהר ווייבערשען כעס. דאס ערשטע געריכט איז געווען — מיר האבען ניט געקראגען קיין זופ. דאס איז געווען שרעקליך. באזונדערס פאר א גוט ערצויגענעם מענשען ווי איך, וועלכער איז פון קינדהייט אן געווען געוועהנט צו עסען זופ יעדען טאג, און וועלכער האט זיך ניט געקענט פארשטעלען קיין וועלט, אין וועלכער אין־דער־פריה זאל ניט אויפגעהן די זון, און צום מיטאג זאל מען ניט דערלאנגען קיין זופ. דאס צווייטע מאכל איז באשטאנען פון רינדפלייש, וואס איז געווען קאלט און הארט ווי מיראנ'ס קוה. דריטענס, איז געקומען א שעלפיש, ועמען עס האט געשמעקט פון האלז ווי א מענשען. פערטענס, איז געקומען א הוהן, וואס, אויף וויפיעל דאס האט געזאלט שטילען אונזער הונגער, האט עס אבער אויסגעזעהן אזוי מאגער און אזוי אפגעצעהרט, גלייך ווי עס וואלט אליין געווען הונגעריג. אזוי אז כמעט פון רחמנות האט מען דערפון גאר ניט געקענט עסען.

— און איצטער, קליינער שמשון, — האט אויסגערופען דער דיקער דריקסען — גלויבסטו נאך אליץ אין גאט? איז דאס יושר? אז די פרוי באנדאזשיסטין קריכט אין דער פינסטערער נאכט צו שנאבעלעוואפסקי'ן, מוזען מיר דערפאר שלעכט עסען ביים הע־לען טאג? ·

— אוי גאט! גאט! — האט בייז געזיפצט דער קליינער, ווארים איהם האט פארדראסען, וואס ער מוז הערען אזעלכענע

אַטעאיסטישע רייד און אפשר אויך, וואָס ער האָט געקראַגען שלעכט עסען. זיין בעס איז נאָך מעהר געוואַקסען, ווען אויך דער לאַנגער פּיטער האָט זיך צולאָזט מיט זיינע וויצען אויף די אַנטראָפּאָמאָר־פיסטען און האָט געלויבט די עגיפּטער, דערפאַר וואָס זיי האָ־בען אַמאָל פאַרעהרט די אָקסען און ציבעלעס; וואָרים די אָקסען, ווען זיי זענען געבראָטען און די ציבעלעס ווען זיי זענען געפּרע־געלט, שמעקען זיי געטליך.

אָבער דעם קליינעם שמשון׳ס געמיטה איז דורך אזעלכענע שפּאָטערייען געוואָרען וואָס אַמאָל אַלץ ביטערער געשטימט און ענדליך האָט ער פאַרטיידיגט דעם דייזמוס, אזוי צו זאָגען: דאָס וואָס די זון איז פאַר די בלומען, דאָס איז גאָט פאַר די מענשען. ווען די שטראַהלען פון יענעם הימלישען שטערן באַריהרען די בלומען, דאַן צעוואַקסען זיי זיך לוסטיג און זיי עפענען אויף זייע־רע בעכערס און ווייזען אַרויס זייער בונטעסטע פאַרבענציערונג. ביי נאַכט, ווען זייער זון איז דערווייטערט, שטעהען זיי טרויעריג מיט פאַרשלאָסענע בעכערס און שלאָפען, אָדער חלומ׳ן פון די גאָלדענע קוש פון די שטראַהלען אין דער פאַרגאַנגענהייט. די יעניגע בלומען, וואָס שטעהען תמיד אין שאָטען, פאַרליערען זייערע פאַרבען און זייער וואוקס, ווערען פאַרקריפּעלט, פאַרבלאַסט, און פאַרוועלקען אומעטיג און אָהן גליק. יענע בלומען אָבער, וואָס וואַק־סען אין גאַנצען אין די פינסטער, אין אַלטע קעלערן פון פעסטונ־גען, אונטער חורבות פון קלויסטערס, יענע ווערען מיאוס און גיפטיג. זיי דרעהען זיך אויף דער ערד ווי שלאַנגען. שוין זייער דופט אליין ברענגט אומגליק, מאַכט שכור, און איז טויטליך —

— אָ דו דאַרפסט ניט ווייטער צו שפּינען דיינע ביבלישע משלים — האָט אויסגעשריען דער דיקער דריקסען, אין דעם ווי ער האָט אריינגעגאָסען א גרויס גלאָז בראַנפען אין האַלז אריין — דו קליינער שמשון, ביזט א פרומע בלום, וואָס אין גאָטס זונשיין זויגט זי איין די הייליגע שטראַהלען פון דער טוגענד און פון דער ליעבע, מיט אזא חשק, אז דיין נשמה בליהט ווי א רעגענבויגען. אין דער צייט, וואָס אונזערע נשמות, וואָס זענען אָפּגעווענדט פון

דער גאָטהײט, זענען פֿארבלאָז און מיאוס פֿארװעלקט, און טײל־
מאָל פֿארשפּרײטען זײ גאָר ריחות פֿון א מגפה —

— איך האָב אמאָל אין פֿראנקפורט געזעהן א זײגער —
האָט געזאָגט דער קלײנער שמשון — װאָס האָט ניט געגלויבט אין
קײן זײגער מאכער, ער איז געװען פֿון טאָמבאק און איז געגאנ־
גען זעהר שלעכט —

— איך װעל דיר װעניגסטענס װײזען, אז אזא זײגער קען װע־
ניגסטענס גוט שלאָגען — האָט געענטפֿערט דריקסען, נאָכדעם װי
ער איז געװאָרען גאנץ רוהיג און דעם קלײנעם מעהר ניט באלעס־
טיגט.

און אזוי װי דער קלײנער האָט טראָץ זײנע שװאכע הענטלעך
געגעבען גאנץ פֿײנע קלעפּ, איז באשלאָסען געװאָרען, אז די בײדע
זאָלען זיך נאָך אין דעם זעלביגען טאָג דועלירען. זײ האָבען זיך א
לאָז געטאָן אײנער אויפ׳ן צװײטען מיט גרויס פֿארביטערונג. די
שװארצע אויגען פֿון דעם קלײנעם שמשון האָבען געגלאנצט פֿײע־
ריג גרויס, און זענען געװען א װאונדערבארער קאָנטראסט צו זײנע
הענטלעך, װאָס האָבען קלעגליך ארויסגעשטעקט פֿון די פֿאר־
שארצטע העמד־ארבעל. ער איז געװאָרען װאָס אמאָל אלץ העפּ־
טיגער. װאָרים ער האָט זיך דאָך געשלאָגען פֿאר קידוש השם, פֿאר
דעם אלטען יעהאָװא, דעם מלך מלכי המלכים. ע ר אבער האָט
זײן טשעמפּיאָן ניט געגעבען די קלענסטע אונטערשטיצונג. און
בײ דעם זעקסטען גאנג האָט דער קלײנער באקומען א שטאָך אין
דער לונג.

— אוי גאָט! — האָט ער א זיפֿץ געטאָן און איז געפֿאלען
צו דער ערד.

# קאפיטעל XIV.

די דאזיגע סצענע האט מיך מורא'דיג אויפגערודערט. מיין גאנצער כעס האט זיך אבער אויסגעלאזט צו יענער פרוי, וואס האט אינדירעקט פאראורזאכט דאס דאזיגע אומגליק. מיט א הארץ פול צארן און טרויער האב איך זיך א לאז געטאן צו דעם רויטען אקס.

— טייוועל! פארוואס האסטו ניט געשיקט קיין זופ? — דאס זענען געווען די ווערטער, מיט וועלכע איך האב זיך געווענדט צו דער בלייכווערענדיגע ווירטהין, ווען איך בין אריין אין קיך. דאס פארצעלאן אויף דעם קאמין האט געציטערט ביי דעם טאן פון מיין קול, איך בין געווען אזוי מורא'דיג, ווי עס קען נאר זיין א מענש, וואס האט ניט געגעסען קיין זופ, און וועמענס בעסטער פריינד האט געקראגען א שטאך אין דער לונג.

— טייוועל! פארוואס האסטו ניט געשיקט קיין זופ? — די דאזיגע ווערטער האב איך ווידערהאלט אין דער צייט, וואס די פרוי איז פאר מיר געשטאנען פארשטיינערט און וויסעדיג איהר שולד ניט גערעדט קיין ווארט. ענדליך אבער האבען זיך א לאז געטאן די טרעהרען איהרע ווי פון געעפענטע שליוזען. זיי האבען פארפלייצט איהר גאנץ פנים און האבען אראפ געטריפט ביז אין דעם קאנאל אריין פון איהר בוזים. דאס דאזיגע בילד האט פון דעסטוועגען ניט געקענט ווייכער מאכען מיין צארן און מיט א פארשטארקטער ביטערקייט האב איך געזאגט: — א, איהר ווייבער, איך וויים אז איהר קענט וויינען. אבער טרעהרען זענען ניט קיין זופ. איהר זענט באשאפען געווארען צו אונזער אומגליק. אייער בליק איז ליגען. און אייער הויך איז באטראג. ווער האט צו־ערשט געגעסען פון דעם עפעל פון זינד? גענז האבען גערעטעט

רוים, אבער דורך א פרוי איז חרוב געווארען טראיא. א טראיא, טראיא! דאס בעסטע פון דעם הייליגען פריאמא. דו ביזט געפאַלען דורך דער שולד פון א פרוי. ווער האט געבראכט צו זיין סוף מארקוס אנטאניוס? ווער האט געלאזט אומברענגען מארק טוליוס ציצעראן? ווער האט פארלאנגט דעם קאפ פון יוחנן המטבל? ווערען, אז מען האט זיין פנים ניט דערקענט? א פרוי! די געשיכטע איז פול מיט ביישפיעלען, ווי אזוי מיר געהען צו גרונד דורך אייך. אלע אייערע מעשים איז נארישקייט און אלע אייערע רעיונות זענען אונדאנקבארקייט. מיר גיבען אייך דאס העכסטע, די הייליגסטע פלאמען פון הארצען, אונזער ליעבע — וואס גיט איהר צוריק? פלייש, שלעכט רינדפלייש, נאך ערגער היהנערפלייש — טייוועל! פארוואס האסטו ניט געשיקט קיין זופ?

אומזיסט האט איצטער די באלעבאסטע אנגעהויבען ארוישצושטאמלען א גאנצע רייהה מיט ענטשולדיגונגען. און אומזיסט האט זי מיך געפרואווט צו באשווערען ביי אלע זעליקייטען פון אונזער ליעבע, אז איך זאל איהר דאס מאל מוחל זיין. זי וועט מיר פון היינט מאל אן שיקען נאך בעסער עסען און וועט מיר נאר רעכנען זעקס גילדען פאר א מיטאג. הגם דער באלעבאס פון טראקטיר „גראטטען דאהל" נעמט פאר א געוועהנליכען עסען אכט גולדען. זי איז געגאנגען אזוי ווייט, אז זי האט מיר צוגעזאגט אויף צומארגענס צו שיקען אויסטער פאשטעטען; יא, אין דעם ווייכען טאן פון איהר שטימע האבען אפילו געשמעקט טריפעל. אבער איך בין געבליבען ביי דאס מייניגע. איך האב באשלאסען אויף אלע מאל צו מאכען א סוף און האב פארלאזט די קיך מיט די טראגישע ווערטער: אדיע, אויף דער וועלט וועלען מיר שוין ניט עסען צוזאמען.

ביים אוועקגעהן האב איך געהערט, ווי עפיס איז געפאלען צו דער ערד. איך האב מיר אפילו ניט גענומען די מיה אויסצוגעפינען, וואס דאס איז אזויגס געפאלען. און בין מיר דירעקט אוועק

געגאַנגען צו דעם „גראַטמטען דאַהלען“, כּדי צו באַשטעלען זעקס חלקים עסען, פאַר'ן מאָרגענדיגען טאָג.

נאָך דער דאָזיגער וויכטיגסטער ארבייט, האָב איך זיך גע־איילט צו געהן צו דעם קליינעם שמשונס וואוינונג. און איך האָב דעם קליינעם געפונען אין א זעהר שלעכטען צושטאַנד. ער איז געלעגען אין א גרויסען אלט פרענקישען בעט, וואָס האָט ניט געהאַט קיין פאַרהאַנגען. און ביי ווענדעגס עקען עס האָבען זיך געפונען פיער גרויסע מאַרמאָריערטע הילצערנע זיילען, וואָס האָבען אוי־בען געטראָגען א רייך פאַרגילדעטען באַלדאַכין. דאָס פּנים פון דעם קליינעם איז געווען בלאָס פון יסורים. און אין דעם בליק, וואָס ער האָט מיר צוגעווארפען איז געלעגען אזוי פיעל אומעט, גוטס־קייט און עלענד, אז איך בין דערפון געריהרט געוואָרען ביז אין דער טיעפקייט פון מיין נשמה. דער דאָקטאָר איז נאָר וואָס געהאַט אוועקגעגאַנגען און ער האָט ערקלעהרט, אז זיין וואונד איז א געפעהרליכע. וואָן מעלען, וואָס איז דאָרט אליין געבליבען, איז גע־זעסען פאַר זיין בעט און האָט איהם פאַרגעלייענט פון דער ביבעל.

— שנאָבעלעוואָפּסקי — האָט דער קליינער געזיפצט — עס איז גוט, וואָס דו ביזט געקומען. קענסט צוהערען און עס וועט דיר טוען גוטס. דאָס איז א ליעב בוך. מיינע אבות האָבען עס ארומגע־טראָגען אין דער גאַנצער וועלט, און זענען דערפאַר אויסגעשטאָ־בען זעהר פיעל לייד און אומגליק און בזיון און שנאה, אָדער האָ־בען זיך גאָר געלאָזט דערפאַר אומברענגען. יעדעס בלאַט דערין האָט געקאָסט טרעהרען און בלוט. דאָס איז דאָס אויפגעשריעבענע פאָ־טערלאַנד פון גאָטס קינדער. דאָס איז די הייליגע ירושה פון יע־האָווא.

— רעד ניט צופיעל — האָט אויסגערופען וואַן מעלען — דאָס איז ניט גוט פאַר דיר.

— און גאָר — האָב איך צוגעגעבען — רעד ניט פון יעהאָ־וואָ דעם אונדאנקבארסטען פון אלע געטער, פאַר וועמענס כּבוד וועגען דו האָסט דיך היינט געשלאָגען —

— אוי גאָט! — האָט געזיפצט דער קליינער, און טרעהרען

האָבען זיך געגאָסען פון זיינע אויגען — אוי גאָט! דו העלפסט אונ־זערע שונאים!

— רעד ניט אזוי פיעל — האָט ווידער געזאָגט וואן מעלען— און דו, שנאבעלעוואָפּסקי — האָט ער א זאָג געטאָן שטילערהייד— ענטשולדיג ווען איך לאַנגווייל דיך; דער קליינער האָט דורכאויס געוואָלט, אז איך זאָל איהם פאָרלייענען די געשיכטע פון דעם, וואָס האָט געהאט אזא נאָמען ווי ער, די געשיכטע פון שמשון הגבור. מיר האַלטען ביים פיערצעהנטען קאפּיטעל, הער זיך צו:

„און שמשון האָט אראָפּ גענידערט קיין תמנת, און ער האָט געזעהן א פרוי אין תמנת צווישען די טעכטער פון די פלשתים—"

— ניין! — האָט אויסגערופען דער קליינער מיט צוגעמאכ־טע אויגען — מיר האַלטען שוין ביים זעכצעהנטען קאפּיטעל, מיר קומט פאַר „איך וואָלט איבערגעלעבט דאָס אַלץ, וואָס דו לייענסט פאַר מיר. מיר קומט פאַר ווי איך וואָלט געהערט מעקען די שאָף, וואָס פאַשען זיך ארום ירדן, ווי איך וואָלט אליין אונטערגעצונ־דען די עקען פון די פיקסען און געלאָזט זיי לויפען איבער די פעל־דער פון די פלשתים; ווי איך וואָלט אליין מיט דעם קינבאק פון אן עזעל אויסגעהרג'עט טויזענד פלשתים — אוי די פלשתים, זיי האָבען אונז אונטעריאָכט און פון אונז חוזק געמאכט, און האָבען אונז געמאכט באצאָהלען מס ווי די חזרים, און האָבען מיך פון טאַנץ־זאַל ארויסגעשמיסען אויפ'ן פערד, און אין באָקענהיים גע־טראָטען מיט די פיס — ארויסגעשמיסען, מיט די פיס געטראָטען. אויפ'ן פערד! א, גאָט! דאָס טאָר ניט זיין!

— ער ליגט אין היץ און פאַנטאַזירט — האָט שטילערהייד געזאָגט וואן מעלען, און ער האָט אָנגעהויבען דאָס זעכצעהנטע קאַפּיטעל:

„און שמשון איז געגאַנגען קיין עזה, און ער האָט דאָרט גע־זעהן א זונה, און ער האָט זיך געלעגט ביי איהר.

„האָט מען געזאָגט די עזתים: שמשון איז געקומען אהער. און זיי האָבען איהם ארומגערינגעלט און האָבען אויף איהם געלויערט די גאַנצע נאַכט ביי דעם טויער פון שטאָדט און זיי זענען געווען

שטיל די גאַנצע נאַכט און האָבען געזאָגט: ביז דער מאָרגען וועט ווערען ליכטיג, וועלען מיר איהם דער׳הרג׳ענען.

„און שמשון איז געלעגען ביז אין דער האַלבער נאַכט. און ער איז אויפגעשטאַנען אין דער האַלבער נאַכט און ער האָט א נעם געטאָן די טירען פון דעם שטאָדט טויער, צוזאַמען מיטביידע בייר־שטידלען, און ער האָט זיי א הויב געטאָן פון די ריגלען, און האָט זיי ארויפגעלעגט אויף זיינע אַקסלען און האָט זיי ארויפגעטראָגען אויף דעם שפּיץ פון בארג, וואָס איז פאַר חברון.

„און עס איז געוועזן נאָכדעם, האָט ער ליעב באַקומען א פרוי ביים טייך טורק, און זי האָט געהייסען דלילה.

„און צו איהר זענען ארויפגעקומען די הארען פון די פּלשתים און האָבען געזאָגט צו איהר: רעד איהם איבער און זעה אין וואָס זיין כח איז אזוי גרויס און מיט וואָס מיר קענען איהם בייקומען, אז מיר זאָלען איהם קענען בינדען און פּייניגען; און מיר וועלען דיר געבען, יעדער מאַן, טויזענד און הונדערט זילבער.

„און דלילה האָט געזאָגט צו שמשון: זאָג מיר, אין וואָס איז דיין קראַפט אזוי גרויס. און מיט וואָס קען מען דיך בינדען, אז מען זאָל דיך קענען פּייניגען?

„און עס האָט געזאָגט צו איהר שמשון: ווען מען זאָל מיך בינדען מיט זיעבען פייכטע שטריק, וואָס זענען נאָך ניט אויס־געטרוקענט, וועל איך ווערען שוואַך און זיין ווי אַלע אנדערע מענ־שען.

„און די הארען פון די פּלשתים האָבען צו איהר ארויפגעבראַכט זיעבען פייכטע שטריק• וואָס זענען נאָך ניט געוועזן פאַרטרוקענט, און זי האָט איהם געבונדען מיט זיי.

„און דער פיינט האָט געלויערט אין צימער און זי האָט גע־זאָגט: פּלשתים זענען אויף דיר, שמשון! און ער האָט צוריסען די שטריק ווי מען צורייסט א פלאַקסענעם פאָדים, ווען ער האָט געשמעקט פייער. און ס׳איז ניט באַוואוסט געוואָרען, אין וואָס עס באַשטעהט זיין קראַפט.

— אוי, נאַרישע פּלשתים! — האָט איצטער אויסגערופען

דער קליינער און געשמייכעלט מיט הנאה — זיי האבען מיך אויף געוואלט זעצען אויף דער קאנסטאבלער וואך —

וואו מעלען אבער האט געלייענט ווייטער:

„און דלילה האט געזאגט צו שמשון: זעה, דו האסט געשפאט פון מיר און גערעדט צו מיר ליגען. איצטער זאג מיר: מיט וואס קען מען דיך בינדען?

„און ער האט געזאגט צו איהר: ווען זיי וועלען מיך בינדען מיט נייע שטריק, מיט וועלכע מען האט נאך ניט געטאן קיין אר־בייט, וועל איך ווערען שוואך און זיין ווי יעדער אנדערער מענש.

„און דלילה האט גענומען נייע שטריק און האט איהם געבונ־דען מיט זיי. און האט געזאגט: פלשתים זענען אויף דיר, שמשון! (און דער שונא האט געלויערט אויף איהם אין חדר) און ער האט זיי צוריסען ווי פאדים."

— אוי נארישע פלשתים! — האט אויסגערופען דער קליינער.

„און דלילה האט געזאגט צו שמשון: ביז איצטער האסטו געשפאט פון מיר און האסט גערעדט צו מיר ליגען. זאג מיר, מיט וואס קען מען דיך בינדען? און ער האט געזאגט צו איהר: ווען דו זאלסט איינפלעכטען די זיבען לאקען פון מיין קאפ מיט א פלעכטבאנד.

און זי האט פארפעסטיגט מיט א נאגעל, און זי האט גע־זאגט: פלשתים זענען אויף דיר, שמשון! און ער האט זיך אויפ־געכאפט פון זיין שלאף, און ער האט ארויסגעצויגען דעם נאגעל, די געפלאכטענע לאקען און דאס פלעכטבאנד.

דער קליינער האט געלאכט: — דאס איז געווען אויף דער עשענגאס — וואו מעלען אבער האט ווייטער געלייענט:

„און זי האט געזאגט צו איהם: ווי אזוי זאגסטו, אז דו האסט מיך ליעב, אז דיין הארץ איז ניט מיט מיר. שוין דריי מאל האסטו געשפאט פון מיר און האסט מיר ניט געזאגט מיט וואס דיין קראפט איז גרויס.

„און עס איז געווען, ווען זי איז צו איהם צוגעשטאנען מיט

רייד אַלע טאָג און האָט איהם געפּלאָגט, איז זיין זעל געוועזן מיעד ביז צום טויט.

„און ער האָט פאַר איהר אויסגערעדט זיין גאַנץ הארץ און ער האָט געזאָגט: קיין שער איז ניט געוועזן אויף מיין קאָפּ. ווארים איך בין געהייליגט צו גאָט פון דער מאַמעס בויך. ווען מען זאָל מיך אָפּ־שערען, וועט זיך פון מיר אָפּטאָן מיין כח, און איך וועל ווערען שוואַך און זיין ווי יעדער אַנדערער מענש.

— וואָס פאַר א נארישקייט! — האָט געזיפצט דער קליינער. וואָז מעלען אָבער האָט ווייטער געלייענט:

„און דלילה האָט געזעהן, אַז ער האָט איהר געזאָגט זיין גאַנץ הארץ, האָט זי געשיקט און גערופען די הארען פון די פלשתים אַזוי צו זאָגען: קומט ארויף נאָך דאָס מאָל, ווארים ער האָט איהר געזאָגט זיין גאַנץ הארץ. און די הארען פון די פלשתים זענען ארויפגעגאַנגען צו איהר און האָבען מיטגעבראַכט דאָס זילבער אין זייערע הענד.

„און זי האָט איהם איינגעשלעפערט אויף איהר קניה, און זי האָט גערופען צו דעם מאַן, און ער האָט אָפּגעשוירען די זיעבען לאָקען פון זיין קאָפּ, און זי האָט אָנגעהויבען איהם צו פּייניגען. און זיין כח האָט זיך פון איהם אָפּגעטאָן.

„און זי האָט געזאָגט: פלשתים זענען אויף דיר, שמשון! און ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, און געזאָגט: איך וועל ארויסגעהן ווי אַלע מאָל און וועל זיך אויסרייסען. — און ער האָט ניט געוואוסט, אַז גאָט האָט זיך פון איהם אָפּגעטאָן.

„און די פלשתים האָבען איהם גענומען און האָבען איהם אויס־געשטאָכען די אויגען. און האָבען איהם אַראָפּגענידערט קיין עזה. און האָבען איהם געבונדען אין קייטען און ער האָט געמאָלען אין געפענגניש.“

— אוי גאָט! גאָט! — האָט כסדר געוויינט און געקלאָגט דער קראַנקער — זיי שטיל — האָט געזאָגט וואָז מעלען און גע־לייענט ווייטער:

„און די האָר פון זיין קאָפּ האָבען אָנגעהויבען צו שפּראָצען, וואו מען האָט זיי אָפּגעשוירען.

„און די הארען פון די פלשתים האבען זיך פארזאמעלט צו שעכטען א גרויסע שעכטונג צו דגון, זייער גאט, און זיי האבען געזאגט: אונזער גאט האט אונז איבערגעגעבען אונזער פיינד אין אונזערע הענד אריין.

„און דאס פאלק האט איהם געזעהן, האבען זיי געזאגט: גאט האט אונז איבערגעגעבען אין די הענד אונזער פיינד און דעם פארוויסטער פון אונזער לאנד און (דעם) וואס האט פארמעהרט אונזערע דערשלאגענע.

„און ס'איז געווען, ווען זייער הארץ איז געווען פרעהליך, האבען זיי געזאגט: לאזט רופען שמשון און זאל ער פאר אונז שפיעלען. און זיי האבען געלאזט רופען שמשון פון געפענגניש און ער האט געשפיעלט פאר זיי און זיי האבען איהם געשטעלט צווישען די זיילען.

„און שמשון האט געזאגט צום איינגעל, וואס האט איהם געהאלטען ביי דער האנד: לאז מיך, און לאז מיך אנטאפען די זיילען אויף וועלכע דאס הויז האלט זיך און איך וועל זיך אויף זיי אנלעהנען.

„און דאס הויז איז געווען פול מיט מענער און ווייבער. און דארט האבען זיך געפונען אלע הערען פון די פלשתים און אויף דעם דאך ארום דריי טויזענד מענער און פרויען, וואס האבען צוגעזעהן ווי שמשון שפיעלט.

„און שמשון האט גערופען צו גאט און האט אזוי געזאגט: האר, מיין גאט! געדענק אן מיר, און שטארק מיך נאך כאטש דאס איינע מאל, גאט. אז איך זאל נעמען איין נקמה פאר מיינע ביידע אויגען, פון די פלשתים!

„און שמשון האט א נעם געטאן די צוויי מיטעלסטע זיילען, אויף וועלכען דאס הויז האט זיך געהאלטען, און ער האט זיך אנגעלעהנט אויף זיי. איינעם אין זיין רעכטער האנד און דעם צווייטען אין זיין לינקער האנד.

„און שמשון האט געזאגט: „תמות נפשי עם פלשתים!" און ער האט זיך א נייג געטאן מיט כח און דאס הויז איז איינגעפאלען אויף די הארען און אויף דעם פאלק, וואס איז דארט געווען. און עס איז

געוועז די טויטע וואָס ער האָט גע׳הרג׳עט מיט זיין טויט א סך
מעהר ווי די, וואָס ער האָט גע׳הרג׳עט ביי זיין לעבען.״

ביי דער דאָזיגער שטעלע האָט דער קליינער שמשון גייסטער־האפט ווייט צועפענט זיינע אויגען, און האָט א כאפּ געטאָן מיט זיינע דארע הענטלעך די צוויי זיילען, וואָס זענען געוועז ביים צו־פוסענס פון זיין בעט, און האָט געשאָקעלט מיט זיי און מיט כעס האָט ער געשטאָמעלט: „תמות נפשי עם פלשתים!״ אָבער די שטארקע זיילען פון בעט זענען געבליבען אונבאוועגליך. אויסגע־מאטערט און אומעטיג שמייכלענדיג איז דער קליינער צוריק גע־פאלען אויף זיין קישען, און פון זיין וואונד, פון וועלכען עס האָבען זיך אָפּגעלאָזט די באנדזאשען, האָט זיך א לאָז געטאָן א רויטער שטראָם בלוט.

## ערשטע נאכט.

אין פאדערצימער האט מאקסימיליאן געפונען דעם דאקטאר, ווען ער האט גראד געהאלטען ביים אנטאן זיינע שווארצע הענטש־קעס. — איך מוז שוין געהן — האט איהם דער דאקטאר האסטיג אקעגען גערופען. — סיניארא מאריא האט דעם גאנצען טאג ניט געשלאפען, און זי איז נאר וואס אנדרימעלט געווארען. איך דארף אייך ניט ערשט דערצעהלען, אז איהר טארט זי ניט אויפוועקען מיט קיין גערויש; און טאמער כאפט זי זיך אויף, זאל זי למען השם ניט רעדען. זי מוז ליגען רוהיג, טאר זיך ניט ריהרען, ניט באוועגען זיך אויף דאס מינדסטע. זי טאר ניט רעדען, און נאר א גייסטיגע באוועגונג איז גוט פאר איהר. זייט אזוי גוט, און דערצעהלט איהר ווידער אלערליי נארישע מעשיות, אזוי אז זי זאל מוזען ליגען רו־היג און אייך צוהערען.

— לאזט דאס פאר מיר, דאקטאר, — האט געענטפערט מאקסימיליאן מיט אן אומעטיגען שמייכעל. — איך האב זיך שוין אויסגעלערנט צו זיין א פלוידערזאק, און איך לאז זי ניט קומען צום ווארט, און איך וועל איהר שוין דערצעהלען גענוג פאנ־טאסטישע מעשיות, אזוי פיעל וויפיעל זי וועט נאר פארלאנגען... אבער ווי לאנג וועט זי נאך קענען לעבען?

— איך מוז שוין געהן — האט געענטפערט דער דאקטאר און איז פארשוואונדען.

די שווארצע דבורה, האט מיט איהר פיינעם געהער, שוין אן די טריט דערקענט ווער עס איז אנגעקומען. און זי האט שטיל גע־עפענט די טיר. אויף זיין וואונק האט זי פונקט אזוי שטיל פארלא־זען דאס צימער, און מאקסימיליאן איז פארבליבען אליין ביי זיין פריינדין. דאס צימער איז געווען זעהר שוואך באלויכטען פון איין

איינציגען לאמפ. און אט דער לאמפ האט ווען ניט ווען געווארפען האלב מורא'דיגע און נייגיעריגע פאסען ליכט אויפ'ן פנים פון דער קראנקער פרוי, וועלכע איז געלעגען אויסגעשטרעקט אויף א גרינזיידענער זאפא, אין גאנצען אנגעטאן אין ווייסען מוזעלין, און איז רוהיג געשלאפען.

שווייגענדיג מיט פארלייגטע ארעמס איז מאקסימיליאן גע־שטאנען א ווײלע פאר דער שלאפענדיגער, און האט באטראכט די שענע גליעדער, וואס דער לייכטער געוואנד האט מעהר אויפגע־דעקט ווי איינגעהילט, און יעדעס מאל, ווען דער לאמפ האט גע־ווארפען א פאס ליכט איבער דעם בלאסען פנים, האט זיין הארץ א ציטער געטאן. — גאט מיינער! — האט ער שטיל גערעדט צו זיך אליין — וואס פאר א זכרונות דערוועקען זיך דאס ביי מיר? יא, איצטער ווייס איך עס. אט דאס ווייסע בילד אויף דעם גרינעם גרונד, יא, איצטער...

אין דעם דאזיגען אויגענבליק האט זיך די קראנקע אויפגע־כאפט, און ווי ארויסקוקענדיג פון דער טיעפקייט פון א חלום, הא־בען געקוקט אויף דעם פריינד די זאנפטע, טונקעלבלויע אויגען, פרעגענדיג, בעטענדיג... „וועגען וואס האט איהר נאר וואס גע־טראכט, מאקסימיליאן?" האט זי געפרעגט מיט יענער שוידערליך ווייכער שטים, וואס מען געפינט זי ביי לונגענקראנקע, און אין וועלכער עס דאכט זיך, אז מען הערט אי דאס פלאפלען פון א קינד, אי דאס טשוויטשערען פון א פויגעל און אי דאס כארכלען פון א גוסס. „וועגען וואס האט איהר נאר וואס געטראכט, מאקסי־מיליאן?" — האט זי איבערגעפרעגט נאכאמאל, און האט זיך האסטיג א הויב געטאן אין דער הויך, אזוי אז די לאנגע לאקען האבען זיך צולאזט אויף איהר קאפ, ווי דערשראקענע גאלדענע שלאנגען.

— גאט מיינער — האט אויסגערופען מאקסימיליאן. און זי ווידער זאנפט אוועקגעלעגט אויף דער זאפא. — ליגט רוהיג. רעדט ניט; איך וועל אייך זאגען אלץ. אלץ וואס איך טראכט, וואס איך פיהל, יא, אפילו דאס וואס איך ווייס אליין ניט!

— און ווירקליך! — האט ער ווייטער גערעדט — איך ווייס

אליין ניט געגנוי, וואָס איך האָב נאָר וואָס געטראַכט און געפּיהלט. אין מיין זכרון האָבען ווי אין נעבעל פאַרבייגעשוועבט בילדער פון מיין קינדהייט. איך האָב געטראַכט וועגען מיין מאַמעס שלאָס, וועגען דעם וויסטען גאָרטען דאָרט, און וועגען דער שענער מאַרמאָרענער סטאַטוע, וואָס איז דאָרטען געלעגען אין גרינעם גראָז... איך האָב געזאָגט „וועגען מיין מאַמעס שלאָס", איך בעט דיך אָבער שטעל דיר נאָר ניט פאָר, עפּיס פּראַכטיגעס, הערליכעס! דאָס האָב איך זיך נאָר אזוי צוגעוועהנט צו רופען א שלאָס. מיין טאַטע פלעגט אַלעמאָל לייגען א גאַנץ באַזונדערן אויסדרוק אויף די ווערטער „דאָס שלאָס!" און ער פלעגט דערביי שמייכלען אזוי מאָדנע, וואָס דאָס שמייכעלע האָט געמיינט האָב איך פאַרשטאַנען ערשט שפּעטער, ווען איך בין, א צוועלף יעהריג אינגעל, געפאָהרען צוזאַמען מיט דער מאַמע אין שלאָס אריין. דאָס איז געווען מיין ערשטע רייזע. מיר זענען געפאָהרען דעם גאַנצען טאָג דורך א געדיכטען וואַלד, וועמענס פינסטערען פּחד איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסען. און ערשט ארום פאַרנאַכט זענען מיר געבליבען שטעהן לעבען א שלאַגבוים, וואָס האָט אונז אָפּגעטיילט פון א גרויסער לאַנקע. מיר האָבען געמוזט וואַרטען כמעט א האַלבע שעה איידער עס איז אָנגעקומען פון דער נאָהענטער לעהמיגער כאַטקע דאָס אינגעל, וועלכער האָט פאַר אונז געעפענט דעם שלאַגבוים און אונז אריינגעלאָזט. איך זאָג „דאָס אינגעל", ווייל די אַלטע מאַרטהע האָט איהר פערציגיעהריגען פלימעניק נאָך אַלץ גערופען אינגעל: אָט דאָס אינגעל האָט אָנגעטאָן דאָס אַלטע ליוורעע קלייד פון זיין פאַרשטאָרבענעם פעטער, כדי ער זאָל די גנעדיגע הערשאַפט אויפנעמען מיט ווירדע, און ווייל ער האָט דעם ליוורעע פריהער געמוזט אביסעל אָפּשטויבען, האָט ער דאָס אונז געלאָזט אזוי לאַנג וואַרטען. וואָלט מען איהם געווען גענעבען גענוג צייט, וואָלט ער אויך נעוועז אָנגעטאָן די זאָקען. אָבער די לאַנגע, נאַקעטע, רויטע פיס האָבען ניט זעהר שלעכט געפּאַסט צו דעם שרייענדיגען שאַרלאַך־רויטען מאַנטעל. צי ער האָט אונטער דעם מאַנטעל אויך געטראָגען הויזען, דאָס געדענק איך שוין ניט מעהר. אונזער דיענער יאָהאַן, וועלכער האָט אויך אָפטמאָל געהערט דאָס וואָרט שלאָס,

האָט אָנגעשטעלט אַ פאַרוואונדערט פּנים, ווען דאָס אינגעל האָט אונז צוגעפיהרט צו דער קליינער האַלב איינגעפאַלענער געביידע, וואו עס פלעגט וואוינען דער פאַרשטאָרבענער פריץ. ער האָט אבער שיער געקראָגען דעם שלאָג, ווען מיין מאמע האָט איהם באַפוילען, אז ער זאָל אריינבריינגען די בעטען. ווי האָט ער זיך דאָס גאָר געקענט פאַרשטעלען, אז אין שלאָס געפינען זיך גאָר ניט קיין בעטען! און דאָס וואָס מיין מאמע האָט איהם געהייסען פאַר אונז מיטנעמען בעטגעוואַנד, איז, אָדער ער האָט דאָס אין גאַנצען פאַרהערט, ווען ניט האָט ער עס גלאַט באַטראַכט פאַר אן איבעריגע אומזיסטיגע טרחה.

דאָס קליינע הויז, וואָס האָט נאָר געהאַט איין עטאַזש און וואָס אין זיינע בעסטע צייטען, האָט עס נאָר געהאַט פינף צימערן אין וועלכע מען האָט געקענט וואוינען, האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ שרעקליך בילד פון פאַרגעננליכקייט. צוהאַקטע מעבעל, צופליקטע טאַפּעטען, קיין איין איינציגע גאַנצע שויב אין די פענסטער. דאַ און דאָרטען איז דער דיל געווען אויפגעריסען. אומעטום מיאוסע שפּורען פון זעלנערישע באַלעבאַטישקייט. „די איינקוואַרטירטע סאָלדאַטען האָבען זיך ביי אונז אַלעמאָל אַמוזירט" — האָט געזאָגט דאָס אינגעל מיט אַן אידיאָטישען שמייכעל. די מאמע אָבער האָט געגעבען אַ וואונק, אז מיר זאָלען זי איבערלאָזען אליין. און אין דער צייט וואָס דאָס אינגעל און יאַהאַן זענען געווען באַשעפטיגט, בין איך מיר געגאַנגען אנקוקען דעם גאָרטען. אויפ'ן גאָרטען איז אויך געווען אַ שרעק צו קוקען. אַזוי צושטערט איז ער געווען. פון די גרויסע בוימער זענען אַ טייל געווען ניט צו דערקענען, און אַ טייל אָפּגעבראַכען, און איבער די געפאַלענע שטאַמען, האָבען זיך אויפגעהויבען שפּאָטישע ווילדע פלאַנצען. דאַ און דאָרט האָט מען אין די הויכע טאַקסוס־קוסטען געקענט דערקענען די אַמאָליגע שטעגען. וואו ניט וואו זענען אויך געשטאַנען סטאַטועז, ביי וועמען עס האָבען מייסטענטיילס געפעהלט די קעפּ, און ווען ניט די גאַנצע קעפּ איז וועניגסטענס די נעזער. איך דערמאָן זיך אַז איין דיאַנאַ, וועמענס אונטערשטע העלפט איז געווען פאַרוואַקסען מיט ווילדען ווייגרויב אויף דעם קאָמישסטען אופן. אַזוי דערמאָן

איך זיך אויך אַן א געטין פון פּרוכטבאַרקייט, פון וועמענס פּיהל־הערנער עס האָבען ארויסגעבליהט לויטער ווילדע קרייטיכער מיט שלעכטע ריחות. נאָר איין סטאַטוע איז געבליבען פאַרשווינט — גאָט ווייס ווי אזוי — פון דער צייט און פון דער מענשליכער רשעות. אמת, פון איהר פּעדעסטאַל האָט מען זי ארונטערגעוואָרפען אינ׳ם הויכען גראָז אריין. אָבער דאָרטען איז זי געלעגען אונפאַר־ענדערט, די מאַרמאָרענע געטין מיט די ריינע און שענע געזיכטס־צוגען, מיט דעם שטייף געטיילטען און געשפּאַנטען בוזים, וועל־כער האָט ארויסגעגלאַנצט פון דעם הויכען גראָז ווי א גריכישע אנטפּלעקונג. איך האָב זיך כמעט דערשראָקען, ווען איך האָב זי גע־זעהן. אָט דאָס בילד האָט אין מיר דערוועקט א מאָדנעם ציטער, און א געהיימע צניעות האָט מיך ניט געלאָזט לאַנג פאַרווייליען ביי זיין ליעבען אַנבליק.

ווען איך בין צוריקגעקומען צו מיין מאַמע, איז זי געשטאַ־נען ביים פענסטער פאַרזונקען אין געדאַנקען, דעם קאָפּ אַנגעלעהנט אויף איהר רעכטער האַנד און די טרעהרען זענען אַהן אַן אויפהער גערונען איבער איהרע באַקען. אזוי האָב איך זי נאָך קיינמאָל ניט געזעהן וויינען. זי האָט מיך אַרומגענומען מיט א שטאַרקער צערטליכקייט און האָט מיך געבעטען איך זאָל איהר מוחל זיין, וואָס צוליעב יאָהאַנס נאַכלעסיקייט וועל איך ניט קריגען קיין לייטיש געלעגער. — „די אַלטע מאַרטהע" — האָט זי געזאָגט— „איז זעהר קראַנק און קען דיר, ליעב קינד, ניט אָפּטרעטען איהר בעט. יאָהאַן וועט פאַר דיר אָבער אזוי צורעכט מאַכען די קישענס פון דעם וואָגען, אז דו וועסט אויף זיי קענען שלאָפען. און ער וועט דיר אויך געבען זיין מאַנטעל פאַר א צודעק. איך אַליין וועל שלאָפען דאָ אויף שטרוי; דאָס איז מיין טאַטענס שלאָף־צימער; אמאָל פלעגט עס דאָ אויסזעהן א סך בעסער. „לאָז מיך אליין!" און די טרעה־רען האָבען זיך נאָך שטאַרקער א לאָז געטאָן פון איהרע אויגען.

צי עס איז געוועזען דאָס שלעכטע געלעגער, אָדער דאָס אויפגע־רעגטע האַרץ, איך ווייס ניט. איך ווייס נאָר, אַז עס האָט מיך ניט געלאָזט שלאָפען. די לבנה האָט אריינגעשיינט דורך די צובראָכענע שויבען פון פענסטער, און מיר איז געווען ווי דער שיין פון דער

לבנה וואלט מיך וועלען ארויסשלעפען אין דער העלער זומער־נאכט. עס האט ניט געהאלפען וואס איך האב זיך געווארפען רעכטס און לינקס אויף מיין געלעגער, עס האט ניט געהאלפען וואס איך האב פארמאכט די אויגען און זיי ווידער מיט אונגעדולד געעפענט, כסדר האב איך נאר געמוזט טראכטען וועגען דער שענער מארמארע־נער סטאטוע, וואס איך האב געזעהן ליגען אין גראז. איך האב ניט געקענט פארגעסען דעם ציטער, וואס האט מיך דורכגעדרונגען ווען איך האב זי דערזעהן. און איך בין געווארען אין כעס אויף זיך צוליעב דעם דאזיגען קינדישען געפיהל. און — מארגען,— האב איך געזאגט צו זיך, „מארגען וועלען מיר דיך קושען, דו שען מאר־מארען פנים, מיר וועלען דיך קושען טאקי אויף די שענע מויל־ווינקלען, וואו די ליפען גיסען זיך צונויף אין אזא חנ׳עוודיגען גריבעלע!" אן אומגעדולד, אזא ווי איך האב נאך קיינמאל ניט געפיהלט, איז מיר דורכגעלאפען דורך אלע גליעדער, איך האב שוין מעהר ניט געקענט ווידערשטעהן דעם מאדנעם דראנג און ענדליך בין איך אויפגעשפרונגען מיט א וואוילאינגערישען מוט און האב געזאגט: „וואס איז דא צוווארטען! איך וועל דיך קושען נאך היינט, דו ליעב בילד!" שטיל, כדי די מאמע זאל ניט דערהע־רען מיינע טריט, האב איך פארלאזט דאס הויז, און דאס איז מיר אנגעקומען נאך לייכטער, דערפאר ווייל דאס פאדערהויז, הגם עס איז געווען פארשטעלט מיט א הערב שילד, האט עס אבער מעהר ניט געהאט קיין טירען; און שנעל האב איך זיך דורכגעשלאגען א וועג דורך די פארשיעדענע פארוואקסענע בוימער, פון דעם וויס־טען גארטען. מען האט ניט געהערט קיין שארך. און אלץ איז גע־לעגען שטום און ערענסט אין שטילען לבנה שיין. די שאטענס פון די בוימער זענען געווען ווי צוגענאגעלט צו דער ערד, אין דעם גרינעם גראז איז די שענע געטין געלעגען אויך אזוי רעגונגסלאז. אבער געדאכט האט זיך, אז איהרע ליעבליכע גליעדער זענען ניט פארשטארט אין א שטיינערנעם טויט, נאר אין א שטילען שלאף. און ווען איך האב זיך דערנעהענטערט, האב איך כמעט מורא געהאט, אז מיט דעם קלענסטען גערויש קען איך זי אויפוועקען פון איהר שלאף. ווען איך האב זיך אנגעבויגען איבער איהר כדי צו באטראכ־

טען איהרע שענע געזיכטסצוגען, האָב איך איינגעהאַלטען דעם אָטעם; אַ מאָדנער שרעק האָט מיך אָפּגעשטויסען פון איהר, אַ איננעלשע תאוה האָט מיך צוריק צוגעצויגען; מיין הארץ האָט גע־קלאַפּט, גלייך ווי איך וואָלט וועלען באַגעהן אַ מאָרד, און ענדליך האָב איך די שענע געטין געקושט מיט אַ ברען, מיט אַ צערטליכ־קייט און מיט אַ פארצווייפלונג, ווי איך האָב שוין קיינמאָל שפּע־טער אין מיין לעבען ניט געקושט. אויך האָב איך שוין קיינמאָל ניט פארגעסען יענע גרויענהאַפטע זיסע עמפּפינדונג, וואָס איז דורכ־געלאָפען דורך מיין נשמה, ווען די באַגליקענדיגע קעלט פון יענע מאַרמאָרענע ליפּען האָבען באַריהרט מיינע ליפּען... און זעהט איהר, מאַריאַ, ווען איך בין אַזוי נאַר וואָס געשטאַנען פאַר אייך און האָב אייך געזעהן ליגען אין דעם ווייסען מוזעלין קלייד אויף דער גרי־נער זאָפאַ, האָט איהר מיך דערמאַנט אַן דעם ווייסען מאַרמאָרענעם בילד אין גרינעם גראָז. וואָלט איהר געוועז געשלאָפען אביסעל לענגער, וואָלטען מיינע ליפּען זיך ניט איינגעהאַלטען...

— מאַקס! מאַקס! — האָט די פרוי געשריען פון דער טיעפ־קייט פון איהר נשמה — שרעקליך! איהר ווייסט, אַז אַ קוש פון אייער מויל...

— אָ, שווייגט, איך ווייס, אַז דאָס וואָלט פאַר אייך געווען עפּיס שרעקליכעס! קוקט מיך ניט אָן אַזוי בעטענדיג. איך טייטש ניט אוים פאַלש אייער געפיהל, הגם פאַר מיר זענען פאַר־באָרגען די לעצטע סבות פון אָט דעם געפיהל. איך האָב קיינ־מאָל ניט געטאָרט זיך צוריהרען מיט מיין מויל צו אייערע לי־פּען...

אָבער מאַריאַ האָט איהם ניט געלאָזט אויסרעדען. זי האָט אָנגענומען זיין האַנד, האָט זי באַדעקט מיט די שטאַרקסטע קושען און האָט דערנאָך געזאָגט שמייכלענדיג: — איך בעט אייך, דער־צעהלט מיר נאָך מעהר פון אייערע ליעבעס. ווי לאַנג האָט איהר ליעב געהאַט די מאַרמאָרענע שענהייט, וואָס איהר האָט געקושט אינ'ם גאָרטען פון אייער מאַמעס שלאָס?

— דעם צווייטען טאָג זענען מיר אָפּגעפאָהרען — האָט גע־ענטפערט מאַקסימיליאַן — און איך האָב די ליעבע געשטאַלט שוין

קיינמאל מעהר ניט געזעהן. אבער כמעט פיער יאהר איז מיין הארץ געווען פארנומען מיט איהר. פון זינט דעמאלט האט זיך אין מיר אנטוויקעלט א וואונדערבארע ליידענשאפט פאר מארמארענע סטא־טוען און נאך היינט אין דער פריה האב איך געפיהלט איהר שטאר־קע ווירקונג. איך בין געגאנגען פון דער לארענטיאנא, פון דער מע־דוצאישער ביבליאטעק און איך בין אריינגעפאלען — איך ווייס שוין ניט ווי אזוי — אין דער קאפליצע, וואו יענע פראכטפולסטע משפחה פון איטאליען האט זיך אויסגעבויט פון עדעלשטיינער א פלאץ צום שלאפען און שלאפט זיך דארטען רוהיג. א גאנצע שעה בין איך דארט פארבליבען שטעהן פארזונקען אין דעם אנבליק פון א מארמארנער סטאטוע פון א פרוי, וועמענס שטארקער קערפערליכער געבוי ווייזט אז אויף מיקעל אנדזשעלא'ס גרויסע קראפט אין דער צייט, וואס די גאנצע געשטאלט שווימט ארום אין א עטהערישע זיסקייט, וואס מען פלעגט ניט זוכען ביי יענעם מייסטער. אין דעם דאזיגען מארמאר איז צוזאמענגענומען דאס גאנצע קעניגרייך פון חלומות מיט אלע זיינע זעליקייטען, אין די שענע גליעדער וואוינט א צערטליכקייט, און דורך די אדערן, דאכט זיך, רינט לבנה־ליכט... דאס איז די נאכט פון מיקעל־אנדזשעלא בואנאראטי. אוי, ווי גערן וואלט איך וועלען שלאפען אין די ארעמס פון דער דאזיגער נאכט...

— אויסגעמאלטע פרויענבילדער — האט מאקסימיליאן גע־זאגט ווייטער נאך א פאוזע — האבען מיך אלע מאל ווייניגער אינ־טערעסירט, ווי סטאטוען. נאר איין מאל בין איך געווען פארליעבט אין א בילד. דאס איז געווען א וואונדערשענע מאדאנא, וואס איך האב געזעהן אין א קירך אין קעלן. איך בין דעמאלט געווארען א זעהר אפטער באזוכער פון קירכען, און מיין געמיט איז געווען פאר־זונקען אין דער מיסטיק פון דעם קאטוילוציזם. איך וואלט דעמאלט, ווי א שפאנישער ריטער גערן געווען געקעמפט אלע טאג, פאר דער אונבאפלעקטער מיידעלשאפט פון מאריע, דער קעניגין פון די מלאכים, דער שענסטער דאמע פון הימעל און דער ערד! דאמאלט האב איך זיך אינטערעסירט מיט דער גאנצער הייליגער משפחה, און גאר באזונדערס פריינדליך האב איך יעדעס מאל געצויגען דעם

הוט, ווען איך פלעג פאַרביי געהן פאַרביי אַ בילד פון דעם הייליגען יוסף. דער צושטאַנד האָט דאָך ניט לאַנג געדויערט. און כמעט מיט אַ גרינג געמיט האָב איך פאַרלאָזט גאַנץ מאַמע, ווען איך בין אין אַ גאַלעריע באַקאַנט געוואָרען מיט אַ גריכישער נימפע, וואָס האָט מיך אַ לאַנגע צייט געהאַלטען צוגעבונדען מיט איהרע מאַר־מאָרענע קייטען.

— און איהר האָט אַלע מאָל נאָר ליעב געהאַט אויסגעהאַקטע אָדער געמאָלטע פרויען! — האָט שטיל געלאַכט מאַריאַ.

—ניין, איך האָב אויך ליעב געהאַט טויטע פרויען — האָט גע־ענטפערט מאַקסימיליאַן איבער וועמענס פּנים עס האָט זיך ווידער פאַרשפּרייט אַ גרויסע ערנסטקייט. — ער האָט ניט באַ־מערקט, אַז ביי די דאָזיגע ווערטער האָט זיך מאַריאַ דערשראָקען, און ער האָט רוהיג גערעדט ווייטער:

— יאַ, עס איז זעהר מאָדנע, ווי איך האָב זיך אַמאָל פאַר־ליעבט אין אַ מיידעל, נאָכדעם ווי זי איז שוין געווען טויט זיבען יאָהר. ווען איך האָב זיך באַקענט מיט דער קליינער בערי איז זי מיר אויסערגעוועהנליך געפעלען געוואָרען. דריי טעג לאַנג האָב איך זיך באַשעפטיגט מיט דעם דאָזיגען יונגען מיידעל און האָב געהאַט דעם גרעסטען פאַרגעניגען אין אַלץ וואָס זי האָט געטאָן און גע־זאָגט, און אין אַלץ וואָס אָט דאָס וואונדערליכע וועזען האָט באַ־ריהרט, דאָך אָבער איז דערביי מיין געמיט ניט אריינגעפאַלען אין קיין איבערצערטליכע באַוועגונג. אויך בין איך מיט עטליכע חדשים שפּעטער ניט זעהר געטראָפען געוואָרען, ווען איך האָב באַקומען די ידיעה, אַז זי איז פּלוצים געשטאָרבען פון אַ נערוועזן פיבער. איך האָב זי אין גאַנצען פאַרגעסען, און איך בין איבערצייגט, אַז איך האָב וועגען איהר יאָהרענלאַנג ניט געטראַכט אפילו איין איינ־ציג מאָל. גאַנצע זיבען יאָהרען זענען אַוועק זינט דעמאָלט, און איך האָב זיך גראָד געפונען אין פּאָטסדאַם, כדי דאָרט צו געניסען דעם שענעם זומער אין אַן אונגעשטערטער איינזאַמקייט... איך בין דאָרט מיט קיין איינציגען מענש ניט געקומען אין באַריהרונג, און מיין גאַנצע חבר'שאַפט האָט זיך נאָר באַשרענקט אויף די סטאַ־טועז, וואָס געפינען זיך דאָרט אינ'ם גאָרטען פון סאַן־סוסי, און

דאָרט האָט פּאַסירט אין איין טאָג, אַז אין מײַן זכרון האָבן זיך דערוועקט געזיכטסצוגעז און זעלטזאַמע ליעבענסווירדיגע רעדענס־אַרטען און באַוועגונגען. און איך האָב דערבײַ זיך ניט געקענט דערמאָנען בײַ וועמען איך האָב אַזעלכעס געהערט. קײַן זאַך איז ניט אַזוי קוועלעריש ווי אַזאַ אַרומנישטערן אין אַלטע זכרונות, און איך בין דערפאַר געווען פרעהליך איבעראַשט, ווען איך האָב זיך מיט עטליכע טעג שפּעטער אויף איינמאָל דערמאָנט אַז דער קלײנער בערי. און איצטער האָב איך באַמערקט, אַז דאָס איז געווען איהר ליעב, פאַרגעסען בילד, וואָס האָט פאַר מיר געשוועבט אַזוי בעאוּנ־רוהיגענד. יאָ, איך האָב זיך געפרעהט מיט דער דאָזיגער ענטדעקונג, ווי איינער, וואָס האָט זײַן אינטימסטען פרײַנד צוריק געפונען ניט־ערוואַרטעטערהייד; די אָפּגעריבענע פאַרבען האָבען ביסלעכווייז צוריק אויפגעלעבט, און ענדליך איז די זיסע קלײנע פּערזאָן ווידער געשטאַנען פאַר מיר ווי אַ לעבעדיגע, שמייכעלדיג, קאַפּריזנע, וויציג און נאָך שענער ווי ווען עס איז פריהער. פון דעמאָלט אָן האָט מיך אָט דאָס בילד מעהר ניט געוואָלט פאַרלאָזען. עס איז גע־ווען פול אין מײַן נשמה; וואו איך בין געגאַנגען און געשטאַנען איז עס געשטאַנען און געגאַנגען לעבען מיר, האָט גערעדט מיט מיר, געלאַכט מיט מיר, דאָך אונשולדיג און אָהן גרויסע צערטליכ־קייטען. איך אָבער בין מיט יעדען טאָג אַלץ מעהר פאַר׳כשופ׳ט געוואָרען פון אָט דעם בילד, וועלכעס האָט פאַר מיר מיט יעדען טאָג באַקומען אַלץ מעהר און מעהר רעאַליטעט. עס איז לײַכט אַרויסצורופען גײַסטער. עס איז אָבער זעהר שווער זיי צוריקצו־שיקען אין דעם פינסטערען גאָרנישט; זיי קוקען אונז דאָן אָן אַזוי בעטענדיג, אונזער אייגענע הארץ ווערט אַליין פאַר זיי אַזאַ שטאַר־קער מליץ יושר... איך האָב זיך שוין מעהר ניט געקענט אַרויסרײַ־סען פון איהר, און איך האָב זיך פאַרליבט אין דער קלײנער בערי, נאָכדעם ווי זי איז שוין געווען טויט זיעבען יאָהר. אַזוי האָב איך אין פּאָטסדאַם געלעבט זעקס חדשים אין גאַנצען פאַרזונקען אין דער דאָזיגער ליעבע. איך האָב זיך איצטער געהיט נאָך מעהר ווי פריהער פאַר יעדער באַריהרונג מיט דער אויסערליכער וועלט, און ווען אימיצער פלעגט אין גאַס אביסעל נעהענטער פאַרבײַגעהן פאַר־

ביי מיר, פלעג איך זיך דערפיהלען זעהר ניט גוט און באקלעמט. איך האב דערפיהלט א טיעפען ווידערווילען קעגען יעדער באגעגעניש. ווי עס פיהלען אפשר די נאכט־וואנדלענדע נשמות פון מתים; ווארים, ווערליג מען זאגט, דערשרעקען זיי זיך פונקט אזוי שטארק, ווען זיי באגעגענען א לעבעדיגען ווי דער לעבעדיגער דער־שרעקט זיך ווען ער דערזעהט א טויטען. צופעליג איז דעמאלט אנ־געקומען קיין פאטסדאם א רייזענדער, וועמען איך האב ניט גע־קענט אויסווייכען. ווארים ער איז געמליך געווען מיין ברודער. ווען איך האב איהם דערזעהן און ווען ער האט מיר דערצעהלט די לעצ־טע געשעהענישען פון טאג, האב איך זיך אויפגעכאפט ווי פון א טיעפען חלום, און א דערשראקענער האב איך פלוצים דערפיהלט אין וואס פאר א גרויענהאפטער איינזאמקייט איך האב געלעבט פאר זיך אזא לאנגע צייט. אין דעם צושטאנד האב איך אפילו ניט באמערקט ווי די צייטען פון יאהר האבען זיך געביטען, און מיט פארוואונדערונג האב איך איצטער באמערקט, אז די בוימער ביי וועלכע די בלעטער זענען שוין פון לאנג אראפגעפאלען, זענען בא־דעקט מיט אן אסיענדיג פרעסטיל. איך האב באלד פארלאזען פאטסדאם און די קליינע בערי, און אין אנ'אנדערער שטאדט, וואו אויף מיר האבען געווארט וויכטיגע געשעפטען, ביז איך דורך זעהר פארשיעדענע פארהעלטענישען און באציהונגען זעהר שנעל ארייג־געוויקעלט געווארען אין דער רויהער ווירקליכקייט.

— ליעבער גאט! — האט מאקסימיליאן ווייטער גערעדט, און א שמערצליך שמייכעלע האט געציטערט איבער זיין אויבערשטע ליפ — ליעבער גאט! די לעבעדיגע פרויען, מיט וועלכע איך בין דעמאלט געקומען אין באריהרונג, ווי זיי האבען מיך דאס גע־קוועלט, צערטליך געקוועלט מיט זייערע קאפריזען, אייפערזוכט, און שטענדיגען ניט צורוה לאזען! אויף וויפיעל בעלער האב איך געמוזט זיך מיט זיי ארומטרייבען, אין וויפיעל פלוידערייען האב איך זיך געמוזט מישען! וואס פאר א רוהלאזע כבוד־זוכעריי, וואס פאר א פרייד ביים ליגען זאגען, וואס פאר א קושענדיגע אפנארע־ריי, וואס פאר א גיפטיגע בלומען! יענע דאמען האבען געוואוסט ווי אזוי מיר קאליע צו מאכען יעדע לוסט און ליעבע. און פאר א

צייט לאנג בין איך געוואָרען אַ פרויען־פיינד, וואָס פארשעלט דאָס גאנצע ווייבערישע געשלעכט. מיר איז דערהאַנגען כמעט ווי יע־נעם פראנצויזישען אָפיציער, וועלכער האָט אין דעם רוסישען פעלד־צוג זיך מיט מיה ארויסגעראטעוועט פון די אייז־גרובענס פון דעם טייך בערעזינא, אבער וועלכער האָט זינט דעמאָלט באקומען אזא אנטיפאַטיע געגען אלץ, וואָס איז פארפרוירען, אַז ער וועט איצ־טער אפילו די זיסעסטע סאָרטען אייז פון טאָרטאָני אוועקשטופען פון זיך מיט עקעל. יאָ, די ערינערונג אַן דער בערעזינא פון דער ליעבע, וואָס איך בין דעמאָלט דורכגעגאַנגען, האָט מיר אַ צייט לאנג קאליע געמאכט אפילו די שענסטע דאמען, פרויען ווי מלאכים, מיידלעך ווי וואַנילע סאָרבעט.

— איך בעט אייך — האָט אויסגערופען מאַריא — רעדט ניט קיין שלעכטס אויף די ווייבער. דאָס איז אַן אויסגעדראָשענע גע־וועהנהייט פון מענער. סוף כל סוף, כדי צו זיין גליקליך, מוזט איהר דאָך אָנקומען צו ווייבער.

— אָ — האָט געזיפצט מאַקסימיליאַן — דאָס איז זיכער אמת, אבער די ווייבער האָבען ליידער נאָר איין איינציגען אופן ווי אזוי אונז צו קענען גליקליך מאכען, אין דער צייט וואָס זיי ווייסען ווי אזוי אונז אומגליקליך צו מאכען אויף הרייסיג טויזענד אופנים.

— טייערער פריינד, — האָט געענטפערט מאַריא, פאר־בייסענדיג אַ שטיל שמייכעלע — איך רעד פון דער הארמאָניע פון צוויי גלייך געשטימטע זעעלען. האָט איהר קיינמאָל ניט געפיהלט אזא גליק?... אבער איך זעה, ווי אויף אייער פנים פארציהט זיך אַ ניט געוועהנליכע רויטקייט... רעדט... מאַקס?

עס איז אמת, מאַריא, איך פיהל זיך כמעט אינגעלש, ווען איך וויל פאר אייך דערצעהלען, וועגען דער גליקליכער ליעבע, וואָס האָט מיך אמאָל באגליקט! די ערינערונג איז מיר נאָך ניט פאר־לוירען געגאַנגען, און אין איהר קיהלען שאָטען באהאלט זיך נאָך אָפטמאָל מיין נשמה, ווען דער ברענענדיגער שטויב און די טאָג־היץ פון לעבען ווערט ניט צום אריבערטראָגען. איך בין אבער ניט אימ־שטאַנד אייך צו געבען קיין ריכטיגען באגריעף פון דער דאָזיגער גע־

ליעבטער. זי איז געווען פון אזא עטהערישער נאטור, אז זי האָט זיך צו מיר נאָר געקענט אנטפלעקען אין חלום. איך דענק, מאריא, אז איהר האָט ניט קיין באַנאַלען פאָראורטייל אַקעגען חלומות; אָט די ביינאכטיגע ערשייינונגען האָבען ווירקליך פונקט אַזוי פיעל רעאליטעט, ווי יענע רויהערע בילדער פון בייטאָג, וועלכע מיר קענען אָנטאַפּען מיט די הענד און אין וועלכע מיר ריכטען זיך איין ניט זעלטען. יאָ, דאָס איז געווען אין חלום, וואו איך האָב געזעהן זי, יענע ליעבע, וואָס האָט מיך צום מייסטען באַגליקט אויף דער וועלט. וועגען איהר אויסזעהן ווייס איך ווייניג צו דערצעהלען. איך בין ניט אים שטאַנד אין גאַנצען איבערצוגעבען די פאָרם פון איהרע געזיכטסצוגען. דאָס איז געווען אַ געזיכט, וואָס איך האָב פריהער קיינמאָל ניט געהאָט געזעהן, און וועלכעס איך האָב נאָכדעם שוין אויך קיינמאָל אין לעבען ניט באגעגענט. אַזוי פיעל דערמאָן איך זיך, אז עס איז ניט געווען ווייס און ראָזיג, נאָר אין גאַנצען פון איין פאַרב. דאָס איז געווען א זאַנפט אַנגערויטעלטע בלאס געלע פארב, און דורכזיכטיג ווי קריסטאל. דער חן פון אָט דעם געזיכט איז ניט באַשטאַנען אין די שטרענגע שענהייטס־מאָס און אויך ניט אין דער אינטערעסאַנטער באווענליכקייט; זיין כאראקטער איז גיכער באַשטאַנען פון א באַ'כשופ'דיגער, ענטציקענדיגער, כמעט דערשרעקענדיגער וואָהרהאַפטיקייט. דאָס איז געווען א געזיכט פול מיט באוואוסטער ליעבע און גראַציעזער גוטסקייט. דאָס איז געווען מעהר ווי א נשמה איידער א געזיכט. און דערפאַר האָב איך מיר די אויסערליכע פאָרם קיינמאָל ניט געקענט אין גאַנצען פאַרשטעלען. די אויגען זענען געווען זאַנפט ווי בלומען, די ליפּען אביסעל בלייך, אָבער חנ'עוודיג געבויגען. זי האָט געטראָגען א זיידענע פעניואַר פון א קאָרנבלויער פארב און דאָס איז אויך געווען איהר גאנצע באַקליידונג. דער האַלז און די פיס זענען געווען נאַקעט, און דורך דעם ווייכען, דינעם געוואַנד האָט טיילמאָל ווי בגנבה ארויסגעקוקט די צאַרטקייט פון די גליעדער. די ווערטער, וואָס מיר האָבען גערעדט צווישען זיך, קען איך מיר אויך ניט מעהר אקוראט דערמאָנען. אַזוי פיעל ווייס איך, אז מיר האָבען זיך פאַר'קנס'ט, אז מיר זענען געווען פרעהליך און גליקליך.

אפענהארציג און אינטים, ווי חתן כלה, יא נאך מעהר, ווי ברודער און שוועסטער. טיילמאל אבער האבען מיר גאר ניט גערעדט. מיר האבען נאר געקוקט איינס אויף ס'אנדערע אין די אויגען אריין, און אין אט דעם גליקליכען אנקוקען זיך פלעגען מיר דורכלעבען גאנצע אייביקייטען... דורך וואס איך האב זיך אויפגעכאפט פון שלאף, דאס קען איך אייך אויך ניט זאגען. אבער א לאנגע צייט נאך דעם האב איך נאך געלעבט אין דעם נאכגעפיהל פון דעם דאזיגען ליעבעסגליק. איך בין א לאנגע צייט געווען ווי שכור פון אן אונערהערטער פרייד, די שמאכטענדיגע טיעפקייט פון מיין הארץ איז געווען ווי אנגעפילט מיט זעליקייט. כמעט איבער אלע מיינע עמפינדונגען איז געווען אויסגעגאסען אן אונבאקאנטע פרייד, און איך בין געבליבען פרעהליך און הייטער, הגם איך האב מיין געליעבטע אין חלום שוין מעהר ניט געזעהן. אבער האב איך דען ניט אין איהר אנבליק געגאסען גאנצע אייביקייטען? אויך האט זי מיך געקענט צו גוט, און האט געוואוסט, אז איך האב ניט ליעב קיין ווידערהאלונגען.

— ווירקליך — האט אויסגערופען מאריא — איהר זענט א homme a bonnes fortunes... אבער זאגט מיר, איז מאד־מואזעל לאוראנס געווען א מארמארנע סטאטוע, צי א בילד? א טויטע, צי א חלום?

— אפשר דאס אלץ צוזאמען, — האט געענטפערט מאקסי־מיליאן, זעהר ערענסט.

— איך קען מיר פארשטעלען, טייערער פריינד, אז אט די געליעבטע האט געמוזט זיין פון זעהר צווייפעלהאפטען פלייש. און ווען וועט איהר מיר די געשיכטע דערצעהלען?

— מארגען. זי איז זעהר לאנג, און איך בין היינט מיעד. איך קום פון דער אפער און האב צופיעל מוזיק אין די אויערען.

— איהר געהט די צייטען אפט אין דער אפער, און איך גלויב, מאקס, אז איהר געהט אהין דארט מעהר צו זעהן ווי צו הערען.

— איהר האט ניט קיין טעות, מאריא, איך געה ווירקליך אין דער אפער, כדי דארט צו באטראכטען די געזיכטער פון שענע אי־טאליענערינס. אודאי, זיי זענען שוין גענוג שען אפילו ווען זיי זע־

נען ניט אין טעאטער. און א פיזיאָנאָמיסט וואָלט אַז דער אידעאַליטעט פון זייערע געזיכטסצוגען געקענט זעהר לייכט נאָכווייזען דעם איינפלוס וואָס די פּלאסטישע קונסט האָט געהאט אויף די קערפּערליכע פאָרמען פון דעם איטאַליענישען פאָלק. די נאַטור האָט דאָ פון די קינסטלער צוריק אָפּגענומען דאָס קאַפּיטאַל, וואָס זי האָט זיי אמאָל אויסגעליהען, און זעה! זי האָט עס צוריק געקראָגען מיט אזא וואונדערבארען פּראָצענט. די נאַטור, וועלכע האָט אמאָל צוגעשטעלט איהרע מאָדעלען צו די קינסטלער, זי קאָפּירט היינט פון איהר זייט די מייסטערווערק, וועלכע זענען דורך די מאָדעלען ענטשטאַנען. דער חוש פאר דאָס שענע האָט דורכגעדרונגען דאָס גאנצע פאָלק, און פונקט ווי אמאָל האָט דער חומר געווירקט אויף דעם גייסט, אזוי ווירקט איצט דער גייסט אויף דעם חומר. און ניט פרוכטלאָז זענען יענע שענע מאָדאָנען, די ליעבליכע בילדער ביי די אלטאָרען, וואָס פרעסען זיך איין אין דעם געמיט פון דעם חתן, אין דער צייט וואָס די כלה האָט אין זינען א שענעם הייליגען. דורך אַזא וואהלפארוואנדשאפט איז דאָ ארויסגעקומען א מענשענגעשלעכט, וואָס איז נאָך שענער, ווי דער ליעבער באָדען, אויף וועלכען ער בליהט און ווי דער גאָלדענער הימעל וואָס באשטראהלט איהם ווי א גאָלדענער ראהם. די מענער אינטערעסירען מיך ניט פיעל, סאַידען ווען זיי זענען געמאָלט, אָדער אויסגעהאקט פון שטיין. און פאר אייך, מאריא, לאָז איך איבער יעדע מעגליכע באגייסטערונג פאר יענע שענע, בויגיגע איטאָליענער, וועלכע האָבען אזעלכענע ווילדשווארצע באַקען־בערד, און אזעלכענע קיהלע עדעלע נעזער, און אזעלכענע זאַנפט קלוגע אויגען. מען זאָגט, אז די לאָמבארדען זענען די שענסטע מענער. איך האָב קיינמאָל וועגען דעם ניט געמאכט קיין אונטערזוכונגען, אָבער וועגען די לאָמבארדינערינס האָב איך ערענסט נאָכגעטראכט. און זיי זענען, דאָס האָב איך זעהר גוט באמערקט, ווירקליך אזוי, ווי מען זאָגט וועגען זיי. אָבער אפילו אין מיטעלאלטער האָבען זיי שוין אויך געמוזט זיין אזוי שען. דערצעהלט מען דאָך פון פראנץ דעם ערשטען, אז דער שם פון דער שענקייט וואָס האָט זיך פארשפּרייט וועגען די מאילענדערינס, איז דאָס געווען די אורזאַך, וואָס האָט איהם געטריבען

צו געהן מלחמה האלטען מיט איטאליען: דער ריטערליכער קעניג איז זיכער געוועזען בייגעריג צו זעהן, אויב זיינע גייסטליכע שוועס־טער־קינדער, דאס הויזגעזינד פון זיין טויפפאטער זענען טאקי אזוי שען, ווי מען רעדט וועגען זיי... ארימער קעניג! ביי די טוי־ערען פון פאוויא האט ער פאר זיין בייגעריקייט געמוזט טייער באצאהלען.

אבער ווי שען זענען זיי ערשט, אט די איטאליענערינס, ווען די מוזיק באלויכט זייערע געזיכטער. איך זאג: באלויכט, ווארים די ווירקונג פון דער מוזיק, וועלכע איך האב אין דער אפער בא־מערקט אויף די געזיכטער פון די שענע פרויען, איז אין גאנצען גלייך צו יענע ליכט־ און שאטען־עפעקטען, וואס מאכען אונז שטוי־נען, ווען מיר באטראכטען סטאטוען ביי נאכט און ביים שיין פון פאקלען. די סטאטוען אנטפלעקען דעמאלט פאר אונז מיט א דער־שרעקענדער וואהרהייט דעם גייסט וואס וואוינט אין זייערע שווי־דערליכע שטומע געהיימנישען. אויף דעם זעלביגען אופן אנטפלעקט זיך אויך פאר אונז דאס גאנצע לעבע פון די שענע איטאליענע־רינס, ווען מיר זעהען זיי אין דער אפער: די פארשיעדענע מעלא־דיען וועקען דאן אויף אין זייערע נשמות א גאנצע רייהה פון גע־פיהלען, עראינערונגען, וואונשען און ערגערנישען, וואס מען קען אויגענבליקליך דערקענען אין די באוועגונגען פון זייערע געזיכטס־צוגען, אין זייער רויט ווערען, אין זייער בלייך ווערען און נאך מעהר אין זייערע אויגען. ווער עס פארשטעהט ווי אזוי צו לעזען, דער קען אויף זייערע שענע געזיכטער לייענען די אינטערעסאנטעס־טע זאכען. געשיכטען, וואס זענען אזוי מערקווירדיג ווי באקא־טשיא'ס נאוועלען; געפיהלען, וואס זענען אזוי צארט ווי פעטראר־קא'ס סאנעטען; שטימונגען, וואס זענען אזוי אווענטוריסטיש ווי אריאסטא'ס אקטאווען; און ערהאבענע שלעכטסקייט, וואס איז אזוי פאעטיש ווי דער גיהנום פון דעם גרויסען דאנטע. עס איז זיכער ווערט די מיה דארט ארויפצוקוקען צו די לאזשען. ווען די מאנסלייט זאלען נאר ניט אין מיטען דעריבען ארויסווייזען זייער בא־גייסטערונג מיט אזוי פיעל ליארעם! אט דאס צו גרויסע גערויש אין א איטאליענישען טעאטער ווערט מיר טיילמאל שווער. אבער

די מוזיק איז די נשמה פון די דאָזיגע מענשען, זייער לעבען, זייער נאַציאָנאַלע זאַך. אין אנדערע לענדער זענען געווים אויך פאַראַן מוזיקער, וואָס קענען זיך פארגלייכען מיט די גרעסטע איטאַליענישע רענאָמען. אבער דאָרטען איז ניטאָ קיין מוזיקאַליש פאָלק. די מוזיק ווערט דאָ אין איטאַליען רעפּרעזענטירט ניט דורך יחידים, נאָר זי אנטפּלעקט זיך אין גאַנצען פאָלק. די מוזיק איז געוואָרען דאָס פאָלק. ביי אונז אין צפון איז עס גאַנץ אַנדערש. דאָרט איז די מוזיק גאָר געוואָרען מענש, און הייסט מאָצאַרט אָדער מאַיערבעער. און א חוץ דעם, ווען מען אונטערזוכט גענוי דאָס בעסטע, וואָס אַזעלכענע נאָרדישע מוזיקער גיבען אונז, אַזוי געפינט מען דערין איטאַליענישען זונשיין און מאַראַנצען־דופט, און זיי באַלאַנגען א סך גיכער צו דעם שענעם איטאַליען, די היים פון דער מוזיק, איידער צו אונזער דייטשלאַנד. יאָ, נאָכמעהר, איטאַליען וועט שטענדיג זיין די היים פון דער מוזיק, ווען אפילו איהרע גרויסע מייסטערס וועלען שטאַרבען אָדער פאַרשטומט ווערען, ווען אפילו בעליני שטאַרבט און ראָסיני שווייגט.

— ווירקליך — האָט באַמערקט מאַריאַ — ראָסיני לאָזט פון זיך גאָר ניט הערען, און ווען איך האָב קיין טעות ניט, שווייגט ער שוין זייט צעהן יאָהר.

— דאָס איז אפשר א וויץ פון איהם — האָט געענטפערט מאַקסימיליאַן — ער האָט געוואָלט ווייזען, אז דער נאָמען וואָס מען טיילט איהם צו דער „שוואַן פעזאַראָ“ פּאַסט זיך גאָר ניט פאַר איהם. וואָרים די שוואַנען זינגען ביים ענד פון זייער לעבען, ראָסיני אבער האָט אין מיטען פון זיין לעבען אויפגעהערט צו זינגען. און איך גלויב, אַז ער האָט גוט געטאָן, און טאַקי דורך דעם האָט ער געוויזען, אז ער איז א זשעניע. א קינסטלער, וואָס האָט נאָר טאַלענט שטרעבט ביז צו זיינע לעצטע טעג, דאָס דאָזיגע טאַלענט צו ענטוויקלען. דער עהרגייץ שטעכט איהם, ער פיהלט, אז ער האַלט זיך שטענדיג אין איין פאַרפּאָלקאָמענען, און דאָס דרענגט איהם, צו וועלען דערגרייכען דאָס העכסטע. דער גניוס אבער האָט דאָס העכסטע שוין ארויסגעוויזען. ער איז צופרידען, ער פאַראַכט די וועלט און דעם קליינעם עהרגייץ. און ער געהט אהיים

קיין סטראַדפאָרד כיים אייוואָן, ווי דאָס האָט געטאָן וויליאַם שעקספּיער, אָדער שפּאַציערט אַרום לאַכענדיג און זיך ווייצלענדיג אויף דעם איטאַליענישען בולוואַר אין פּאַריז, ווי דזשיאַקאָמאָ ראָסיני. האָט דער געניוס ניט קיין גאַנץ שוואַכען קערפּער, לעבט ער נאָך אויף אַזאַ אופן אַ היבשע ווײַלע נאָכדעם ווי ער האָט שוין צוגעשטעלט זיינע מייסטערווערק, אָדער ווי מען פּלעגט זיך אויסדריקען, נאָכדעם ווי ער האָט שוין ערפילט זיין מיסיאָן. עס איז אַ פּאַראורטייל ווען מען מיינט, אַז אַזאַ זשעניע מוז שטאַרבען יונג. מיר דאַכט, אַז די צייט פון דעם דרייסיגסטען ביז צום דעם פיער און דרייסיגסטען יאָהר רעכענט זיך די געפעהרליכסטע צייט פאַר דעם זשעניע. ווי אָפט פלעג איך זיך רייצען מיט דעם אָרימען בעליני, און פלעג איהם אין שפּאַס נביאות זאָגען, אַז ער וועט אַלס זשעניע, באַלד מוזען שטאַרבען. וואָרים ער דערגרייכט שוין זיין געפעהרליכען עלטער. און מאָדנע! טראָץ דעם שפּאַסהאַפטען טאָן, פלעגט ער זיך דאָך שרעקען פאַר מיין נבואה. ער פלעגט מיך רופען זיין דזשעטאַטאָרע און פלעגט אַלע מאָל מאַכען דעם דזשעטאַטאָ צייכען... ער האָט אַזוי געוואָלט בלייבען לעבען. ער האָט געהאַט כמעט אַ ליידענשאַפטליכע אַפּנייגונג געגען טויט. ער האָט גאָר ניט געוואָלט הערען וועגען שטאַרבען. ער פלעגט דערפאַר מורא האָבען ווי אַ קינד האָט מורא צו שלאָפען אין דער פינסטער... ער איז געווען אַ גוט, ליעב קינד. טיילמאָל אביסעל אַ צולאָזענער. מען האָט איהם אָבער נאָר געדאַרפט אַ סטראַשע טאָן מיט'ן טויט, און ער פלעגט דאַן גלייך ווערען שטיל און בעטענדיג און פלעגט מיט צוויי אויפגעהויבענע פינגער מאַכען דעם דזשעטאַטאָ־צייכען... אָרימער בעליני!

— האָט איהר איהם, הייסט עס געקענט פערזענליך? איז ער געווען אַ שענער?

— ער איז געווען ניט מיאוס. איהר זעהט? אויך מיר מענער קענען ניט זאָגען יאָ, ווען מען שטעלט אונז אַזאַ פראַגע, וועגען עמיצען פון אונזער געשלעכט. ער איז געווען אַ הויכער, שלאַנקער מאַן און ער פלעגט זיך באַוועגען ציערליך. איך וואָלט אפילו געקענט זאָגען קאָקעטיש; אַלע מאָל a quatre epingles אַ רעגעלמעסיג

פּנים, לענגליך בלאַס־ראָזיג: העל בלאָנדע, כמעט גאָלדענע האָר, פריזירט אין דינע לעקעלעך; אַ הויכער, זעהר הויכער עדעלער שטערן; אַ גלייכע נאָז, בלייכע בלויע אויגען; אַ שען געמאָסטען מויל און אַ רונדען קין. זיינע געזיכטסצוגען האָבען געהאַט אין זיך עפּיס ניט באַשטימטעס, כאַראַקטערלאָזעס, עפּיס אַזוינס ווי מילך. און אין דעם דאָזיגען מילכיגען פּנים פלעגט טיילמאָל זיס זויער־ליך זיך שפּיעלען אַן אויסדרוק פון שמערץ. אָט דער אויסדרוק פון שמערץ האָט אויסגעפילט אין בעליני׳ס פּנים דעם גייסט וואָס איהם האָט געפעהלט. דאָס איז אבער געווען אַ שמערץ אָהן טיעפ־קייט: ער פלעגט גלימערן אָהן פּאָעזיע אין די אויגען; ער פלעגט ציטערן אָהן ליידענשאַפטען אויף די ליפּען פון דעם מאַן. דער דאָ־זיגער פלאַכער, מאַטער שמערץ, האָט אויסגעזעהן ווי ער וואָלט וועלען ווייזען דעם יונגען מאַעסטראָ אין זיין גאַנצער געשטאַלט. זיינע האָר זענען געווען פריזירט אַזוי שווערמעריש אומעטיג; זיי־נע קליידער זענען געלעגען אַזוי שמאַכטענדיג אויף זיין לייב. און זיין שפּאַניש שטעקעלע פלעגט ער טראָגען אַזוי אידיליש, אַז ער פלעגט מיך שטענדיג דערמאָנען אַן דעם יונגען פּאַסטוך, וואָס מיר זעהען אין אונזערע פּאַסטאָראַלען, מיט די באַבענדערטע שטעקענס און העלפאַרביגע יאַקעלעך און הייזעלעך. און זיין גאַנג איז גע־ווען אַזוי מיידעלש, אַזוי עלעגיש, אַזוי עטהעריש; דער גאַנצער מענש האָט אויסגעזעהן ווי אַ זיפץ **en escarpins** ער פלעגט געפעלען ווערען די פרויען. אבער איך צווייפעל, צי ער האָט ווען דערוועקט וועלכע ניט איז שטאַרקע ליידענשאַפט. פאַר מיר אליין האָט זיין ערשיינונג אלעמאָל געהאַט עפּיס קאָמיש־אונערטרעג־ליכעס, די סבה פון וועלכער איז זיכער געלעגען אין זיין פראַנצוי־זיש רעדען. וואָרים הגם בעליני האָט שוין דעמאָלט געהאַט גע־לעבט אין פראַנקרייך עטליכע יאָהר, האָט ער פון דעסטוועגען גע־רעדט אַזאַ שלעכטען פראַנצויזיש ווי עס ווערט נאָר אפשר גערעדט אין ענגלאַנד. איך דאַרף דאָס דאָזיגע פראַנצויזיש רעדען ניט באַ־צייכענען מיט דעם ביי־וואָרט „שלעכט“. שלעכט איז דאָ צו גוט. מען מוז זאָגען שרעקליך, בלוטשענדעריש, וועלט אונטערגאַנגסמע־סיג, יאָ נאָך מעהר. ווען מען איז געווען מיט איהם אין געזעל־

שאפט, און ער פלעגט ווי א תליון אוועק׳הרג׳ענען די פראנצויזישע ווערטער, און אהן אן אויפהער ארויסקנאקען זיין קאלאסאלען **coq-a l'ane** האט זיך טיילמאל געדאכט, אז די וועלט וועט מוזען אונטערגעהן מיט א דונערקראך... א טויטשטילקייט פלעגט דאן הערשען אין גאנצען זאל; א טויטשרעק האט זיך אפגעמאלט אויף אלע פנימ׳ער מיט א פארב פון קרייד אדער צינאבער: די פרויען האבען ניט געוואוסט צי זאלען זיי פאלען אין חלשות, אדער זאלען זיי אנטלויפען; די מענער האבען צוטראגענע געקוקט אויף זייערע הויזען, כדי זיך איבערצוצייגען, צי זיי טראגען ווירקליך עפים אזוינס ווי הויזען; און דאס שרעקליכסטע פלעגט זיין, אז דער דאזיגער שרעק פלעגט אין דער זעלביגער צייט אויף דערוועקען א קאנוואולסיווען חשק צום לאכען, וועלכען מען האט קוים געקענט איינהאלטען. דערפאר ווען מען איז געווען מיט בעליני אין געזעל־שאפט, האט זיין אנוועזענהייט געמוזט ארויסרופען א געוויסע מורא, וועלכע איז דורך א גרויענהאפטען רייץ געווען אי אפשטוי־סענד און אי צוציהענדיג. טיילמאל זענען זיינע אונווילקירליכע קאלעמבורען געווען בלויז אזעלכע, וואס האבען ארויסגערופען הנאה. און אין זייער קאמישער אפגעשמאקטקייט פלעגען זיי דערמאנען אן דעם שלאס פון זיין לאנדסמאן, דעם פרינץ פון פא־לאגאנע, וועלכען געטהע האט פארעשטעלט אין זיין איטאליעני־שער רייזע, אלס א מוזעאום פון אויסטערלישע זעלטענהייטען און ניט געגראמטע צוזאמענגעקליבענע מיאוס׳ע באשעפענישען. און אזוי ווי בעליני פלעגט ביי אזעלכענע געלעגענהייטען גלויבען, אז ער האט געזאגט עפים גאנץ אונשעדליכעס און ערענסטעס, פלעגט דערפאר ענטשטעהען דער ווילדסטער היפוך צווישען זיינע רייד און זיין פנים. דאס וואס האט מיר ניט געקענט געפעלען אין זיין פנים, פלעגט דעמאלט ארויסטרעטען נאך בולט׳ר. דאס וואס מיר איז ניט געפעלען, איז אבער ניט געווען פון יענעם ארט, אז עס האט גע־קענט באצייכענט ווערען פאר א חסרון. וועניגסטענס האט ער גע־קענט געפעלען ווערען די פרויען. בעליני׳ס געזיכט פונקט אזוי ווי זיין גאנצע פיגור, האט פארמאגט יענע פיזישע פרישקייט, יענע בליהונג פון לייב, יענע רויזענפארב, וואס

מאַכט אויף מיר אַן אומאַנגענעהמען איינדרוק. אויף מיר, וואָס איך האָב גיכער ליעב, דאָס טויטע, דאָס מאַרמאָרענע. ערשט שפּעטערצו, ווען איך האָב דערפיהלט צו איהם אַ געוויסע נייגונג און אַז די נייגונג איז ענטשטאַנען דורך דעם, ווייל איך האָב באַמערקט, אַז זיין כאַראַקטער איז געווען דורכאויס עדעל און גוט. זיין נשמה איז זיכער געבליבען ריין און ניט באַפלעקט פון אַלע מיאוסע באַריהרונגען. עס האָט איהם אויך ניט געפעהלט די אומשעדליכע גוטמוטיקייט, דאָס קינדערשע, וואָס מיר זעהען אַלע מאָל ביי זשעניאַלע מענשען, הגם זיי ווייזען דאָס ניט אַרויס פאַר יעדערן.

— יאָ, איך דערמאַן זיך — האָט מאַקסימיליאַן ווייטער גערעדט נאָכדעם ווי ער האָט זיך געזעצט אין זיין שטוהל, אויף וועמענעם אָנלעהן ער איז ביז איצטער געשטאַנען אָנגעשפּאַרטער — איך דערמאַן זיך אָן איין אויגענבליק, אין וועלכען בעליני איז פאַר מיר ערשיענען, אין אַזאַ ליעבענסווירדיגען ליכט, אַז איך האָב איהם באַטראַכט מיט פאַרגעניגען און האָב מיר פאָרגענומען זיך בעסער צו באַקענען מיט איהם. דאָס איז אָבער ליידער געווען דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך האָב איהם געזעהן ביים לעבען. דאָס איז געווען אין אַן אָבענד, ווען מיר האָבען צוזאַמען געגעסען אינ'ם הויז פון אַ דאַמע, וואָס האָט געהאַט דעם קלענסטען פוס אין פּאַריז, און מיר זענען געוואָרען זעהר פרעהליך, און ביים פּאָרטאָ פּיאַנאָ האָבען זיך צוקלונגען די זיסטע מעלאָדיען... איך זעה איהם נאָך אַלץ, דעם גוטען בעליני, ווי ער האָט נאָך אַ סך ווילדע בעליניזמען וואָס ער האָט געפּלוידערט, זיך אַריינגעוואָרפען אין אַ שטוהל... אָט דער שטוהל איז געווען זעהר אַ נידעריגער, אַזוי אַז בעליני איז דורך דעם גלייכצייטיג אויסגעקומען צו זיצען צו פוסענס פון אַ שענע דאַמע, וואָס איז געלעגען אויסגעצויגען אויף אַ זאָפאַ איהם אַקעגען איבער, און האָט געקוקט אויף בעליני און געהאַט הנאה פון זיין אַהנמעכטיקייט, אין דער צייט וואָס ער האָט זיך געמאַטערט זי צו אונטערהאַלטען מיט עטליכע פראַנצויזישע פראַזען. און ער האָט אַלעמאָל געמוזט איבערזעצען דאָס וואָס ער האָט געזאָגט אין זיין סיציליאַנישען זשאַרגאָן, כדי צו באַווייזען, אַז דאָס איז ניט געווען קיין נאַרישקייט, נאָר פאַרקעהרט, די

פיינסטע קאמפלימענטען. מיר דאכט, אז די שענע דאמע האט ניט געשענקט קיין פיעל אויפמערקזאמקייט צו בעליני׳ם פראזען: זי האט צוגענומען פון זיינע הענד דאס שפאנישע שטעקעלע, מיט וועלכען ער האט וויילענווייז געוואלט קומען צו הילף זיין שוואכער רהעטאריק, און האט דערמיט רוהיג צושויבערט די ציערליך געקעממטע לאקען פון דעם יונגען מאעסטרא׳סביידע שלייפען. דאס דאזיגע רייצען זיך האט דאס ארויסגערופען יענעם שמייכעלע, וועלכער האט צוגעגעבען צו זיין געזיכט יענעם אויסדרוק, וואס איך האב נאך קיינמאל ניט געזעהן אויף קיין מענשליכען פנים. איך קען דאס קיינמאל ניט פארגעסען! דאס איז געווען איינס פון יענע געזיכטער, וואס עס דאכט זיך, אז זיי געהערען גיכער צו דעם פאעטישען לאנד פון חלומות, איידער צו דער רויהער ווירקליכקייט פון לעבען. קאנטורען, וואס דערמאנען אן דא־ווינטשי, יענער עדעלער לענגליך־קיילעכדיגער פנים, מיט די נאאיווע חן־גריבעלעך אין די באקען און מיט דעם סענטימענטאל שפיציג פארענדיגטען קין פון דער לאמבארדישער שולע. די פארב איז געווען א מעהר רוימישוייכער פון א מאטען פעריל־גלאנץ, אן אריסטאקראטישע בלאסקייט, מארדבידעצא. קורץ, דאס איז געווען א געזיכט, וואס מען געפינט עס נאר אויף וועלכען ניט איז אלט איטאליענישען פארטרעט, וועלכעס שטעלט פאר איינע פון יענע גרויסע דאמען, אין וועלכע עס זענען געווען פארליעבט די קינסטלער פון זעכצעהנטען יאהרהונדערט; ווען זיי האבען געשאפען זייערע מייסטערווערק; פון יענע גרויסע דאמען פון וועלכע עס פלעגען טראכטען די דיכטער פון יענער צייט, ווען זיי האבען זיך דערזונגגען צו אונשטערבליכקייט, און צו וועלכע עס האבען דאס געהאט אזא באגעהר די דייטשע און פראנצויזישע קריעגסהעלדען, ווען זיי האבען אנגעגורט די שווערד און זיך א לאז געטאן איבער די אלפען... יא, יא, אזא געזיכט איז דאס געווען, אויף וועלכען עס האט געשפיעלט דאס שמייכעלע פון דער זיסטער פרייד אויף יענעמס שאדען, און דער אריסטאקראטישסטער רשעות, אין דער צייט, וואס זי, די שענע דאמע האט מיט דעם שפיץ פון שטעקעלע צושויבערט די בלאנדע לאקען פון דעם גוטען בעליני. אין דעם אויגענבליק איז פאר מיר בעליני גע־

ווען ווי איינער, וואָס באַריהרט מיט דעם צוויבערשטעקעלע, איז ער פּאַרוואַנדעלט געוואָרען אין דעם פריינדליכסטען באַשעפעניש, און ער איז מיט איינמאָל מיר געוואָרען איינגעבאַקען אין האַרצען. זיין געזיכט האָט אויפגעשיינט אין דעם ווידערשיין פון יענעם שמייכעלע. דאָס איז אפשר געווען דער בליהענדיגסטער מאָמענט פון זיין לעבען... איך וועל איהם קיינמאָל ניט פאַרגעסען... פערצעהן טעג נאָכדעם האָב איך געלייענט אין די צייטונגען, אַז איטאַליען האָט פאַרלוירען איינעם פון איהרע באַריהמטסטע זיהן!

מאָדנע! אין דערזעלביגער צייט האָט מען אויך מודיע געווען וועגען פּאַגאַניני'ס טויט. אַז פּאַגאַניני איז טויט האָב איך ניט געצווייפעלט קיין איין אויגענבליק, ווארים דער אַלטער, געלער פּאַגאַניני האָט אַלעמאָל אויסגעזעהן ווי אַ שטאַרבענדיגער, דאָך דער טויט פון דעם יונגען בעליני איז מיר פאַרגעקומען אונגלויבליך. און דאָך איז די ידיעה וועגען פּאַגאַניני'ס טויט געווען בלויז אַ צייטונגס-טעות. פּאַגאַניני געפינט זיך איצטער פריש און געזונד אין גענוא, און בעליני ליגט אין קבר אין פּאַריז.

— איהר האָט ליעב פּאַגאַניני? — האָט געפרעגט מאַריא.

— אָט דער מענש — האָט געענטפערט מאַקסימיליאַן — איז אַ ציערונג פאַר זיין פאָטערלאַנד, און פאַרדיענט געווים דערמאָנט צו ווערען מיט גרוים כבוד, ווען מען וויל רעדען פון די איטאַליענישע מוזיקאַלישע באַריהמטקייטען.

— איך האָב איהם קיינמאָל ניט געזעהן — האָט באַמערקט מאַריא — אַבער ווערליג מען זאָגט, דאַרף זיין אויסערליך אויסזעהן ניט פּאָלקאָם באַפרידיגען דעם חוש פאַר שענהייט. איך האָב געזעהן פאָרטרעטען פון איהם...

— וואָס זיי זענען קיינם ניט ענליך — איז איהר מאַקסימיליאַן אריינגעפאַלען אין די רייד; — זיי מאַכען איהם מיאוס'ער אָדער שענער, קיינמאָל גיבען זיי ניט איבער זיין ווירקליכען כאַראַקטער. איך גלויב אַז נאָר איין איינציגען מענשען איז געלונגען אַרויסצוברענגען פּאַגאַנינים אמת'ע פיזיאָנאָמיע אויפ'ן פּאַפּיער: דאָס איז אַ טויבער מאַהלער מיט'ן נאָמען ליזער, וועלכער האָט אין זיין גייסטרייכען שגעון מיט עטליכע קרייד-שטריכען געטראָ-

פען אזוי גוט פּאַגאַניני׳ס קאָפּ, און די צייכענונג איז אזא אמת׳ע, אז גלייכצייטיג אי מען לאכט און אי מען דערשרעקט זיך. „דער טייוועל האָט מיר געפיהרט די האנד,“ האָט מיר אמאָל געזאָגט דער טויבער מאהלער, געהיימניספול לאכענדיג מיט א שטילען געלעכטער, און האָט גוטמוטיג איראָניש צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, ווי ער פלעגט דאָס טאָן ביי זיינע געניאלע נארישקייטען. אָט דער מאהלער איז אלעמאָל געווען א מאָדנער לץ: טראָץ זיין טויבקייט האָט ער ענטוזיאסטיש ליעב געהאט די מוזיק, און ער האָט פאַרשטאַנען — ווען ער איז נאָר געשטאַנען נאָהענט לעבען דעם אָרקעסטער — ווי אַזוי אָראָפּצולייענען די מוזיק פון די מוזיקערס פּנים׳ער און אָן די באוועגונגען פון זייערע פינגער איז ער געווען בכח צו אורטיילען מעהר אָדער ווייניגער וועלכע עקזעקוציאָן עס איז געלונגען; ער פלעגט אויך שרייבען די אָפּערן רעצענזיעס, אין א אָנגעזעהענעם האמבורגער זשורנאל. וואָס איז זיך דאָ אייגענטליך צו וואונדערן? אין דער זיכטבאַרער סיגנאַטור פון דעם שפּיעלען האָט דער מאהלער די טענער געקענט זעהן. זענען דאָך פאַראַן מענשען פאר וועמען די טענער אליין זענען אויך נאָר אונזיכטבארע סיגנאַטורען, אין וועלכע זיי הערען פארבען און געשטאַלטען.

— אזא מענש זענט איהר! — האָט אויסגערופען מאַריא!

— מיך פאַרדריסט, וואָס איך האָב שוין מעהר ניט די קליינע צייכענונג פון ליזער׳ן. זי וואָלט אייך אפשר געגעבען א באַגריף וועגען פּאַגאַניני׳ס אויסערליכען אויסזעהן. נאָר אין שרייענדיג שווארצע, רויהע שטריכען האָבען געקענט אויפגעפאסט ווערען יענע פאבעלהאפטע געזיכטסצוגען, וואָס זעהען אויס ווי זיי וואָלטען גיכער געהערט צו דעם לאנד פון שאָטענס, איידער צו דער זוניגער לעבעדיגער וועלט. „ווירקליך, דער טייוועל האָט געפיהרט מיין האנד“, האָט זיך געשוואוירען פאר מיר דער טויבער מאהלער, ווען מיר זענען אין האמבורג געשטאַנען פאר דעם אלטען פּאַוויליאָן, אין דעם טאָג, ווען פּאַגאַניני האָט דאָרטען געגעבען זיין ערשטען קאָנצערט. „יאָ, מיין פריינד“ האָט ער ווייטער גערעדט „עס איז אמת, וואָס די גאנצע וועלט באהויפּטעט, אז ער האָט זיך פאַרקויפט צום טייוועל, מיט דעם גוף און מיט דער נשמה, כדי צו

ווערען דער בעסטער פידעל־שפּיעלער, כדי ארויסצופידלען מיליאָ־
נען, און א חוץ דעם כדי פּטור צו ווערען פון דער פארדאמטער
תפיסה, וואו ער האָט פארבראכט אין צרות אזוי פיעל יאהרען.
ווארים איהר זעהט, פריינד, ווען ער איז געוועזען קאפּעלמייסטער
אין לוקא, האָט ער זיך פארליעבט אין א טהעאטער פּרינצעסין,
און איז געוואָרען אייפערזיכטיג אויף עפּיס א קליינעם אבאטע,
איז אפשר געוועזען cocu האָט ער אויף א גוטען איטאַליעניש
דערשטאָכען זיין אמאטען און איז אריינגעפאלען אין דער תפיסה
פון גענוא. און ווי געזאָגט, האָט ער זיך פארקויפט צום טייוועל,
כדי פון דאָרט ארויסצוקומען, כדי צו ווערען דער בעסטער פידעל־
שפּיעלער און כדי אויף יעדען פון אונז ארויפצולייגען היינט
אבענד א מס פון צוויי טאלער... אבער איהר זעהט, אלע גוטע גיים־
טער לויבען גאָט! זעהט איהר, דאָרט אין דער אלעע געהט ער
טאקי אליין מיט זיין צווייזייטיגען פאמולוס!"

אין דער אמת'ן איז טאקי אקעגען אונז געגאַנגען פּאגאניני
אליין. ער האָט געטראָגען א טונקעל גרויען מאנטעל, וואָס האָט
איהם דערגרייכט ביז צו די פיס, און ער האָט דערפאר אויסגעזעהן
זעהר א הויכער. די לאַנגע שווארצע האָר זענען איהם ארונטערגע־
פאלען אויף די אקסלען אין צושויבערטע לאָקען, און האָבען ארומ־
גענומען ווי א שווארצע ראַהם זיין פּנים, וואָס איז געוועזען בלאַס
ווי א מת, און אויף וועלכען יסורים, זשעניע און דער גיהנום האָ־
בען איינגעגראָבען זייערע סמנים וואָס קענען קיינמאָל ניט צו־
שטערט ווערען. לעבען איהם האָט אונטערגעטאַנצט א קליין צו־
פריעדען מענשעל, פראנטיש פראַזאיש. — א ראַזאָווע גערונצעלט
פּנים, א העלגרויע מענטעלע מיט שטאָהלענע קנעפּ, און ער האָט
אונגעדולדיג פריינדליך געגריסט אויף אלע זייטען, צייטענווייז
אָבער האָט ער פון דער זייט געוואָרפען א בליק פול מיט באזאָרג־
ליכען יראת הכבוד צו דער פינסטערער געשטאַלט, וואָס איז אן
ערענסטער און פארטראכטער געגאַנגען לעבען איהם. עס האָט זיך
געדאכט, אז דאָס זעהט מען דאָס בילד פון נעטש, אויף וועלכען
עס געהען שפּאַציערען פאוסט און וואגנער פאר די טויערען פון
לייפּציג. דער טויבער מאהלער האָט פאר מיר קאָמענטירט די ביי־

דע געשטאַלטען אויף זיין משוגענעם אופן, און האָט מיך באַזונ־
דערס אויפמערקזאַם געמאַכט אויף פּאַגאַניני׳ס געמאַסטענעם,
ברייטען גאַנג. „איז דאָס ניט" — האָט ער געזאָגט — „ווי ער
וואָלט נאָך אַלץ געטראָגען די אייזערנע שטאַנג צווישען די פיס?
ער האָט זיך שוין אויף אַלעמאָל צוגעוועהנט צו אָט דעם גאַנג. זעהט
איהר אויך ווי פאַרעכטליך איראָניש ער קוקט ווייַלענווייז אַרונ־
טער אויף זיין באַלייטער, ווען דער ווערט איהם שווער מיט זיינע
פּראָזאַאישע פראַגען? ער קען זיך אָבער אָהן איהם ניט באַגעהן.
א בלוטיגער קאָנטראַקט בינדט איהם צו צו זיין דיענער, וועלכער
איז ניט קיין אַנדערער ווי דער שטן אַליין. דאָס אונוויסענדע פאָלק
מיינט דאָך אודאי, אַז דער דאָזיגער באַלייטער איז דער קאָמעדיען־
און אַנעקדאָטען־שרייבער האַריס פון האַנאָווער, וועמען פּאַגאַניני
האָט מיטגענומען ער זאָל איהם פּאַרוואַלטען די געלד־געשעפטען
ביי זיינע קאָנצערטען. דאָס פאָלק ווייס אָבער ניט, אַז דער טייוועל
האָט ביי דעם הער גערג האַריס בלויז אַנטליהען זיין געשטאַלט,
און אַז די נשמה פון דעם דאָזיגען אָרימען מענשען ליגט זיך דער־
ווייל מיט אַנדערע שמאַטעס אין אַ קאַסטען אין האַנאָווער, ביז
דער טייוועל וועט איהר ווידער צוריק געבען איהר גוף. און ער
וועט ווידער באַלייטען אויף דער וועלט זיין מייסטער פּאַגאַניני אין
זיין ווירדיגער געשטאַלט. נעמליך אין דער געשטאַלט פון אַ שוואַר־
צען פודעל."

און איז שוין פּאַגאַניני געווען פאַר מיר אַ גענוג פּאַבעלהאַפטע
און מאָדנע ערשיינונג, ווען איך האָב איהם געזעהן אין מיטען העל־
לען טאָג אַרומשפּאַציערען אונטער די גרינע בוימער פון דעם האַמ־
בורגער יונגפערנשטעג, אויף וויפיעל נאָך מעהר האָט מיך געמוזט
איבעראַשען זיין שויערליך צאָרניגע ערשיינונג אין אָבענד ביים
קאָנצערט. דער קאָנצערט איז פאָרגעקומען אין דעם האַמבורגער קאָ־
מעדיענהויז. און דאָס קונסטליעבענדע פּובליקום איז געקומען אַ סך
פריהער און אין אַזאַ גרויסע צאָהל, אַז איך האָב פאַר זיך קוים
אויסגעקעמפּט אַן אָרט אין אָרקעסטער. און הגם עס איז געווען
אין פּאָסטטאָג, האָב איך דאָך געזעהן אין דער ערשטער רייהע
לאָזשען די גאַנצע געבילדעטע האַנדעלסוועלט, אַ גאַנצען אָלימפּ

פון באנקירען און אנדערע מיליאָנערען. די געטער פון קאווע און צוקער, צוזאמען מיט זייערע כשר'ע געטינען, יונאָנען פון דעם „וואנדראָהם" און אפראָדיטען פון דעם „דרעקוואָל". אין זאָל האָט אויך געהערשט א רעליגיעזע שטילקייט. יעדעס אויג איז געווען געווענדט צו דער ביהנע; יעדעס אויער איז געווען אָנגעשטעלט צום הערען. מיין שכן אן אלטער מעקלער פון פעלצווארג, האָט ארויסגענומען זיין שמוציגע וואטע פון די אויערען, כדי בעסער צו קענען איינזויגען די טייערע טענער, וואָס האָבען געקאָסט צוויי טאָלער איינטריט געלד. ענדליך אָבער האָט זיך אויף דער ביהנע באוויזען א טונקעלע געשטאָלט, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי זי וואָלט נאָר וואָס ארויס פון קבר. דאָס איז געווען פאגאניני, אין זיין שווארצען גאַלאַ אנצוג: דער שווארצער פראק און די שווארצע וועסט זענען געווען פון א שרעקליכען שניט, ווי ער וואָלט אפשר אין דעם הויף פון פראָסערפינעאוס געווען פאָרגעשריעבען פון דער גיהנום'שער עטיקעט. די שווארצע הויזען ווי זיי וואָלטען שלאָבעריג געציטערט אויף די דינע פיס. ווען ער האָט געהאלטען אין איין האנד דעם פידעל און אין דער אנדערער דעם בויגען אראָפגעלאָזט, אזוי אז ער האָט מיט איהם כמעט באריהרט דעם באָדען, און ער האָט זיך געהאלטען אין איין פארנייגען פאר דעם פובליקום, האָבען זיינע לאנגע אָרעמס אויסגעזעהן נאָך לענגער. אין די עקיגע קרימונגען פון זיין לייב איז געלעגען א שוידערליכע הילצערנקייט און אין דער זעלביגער צייט עפּיס נאַריש טיערישעס, וועלכעס האָט ביי די דאָזיגע פארנייגונגען אין אונז געמוזט ארויסרופען א מאָדנעם חשק צום לאכען; אבער זיין פּנים, וואָס איז דורך דער שרייענדיגער באלייכטונג אין אָרעקעסטער געוואָרען נאָך טויטער און ווייסער, האָט ווידער געהאט אין זיך עפּיס אזא בעטענדיגס, עפּיס אזא אידיאָטיש הכנעה'דיגס, אז א גרויענהאפטער רחמנות האָט ווידער אונטערדריקט אונזער חשק צום לאכען. האָט ער זיך אויסגעלערנט די דאָזיגע קאָמפּלימענטען ביי אן אויטאָמאַט, צי ביי אַ הונד? איז אָט דער בעטענדיגער בליק אזא ווי פון א טויטקראַנקען, אָדער לויערט אפשר הינטער איהם דער שפּאָט פון א כיטרען קמצן? איז דאָס א לעבעדיגער, וואָס האַלט ביים שטאַרבען, און וועלכער וויל

אויסנעמען ביים פובליקום אין דער קונסטראַרענאַ ווי אַ שטאַרבענדיגער פעכטער? אַדער איז עס אַ טויטער, וואָס איז אויפגעשטאַנען פון קבר, אַ וואַמפיר מיט דעם פידעל, וועלכער, אויב ער זויגט אונז ניט דאָס בלוט פון האַרצען זויגט ער אין יעדען פאַל דאָס געלד פון די טאַשען?

אַזוינע פראַגען זענען אַרומגעלאָפען אין אונזערע קעפּ אין דער צייט, וואָס פּאַגאַניני האָט געמאַכט זיינע אונאויפהערליכע קאָמפּלימענטען; די אַלע גערדאַנקען האָבען אָבער געמוזט גלייך פאַרשווינדען, אַזוי שנעל ווי דער וואונדערבאַרער מייסטער האָט צוגעלייגט זיין פידעל צום קין און אָנגעהויבען צו שפּיעלען. וואָס מיך אַנבעלאַנגט, קענט איהר דאָך מיין מוזיקאַליש צווייטעס געזיכט, מיין טאַלענט, וואָס איך קען ביי יעדען טאָן, וואָס איך דערהער, אויך זעהן די אַדעקוואַטע קלאַנגפיגור. און אַזוי איז געשעהן, אַז פּאַגאַניני האָט מיט יעדען שטריך פון זיין בויגען מיר אויך געבראַכט פאַר די אויגען זיכטבאַרע געשטאַלטען און סיטואַציאָנען; אַז ער האָט מיר דערצעהלט אין אַ מוזיקאַלישע בילדערשריפט אַלערליי שרייענדיגע געשיכטען, און ער האָט פאַר מיר גלייכצייטיג געלאָזט פאַרביישווימען אַ פאַרביג שאָטענשפּיעל, אין וועלכען ער אַליין מיט זיין פידעל האָט תמיד רעאַגירט אַלס די הויפּט פּערזאָן. שוין ביי זיין ערשטען פיהר מיט'ן בויגען, האָבען זיך די קוליסען אַרום איהם פאַרענדערט; ער איז פּלוצלינג געשטאַנען מיט זיין מוזיק־שטענדער אין אַ פרעהליכען צימער, וועלכעס איז געווען לוסטיג אויסערגעוועהנליך דעקאָרירט מיט רייכע מעבעל אין פּאָמפּאַדור געשמאַק: אומעטום קליינע שפּיגלען, פאַרגילדטע אַמאָרעטען, כינעזישער פּאָרצעלאַן, אַ וואונדערליך ליעבער כאַאָס פון בענדער, בלומען־גירלאַנדען, ווייסע הענטשקעס, צעריסענע זיידענע שפּיצען, פאַלשע פּערעל, דימענטען פון גאָלדבלעך און עהנליכע פליטערלעך, ווי מען געפינט זיי אין שטוציער צימער פון אַ פּרימאַדאָנאַ. פּאַגיניני'ס אויסערליכע אויסזעהן האָט זיך אויך פאַרענדערט, און דאָס, גראַד צום בעסערן; ער האָט געטראָגען קורצע הויזען פון אַ לילאַפאַרביגען אַטלאַס, אַ ווייסע וועסט געשטיקט מיט זילבער, אַ ראָק פון העלבלויען סאַמעט מיט גאָלדענע קנעפּ, און די

האר וואס זענען געווען זארגפעלטיג פריזירט אין קליינע לעקעכלעך האבען געשפיעלט ארום זיין געזיכט, וואס האט געבליהט גאנץ יונג און ראזיג, און האט אויפגעשיינט מיט א זיסער צערטליכקייט, ווען ער האט פון דער זייט געווארפען בליקען צו דער שענער דאמעלע, וואס איז געשטאנען לעבען איהם ביים נאטען־פולט, אין דער צייט וואס ער האט געשפיעלט אויף דעם פידעל.

און ווירקליך, ביי זיין זייט האב איך דערזעהן א שען יונג באשעפעניש, אלטמאדיש אנגעטאן. דער ווייסער אטלאס אנגעבופט אונטען ביי די היפטען, אזוי, אז די טאליע איז דורך דעם ארוים פיעל רייצענדער שמעלער, די געפודערטע האר הויך ארויפגעקעמט, דאס היבשע רונדע געזיכט האט ארויסגעשיינט נאך פרייער מיט זיינע בליצענדיגע אויגען, חן־פלאסטערלעך און מיט דעם גראבלעך זיסען נעזעלע. אין דער האנד האט זי געטראגען א ווייסע פאפיערענע ראלע און ווערליג ווי זי האט באוועגט מיט די ליפען און קאקעטירענדיג באוועגט מיט איהר אויבערשטען טייל פון קערפער אהין און אהער, האט מען געקענט זעהן אז זי זינגט. הערען האב איך אבער ניט געהערט קיין איין איינציגען טריל, און נאר פון דעם פידעל שפיעלען, מיט וועלכען דער יונגער פאגאניני האט באלייט זיין ליעב קינד, האב איך זיך אנגעשטויסען וואס זי האט געזונגען און וואס ער אליין האט ביי איהר זינגען געפיהלט אין זיין נשמה. אוי, דאס זענען געווען מעלאדיען, פונקט אזעלכענע ווי די נאכטיגאל זינגט אין די פארנאכטען, ווען דער ריח פון רויזען פאר'שכור'ט איהר פארפיהלענדיג הארץ מיט בענקשאפט! אוי, דאס איז געווען א גיסענדיגע תאוה'דיג אויסגעהענדיגע זעליקייט! דאס זענען געווען טענער, וואס האבען זיך געקושט, דאן זענען זיי ברוגז'ע אנטלאפען איינע פון די אנדערע, און צום סוף האבען זיי זיך לאכענדיג ווידער ארומגענומען, און זענען געווארען איינס, און אפגעשטארבען אין א פאר'שכור'טער איינהייט. יא, די טענער האבען געטריבען א לוסטיגען שפיעל. פונקט אזוי ווי שמעטערלינגען, ווען איינער ווייכט אוים דעם צווייטען זיך רייצענדיג, באהאלט זיך הינטער א בלום, ענדליך שפרינגט זי צוריק ארוים און דערנאך פלאטערן זיי צוזאמען, לייכטזיניג באגליקט אין דעם

גאָלדענעם זונליכט. אבער א שפּין, א שפּין קען פּלוצלינג מיט א מאָל טראַגיש פאַרענדיגען דעם גורל פון אזעלכענע פאַרליעבטע שמעטערלינגען. האָט דאָס יונגע הארץ געפיהלט עפּיס אזוינס אין פאָראויס? אַן אומעטיג זיפצענדיגער טאָן ווי א פאָרגעפיהל פאַר אַן אומגליק, וואָס רוקט זיך שטיל אונטער. האָט זיך פּאַמעליך אראָפּגעגליטשט פון די באצויבערטע מעלאָדיען, וואָס האָבען ארויס־געשטראַהלט פון פּאַגאַניני'ס פידעל... זיינע אויגען זענען געוואָרען פייכט... א בעטענדיגער האָט ער זיך אראָפּגעלאָזט אויף דער קניה פאַר זיין געליעבטער... אָבער אַך! אזוי ווי ער בויגט זיך כדי צו קושען איהרע פיס, דערזעהט ער אונטער'ן בעט א קליינעם אבאַטע! איך וויים ניט וואָס ער האָט געקענט האָבען געגען דעם אָרימען מענשען, אבער דער געגועזער איז געוואָרען בלאַס ווי דער טויט. ער גיט דעם קליינעם א כאַפּ מיט צאָרניגע הענד, דערלאַנגט איהם עטליכע קלינגענדיגע פּעטש, און בריקעט איהם מיט'ן פוס, שמייסט איהם נאָר ארויס דורך דער טיר, און צום סוף כאַפּט ער ארויס א לאַנגען סטילעט פון קעשענע און שטעכט איהם אריין אין דער ברוסט פון דער יונגער שענהייט...

אין דעם אויגענבליק האָט אבער פון אלע זייטען זיך דער־הערט א געשריי: בראַוואָ! בראַוואָ! האַמבורגס באַגייסטערטע מע־נער און פרויען האָבען ארויסגעוויזען זייער שטאַרקסטען בייפאַל צו דעם גרויסען קינסטלער, וועלכער האָט נאָר וואָס געהאָט פאַר־ענדיגט דעם ערשטען טייל פון זיין קאָנצערט, און זיך פאַרנייגט מיט נאָך מעהר עקיגע בויגונגען ווי פריהער. אויף זיין געזיכט, האָט זיך מיר געדאַכט, האָט איצטער געציטערט נאָך א בעטענדיגערע הכנעה ווי פריהער. אין זיינע אויגען האָט געשטאַרט א גרויענהאַפ־טער שרעק, ווי ביי אַן אָרימען זינדיגען.

— געטליך! — האָט אויסגערופען מיין שכן דער מעקלער פון פעלצוואַרג, און זיך געקראַצט אין די אויערען. — אָט דאָס שטיק אליין איז שוין ווערט געוועזען די צוויי טאַלער.

ווען פּאַגאַניני האָט אָנגעהויבען צו שפּיעלען אויפ'ס ניי, איז מיר געוואָרען פינסטער אין די אויגען. די טענער האָבען זיך שוין ניט פאַרוואַנדעלט אין קיין העלע פאָרמען און פאַרבען; די געשטאַלט

פון דעם מייסטער האָט זיך גיכער ארומגעהילט אין פינסטערע שאָטענס, און פון זייער פינסטערניש האָט זיין מוזיק ארויסגע־קלאַנגט מיט די שנייַדיגסטע יאָמער־טענער. נאָך צייטענווייז, ווען א קליינער לאָמפּ, וואָס האָט געהאנגען איבער איהם, האָט אויף איהם געוואָרפען זיין שוואכען שיין, האָב איך דערזעהן זיין בלייכ־געוואָרענעם פּנים, אויף וועלכען די יוגענד איז אבער נאָך אלץ ניט געווען אויסגעלאָשען. מאָדנע איז געווען זיין אָנצוג, געשפּאָלטען אין צוויי פארבען, וואָס איינע פון זיי איז געווען געל און די אנ־דערע רויט. אויף זיינע פיס האָבען געהאָנגען שווערע קייטען. הינ־טער איהם האָט זיך באוועגט א געזיכט, וועמענס פיזיאָנאָמיע עס האָט אָנגעוויזען אויף א לוסטיגע באָקישע נאַטור, און לאַנגע האָ־ריגע הענד, וועלכע האָבען אפּנים געהערט צו יענעם געזיכט, האָב איך ווייַלענווייז געזעהן ארויסהעלפען אויף דעם פידעל, אויף וועל־כען פּאַגאַניני האָט געשפּיעלט. טיילמאָל האָט זי איהם אויך געפיהרט די האַנד, מיט וועלכער ער האָט געהאַלטען דעם בויגען און א מעקערדיג בייפאַל־געלעכטער האָט דאַן אקאָמפּאַנירט די טע־נער, וואָס האָבען זיך געריסען פון דער פידעל אלס שמערצליכער און בלוטענדיגער. דאָס זענען געווען טענער גלייך צו דעם געזאַנג פון די געפאַלענע מלאכים, וואָס האָבען געהאט צו טאָן מיט די טעכטער פון דער ערד, און זענען דערפאַר פארשטויסען געוואָרען פון הימעל, און מיט פּנים'ער, וואָס האָבען געגליהט פאַר שאַנד, האָבען זיי אראָפּגענידערט אין גיהנום אריין. דאָס זענען געווען טענער, אין וועמענס באָדענלאָזער ניט טיעפקייט, עס האָט ניט געטליהעט ניט קיין טרייסט און ניט קיין האָפענונג. ווען די הייַ־ליגע אין הימעל דערהערען אזעלכענע טענער, שטאַרבט אָפּ די לויב פון גאָט אויף זייערע פארבלייכטע ליפּען, און זיי הילען איין וויי־נענדיגע זייערע פרומע קעפּ! ווייַלענווייז, ווען אין אָט די מעלאָ־דישע קוועלענישען האָט אריינגעמעקעט דאָס באָקישע געלעכטער, האָב איך אין דעם הינטערגרונד אויך דערזעהן א מענגע קליינע פרויען, וואָס האָבען רשעות'דיג פרעהליך געשאָקעלט מיט זייערע מיאוס'ע קעפּ, און מיט פארלעגטע פינגער זיך געקראַצט אין זייע־רע בראָדעווקעס, און זיך געריייצט און הנאה געהאט פון זיין מפּלה.

פון דעם פידעל האָבען זיך דעמאָלט דערהערט קלאַנגען פון שרעק און א שרעקליך זיפצען און א שלוכצען, ווי מען האָט עס נאָך קיינמאָל אויף דער ערד ניט געהערט, און ווי מען וועט עס אפשר שוין קיינמאָל מעהר ניט הערען, אפילו ניט אין עמק יהושפט, ווען עס וועלען זיך דערהערען די גרויסע שופרות פון דעם יום הדין, און די נאַקעטע מתים וועלען ארויסקריכען פון זייערע קברים און וואר־טען אויף זייער פסק דין... אבער דער געפייניגטער וויאָליניסט האָט פּלוצלונג אזא פּיהר געטאָן מיט זיין בויגען, אזא וואהנזיניג פארצווייפעלטען פּיהר געטאָן, אז זיינע קייטען זענען קלינגענדיג צוריסען געוואָרען אין צווייען, און זיין אונהיימליכער מיטהעלפער, צוזאמען מיט זיינע שפּאָטענדיגע רשעים זענען פארשוואונדען.

אין דעם אויגענבליק האָט א זאָג געטאָן מיין שכן דער מעק־לער פון פעלצוואַרג: — א שאָד, א שאָד, עס האָט ביי איהם גע־פּלאַצט א סטרונע. דאָס קומט פון דעם שטענדיגען **Pizzicato...**

האָט ווירקליך געפּלאַצט א סטרונע פון דער פידעל? איך ווייס ניט. איך האָב נאָר באמערקט די טראַנספיגוראציאָן פון די טענער, און דאָ האָט זיך מיר געדאכט, אז פאַגאַניני מיט זיין אומ־געבונג האָבען זיך פּלוצלינג ווידער אין גאַנצען אומגעביטען. פאַ־גאַניני'ן האָב איך נאָך קוים געקענט דערקענען אין דעם ברוינעם טראַכט פון א מאָנאך ,וואָס האָט איהם מעהר איינגעהילט ווי באַ־קליידעט. דאָס פארווילדערטע פּנים האַלב פארהילט פון דער קאַ־פּוצע; ארום די לענדען א שטריק; באָרוועס; אן איינזאמע טראַ־ציגע געשטאַלט איז געשטאַנען פאַגאַניני אויף א פעלז ביים ים און האָט געשפּיעלט אויף דעם פידעל. עס איז געווען — ווי מיר האָט זיך אויסגעוויזען — בין השמשות. די אווענדרויטקייט האָט זיך צוגאָסען איבער די ווייטע כוואַליעס פון ים, וועלכע זענען געוואָרען וואָס אמאָל רויטער און רוישענדיגער, אין א געהיימניספולער האַר־מאָניע מיט די טענער פון דעם פידעל. וואָס רויטער אבער עס איז געוואָרען דער ים, אלס בלאַסער איז געוואָרען דער הימעל און ווען דאָס שטורעמדיגע וואסער איז ענדליך געוואָרען ווי לויטער שארלאַך־רויט בלוט, איז אויבען דער הימעל געוואָרען געשפּענס־טיש־העל, אין גאַנצען בלייך ווי א טויטער, און גרויס און סטראַ־

שענדיג זענען ארויסגעקומען די שטערען... און אַט די שטערען זענען געווען שווארץ, שווארץ ווי גלאנצענדיגע שטיינקוילען. אָבער די טענער פון דעם פידעל זענען געוואָרען וואָס אמאָל שטורעמדיגער און מוטיגער, אין די אויגען פון דעם שרעקליכען שפּיעלער האָט געשפּיעלט א שפּאָטישע חשק צוצושטערען, און זיינע ליפּען האָבען געציטערט אזוי גרויענהאפט שנעל, אז עס האָט אויסגעזעהן. ווי ער וואָלט געמורמעלט אוראלטע פארשאָלטענע צויבער שפּרוכען, מיט וועלכע מען באשווערט דעם שטורעם און מען בינדט אויף יענע בייזע גייסטער, וואָס ליגען געפאנגען אין די אָפּגרונדען פון ים. טיילמאָל ווען ער האָט ארויסגעשטעקט דעם נאַקעטען אָרעם פון דעם ברייטען מאָנאַכען ארבעל, האָט ער ערשט אין דער אמת'ן אויסגעזעהן ווי א כשוף'מאכער, וואָס באפעהלט די עלעמענטען מיט זיין צויבער־שטעקען. און עס האָט דאן געקלאָגט ווי משוגע אין דער טיעפעניש פון ים. און די שרעקליכע בלוטיגע כוואַליעס האָבען געשפּרונגען אזוי געוואלדיג אין דער הויך, אז זיי האָבען כמעט באשפּריצט די בלייכע הימעל־דעק און די שווארצע שטערען מיט זייער רויטען שוים. און עס האָט געהאילט און עס האָט געשריען. און עס האָט געקראכט, גלייך ווי די וועלט וואָלט געהאלטען ביים אונטערגעהן. און דער מאָנאך האָט אלץ עקשנות'דיגער געפיהרט דעם בויגען איבער דעם פידעל. ער האָט געוואָלט דורך דעם כח פון דעם ווילדען ווילען צוברעכען די זיעבען זיגלען, מיט וועלכע שלמה המלך האָט פארזיגעלט די אייזערנע טעפּ, אין וועלכע ער האָט איינגעשלאָסען די ביינעקומענע רוחות. יענע טעפּ האָט דער קלוגער קעניג אריינגעוואָרפען אין ים, און טאקי אַט יענע שטימען פון די אין זיי פארשלאָסענע גייסטער, האָט זיך מיר דאָס געדאכט, אז איך הער, אין דער צייט וואָס פּאַגאנינים פידעל האָט געלאָזט הערען איהרע בייזע באסאָווע טענער. און פון די רויטע בלוטיגע כוואַליעס האָב איך געזעהן ארויסשטעקען די קעפּ פון די באפרייטע רוחות: דאָס זענען געווען אויסטערלישע, שרעקליך מיאוסע באַשעפענישען: קראָקאדילען מיט פליגעל פון פלעדערמייז; שלאַנגען מיט הערנער פון הערשען; ים־הינד מיט פּאַטריארכאַלישע בערד. ווייבערשע פּנים'ער מיט בריסט אויפ'ן פּלאַץ וואו עס דאר־

פען זיין באקען; גרינגע קעפ פון קעמלען: מאַרנע באשעפענישען. האלב זכר און האלב נקבה; אלע גלאַנצענדיג מיט קאלטע קלוגע אויגען, און אויסשטרעקענדיג די פלוס־פעדערען צו דעם שפיעלענדיגען מאַנאַך... דער פידלער אבער, אין זיין ווילדער באמיהונג צו באשיינען די גייסטער, איז ביי איהם אראפגעפאלען די קאפוצע, און די לאַקיגע האַר, וואס האבען געפלאטערט אין ווינד, האבען ארומגערינגעלט זיין קאפ ווי שווארצע שלאַנגען.

די דאַזיגע ערשיינונג האט אזוי צומישט די חושים, אז איך האב — כדי ניט משוגע צו ווערען — מיר פארשטאַפּט די אויערען און האב צוגעמאכט די אויגען. און מיט אמאל איז דער כשוף פארשוואונדען. און ווען איך האב ווידער געעפענט די אויגען, האב איך געזעהן דעם ארימען גענועזער אין זיין געוועהנליכען אויסזעהן, ווי ער האט זיך פארנייגט אויף זיין געוועהנליכען שטייגער, און דאס פובליקום האט אפלאַדירט מיט באגייסטערונג.

„דאס איז, הייסט עס, דאס באריהמטע שפיעלען אויף דער „ג״ סטרונע״. האט באמערקט מיין שכן; „איך שפיעל אליין פידעל, און איך ווייס וואס עס הייסט, באמייסטערן דאס דאזיגע אינסטרומענט!״ צום גליק איז די פאוזע ניט געווען קיין גרויסע. ווען ניט וואלט מיך דער מוזיקאלישער מבין אויף פעלצען זיכער געווען אריינגעשלעפט אין א שמועס וועגען קונסט. — פאגאניני האט ווידער רוהיג ארויפגעלעגט די פידעל אויפ'ן קין, און מיט דעם ערשטען פיהר פון בויגען האט זיך ווידער אנגעהויבען די טראנספיגוראציאן פון ״י טענער. נאר זיי האבען זיך שוין ניט מעהר אויסגעגעבען אזוי שרייענדיג פארביג און אזוי זינליך באשטימט. די איצטיגע טענער האבען זיך צעוויקעלט רוהיג, מאיעסטעטיש כוואלענדיג און אנוואקסענדיג, פונקט אזוי ווי דער כאראל פון אן ארגעל אין א קירך; און אלעם ארום האט זיך אויסגעשפרייט אלץ ברייטער און העכער און איז געווארען א קאלאסאלער רוים, וועלכען דאס גשמיות'דיגע אויג האט ניט געקענט זעהן, נאר דאס אויג פונ'ם גייסט אין מיטען פון אט דעם רוים האט ארומגעשוועבט א לייכטענדיגער קוגעל אויף וועלכען עס איז געשטאנען גרויס ווי א ריעז און שטאלץ ערהאבען, א מאן, וואס האט געשפיעלט פידעל.

אַט דער קוגעל, איז דאָס געווען די זון? איך ווייס ניט. אבער אין דעם מאַנ'ס געזיכטסצוגען האָב איך דערקענט פאַגאַניני, נאָר אי־דעאל פארשענערט, הימליש פארקלערט און שמייכעלדיג ווי א מענש וואָס איז מוחל. זיין לייב האָט געבליהט אין קרעפטיגער מענליכ־קייט, א העל־בלויע געוואַנד האָט ארומגענומען די פארעדעלטע גליע־דער, ארום זיינע שולטערן האָבען זיך צושאָטען אין גלאַנציגע לאָ־קען זיינע שווארצע האָר; און ווי ער איז דאָ אזוי געשטאַנען פעסט און זיכער ווי אַן ערהאַבען געטער־בילד, און געפיהרט מיט'ן בוי־גען אויף דעם פידעל, האָט זיך געדאכט, ווי די גאַנצע שאַפונג וואָלט זיך צוגעהערט צו זיינע טענער. ער איז געווען דער מענש־פּלאַ־נעט ארום וועלכען עס האָט זיך געדרעהט די גאַנצע וועלט מיט א געמאָסטענער פייערליכקייט, און זיך צוקלונגען אין זעליגע ריט־מען. אַט די גרויסע ליכט, וואָס האָבען אזוי רוהיג שיינענדיג גע־שוועבט ארום איהם, זענען געווען די שטערען פון הימעל, און יענע מוזיקאַלישע הארמאָניע, וואָס איז ענטשטאַנען פון זייער באַוועגונג, איז דאָס געווען דער געזאַנג פון די ספערען, פון וועלכען פּאָעטען און זעהער האָבען דערצעהלט אזוי פיעל וואונדער. ווייל־ענ־ווייז, ווען איך האָב אַן אָנגעשטרענגטער ארויסגעקוקט ווייט אין דער דעמערענדער ווייטקייט, האָט זיך מיר געדאכט אז איך זעה לויטער ווייסע פלאַטערדיגע געוואַנדען, אין וועלכע עס זענען איינ־געהילט קאָלאָסאַלע פּילגרימען, וואָס שפּאַציערען ארום מיט ווייסע שטעקענס אין די הענד. און מאָדנע! די גאָלדענע קנעפּ פון יענע ווייסע שטעקענס זענען טאקי געווען יענע גרויסע ליכט, וואָס איך האָב פריהער געהאַלטען פאַר שטערען. אַט די פּילגרימען האָבען זיך געצויגען אין א ברייטען קרייז ארום דעם גרויסען שפּיעלער: פון די טענער פון זיין פידעל האָבען די גאָלדענע קנעפּ פון זייערע שטעקענס אויפגעשיינט אַלץ העלער און העלער, און די כאָראַלען, וואָס האָבען אויפגעשאַלט פון זייערע ליפּען, אין וועלכע איך האָב פריהער געקענט האַלטען פאַר דעם געזאַנג פון ספערען, זענען דאָס אייגענטליך געווען נאָר די אויסגעהענדיגע עכאָ'ס פון יענע פּי־דעל־טענער. א הייליגע דבקות, וואָס לאָזט זיך ניט איבערגעבען, האָט געוואוינט אין די דאָזיגע קלאַנגען, וועלכע האָבען צייטענווייז

אויפגעציטערט, אז מען האט קוים געהערט, ווי א געהיימניספול שעפּטשען אויף דעם וואסער, דערנאך זענען זיי זיס שווידערליך געוואקסען און געוואקסען, ווי די טענער פון א וואלד־הארן אין לבנה־שיין, און דערנאך האבען זיי ענדליך אויפגעברויזט מיט א געוואלדיגען יובעל, גלייך ווי טויזענד בארדען, וואלטען זיך א נעם געטאן צו די סטרונעס פון זייערע הארפען און וואלטען אויפגעהויבען זייערע שטימען אין א ליעד פון נצחון. דאס זענען געווען טענער, וואס דאס אויער קען קיינמאל ניט הערען, נאר דאס הארץ קען חלום'ען, ווען עס רוהט ביי נאכט אויפ'ן הארץ פון דער געליעבטער. אפשר אויך באגרייפט זיי דאס הארץ ביים העלען, ליכטיגען טאג, ווען עס פארליערט זיך מיט ענטציקונג אין די שענהייטס־ליניען און אוואלען פון א גריכישען קונסט־ווערק.

אדער ווען מען האט אויסגעטרונקען אן איבעריגע פלאש שאמפּאניער!" האט זיך פּלוצלינג דערהערט א לאכענדיג קול, וועלכעס האט אונזער דערצעהלער אויפגעוועקט ווי פון א חלום.— ווען ער האט זיך ארומגעקוקט, האט ער דערזעהן דעם דאקטאר, וועלכער איז צוזאמען מיט דער שווארצער דבורה אריינגעקומען גאנץ שטיל אין צימער, כדי צו זעהן ווי אזוי זיין מעדיצין האט געווירקט אויף דער קראנקער.

„אט דער שלאף געפעלט מיר ניט." האט געזאגט דער דאקטאר, אנווייזענדיג אויף דער זאפא.

מאקסימיליאן, וואס פארזונקען אין די פאנטאזיעס פון זיינע אייגענע רייד, האט ער גאר ניט באמערקט, אז מאריא איז שוין לאנג איינגעשלאפען — האט זיך פארדראסיג געביסען די ליפּען.

— אט דער שלאף — האט דער דאקטאר ווייטער געזאגט— גיט שוין איהר פּנים דעם אויסזעהן פון טויט. זעהט עס שוין ניט אויס, ווי יענע ווייסע מאסקען, יענע גיפּסענע אפּגוסען אין וועלכע מיר זוכען צו באהאלטען די צוגען פון די געשטארבענע?

— איך וואלט וועלען — האט איהם מאקסימיליאן איינגערוימט שטיל אין אויער אריין — איך וואלט וועלען פון אונזער פריינדינס פּנים האבען אזא מאסקע. זי וועט נאך אלס בר־מינן זיין זעהר שען.

— איך וואָלט אייך ניט געראָטען דאָס צו טאָן — האָט געענטפערט דער דאָקטאָר — אזעלכענע מאָס־קען מאכען אונז קאַליע די עראינערונג פון אונ־זער ליעבע. מיר גלויבען, אז אין דעם דאָזיגען גיפּס איז פארבליבען עפּיס פון איהר לעבען. און אין דער אמת'ן איז דאָך דאָס, וואָס מיר באהאלטען אין זיי, אייגענטליך דער טויט אליין. רעגעלמעסיג שענע געזיכטסצוגען באקומען דאָ עפּיס גרויענהאַפט פארשטאַרטעס, אָפּשפּאָטענדעס, פאטאַלעס דורך וועלכען זיי דער־שרעקען אונז מעהר ווי זיי דערפרעהען אונז. אמת'ע קאריקאַ־טורען זענען אָבער די גיפּס אָפּגוסען פון געזיכטער, וועמענס חן עס איז מעהר געווען פון דעם גייסטיגען מין, וועמענס צוגען זענען געווען ווייניגער רעגעלמעסיג ווי אינטערעסאַנט: וואָרים אזוי שנעל ווי די גראַציען פון לעבען זענען אין אזאַ געזיכט אויסגעלאָשען, ווערען די ווירקליכע אָפּווייכונגען פון די אידעאַלע שענהייטס־ליניען ניט מעהר אויסגעגלייכט דורך דעם גייסטיגען חן. אָט די אַלע גיפּסענע געזיכטער האָבען אָבער אַלע א געוויסען רעטזעלהאַפּ־טען צוג, וועלכער, — ווען מיר באטראַכטען זיי לענגער — רופט אַרויס א מאָרנעם ציטער אין אונזער נשמה; זיי זעהען אַלע אויס ווי מענשען וואָס קלייבען זיך צו געהען א שווערען גאַנג.

— וואוהין? — האָט געפרעגט מאַקסימיליאַן, ווען דער דאָק־טאָר האָט איהם אָנגענומען ביי דער האַנד און איהם אַרויסגעפיהרט פון צימער.

## צווייטע נאכט.

— און פארוואס ווילט איהר מיך נאך מאטערן מיט אט דער שלעכטער מעדיצין, ווען איך וועל דאך סאי ווי באלד שטארבען!

דאס האט געזאגט מאריא, גראד דעמאלט, ווען מאקסימיליאן איז אריינגעקומען אין צימער. פאר איהר איז געשטאנען דער דאקטאר, וועלכער האט אין איין האנד געהאלטען א מעדיצין פלעשעל, און אין דער צווייטער א קליינעם בעכער, אין וועלכען עס האט זיך געשוימט א ברוינליכער זאפט. — טייערסטער פריינד! — האט ער אויסגערופען, זיך ווענדענדיג צו מאקסימיליאן — מיך פרעהט זעהר וואס איהר זענט איצטער דא. פרואווט דאך איבערצורעדען דער סיניארא, אז זי זאל איינעמען נאך בלויז אט די עטליכע טראפענס; איך האב קיין צייט ניט.

— איך בעט אייך, מאריא, — האט מאקסימיליאן געשעפטשעט מיט יענער ווייכער שטים, וואס מען האט ניט זעהר אפט באמערקט ביי איהם, און וועלכע האט אויסגעזעהן צו קומען פון א צעוועהטאגט הארץ, אזוי אז די קראנקע איז געווארען אזוי מאדנע געריהרט, אז כמעט פארגעסענדיג אויף איהרע אייגענע ליידען, האט זי דעם בעכער גענומען אין האנד אריין; איידער אבער זי האט איהם צוגעפיהרט צום מויל, האט זי שמייכלענדיג געזאגט: ניט אמת, פאר א באלוינונג וועט איהר מיר דערנאך דערצעהלען די געשיכטע פון דער לאוראנס?

— אלץ וואס איהר פארלאנגט כאר וועט געשעהן — האט צוגעזאגט מאקסימיליאן.

די בלאסע פרוי האט גלייך אויסגעטרונקען דעם בעכער, האלב שמייכעלדיג און האלב ציטערדיג.

— איך מוז געהן — האט געזאגט דער דאקטאר, און ער

האָט אָנגעטאָן זיינע שוואַרצע הענטשקעס. — ליגט אייך רוהיג אָוועק, סיניאָרא, און באַוועגט אייך אַזוי ווייניג ווי נאָר מעגליך. איך מוז געהן.

באַלייט פון דער שוואַרצער דבורה, וואָס האָט איהם באַלויכ־טען דעם וועג, האָט ער פאַרלאָזט דאָס צימער. — ווען דיביידע פריינד זענען איצטער געבליבען אַליין, האָבען זיי זיך אַ לאַנגע ווײַלע אָנגעקוקט שווייגענדיג. אין ביידענס נשמות האָבען זיך איצטער דערוועקט געדאַנקען, וועלכע זיי האָבען געזוכט צו פאַר־באַרגען איינס פון ס'אַנדערע. די פרוי האָט אָבער פּלוצלונג אַ כאַפּ געטאָן דעם מאַנס האַנד און זי באַדעקט מיט גליהענדיגע קושען.

— אום גאָטעס ווילען! — האָט געזאָגט מאַקסימיליאַן — באַוועגט אייך ניט אַזוי שטאַרק, און ליגט אייך ווידער רוהיג אויף דער זאָפאַ.

ווען מאַריאַ האָט ערפילט דעם דאָזיגען וואונש, האָט ער זאָרגפעלטיג באַדעקט איהרע פיס מיט דער שאַל, וועלכע ער האָט פריהער באַריהרט מיט זיינע ליפּען. זי האָט עס אַפּנים באַמערקט, וואָרים זי האָט מיט הנאה פאַרזשמורעט די אויגען, ווי אַ גליקליך קינד.

— איז מאַדמאָאַזעל לאָוראַנס געווען זעהר שען?

— ווען איהר וועט מיך ניט איבערהאַקען אין מיטען, טייע־ערע פריינדין, און איהר וועט מיר צוזאָגען, אַז איהר וועט מיך גאַנץ רוהיג און שווייגענדיג צוהערען, וועל איך אייך אַלץ דער־צעהלען, וואָס איהר וועט נאָר באַגעהרען.

און נאָכדעם ווי זי האָט איהם מיט אַ בליק צוגעזאָגט צו פאָל־גען, האָט מאַקסימיליאַן אַ שמייכעלדיגער זיך געזעצט אויפ'ן שטוהל, וואָס איז געשטאַנען פאַר דער זאָפאַ און האָט אָנגעהויבען זיין ערצעהלונג אַזוי:

עס איז שוין אַ יאָהר אכט, ווי איך בין געפאָהרען קיין לאָנ־דאָן, כדי דאָרטען זיך צו באַקענען מיט דער שפּראַך און מיט'ן פאָלק. דער טייוועל מעג נעמען דאָס פאָלק צוזאַמען מיט זיין שפּראַך! זיי נעמען דאָרט אַ טוץ איינזילביגע ווערטער אין מויל אַריין, קייען זיי, שלינגען זיי איין, און שפּייען זיי ווידער אויס.

און דאָס רופען זיי אַן רעדען. אַ גליק נאָך, וואָס בטבע זענען זיי שוויינענדיגע, און הגם זיי קוקען אונז אַלעמאָל אָן מיט אויפגערי־סענע מיילער, פארשווינען זיי אונז פון דעסטוועגען און פאַרפיהרען ניט קיין לאַנגע שמועסען. אָבער אַז וועה איז צו אונז, ווען מיר פאַלען אריין אין די הענד פון אַזאַ ענגלענדער, וועלכער האָט גע־מאַכט אַ גרויסע טור, און האָט זיך אויף דעם קאָנטינענט אויסגע־לערנט פראַנצויזיש. אַזאַ איינער וועט דאַן אויסנוצען די געלעגענ־הייט זיך צו איבען אין די אויסגעלערנטע לינגוויסטישע קענטני־שען, און וועט אונז באַשיטען מיט פראַגען ווענען אַלע מעגליכע ענינים. און קוים האָט מען פאַרענטפערט איין פראַגע, וועט ער גלייך ארויסקומען מיט אַן אַנדערער פראַגע. און פרעגען וועט ער ווי אַלט איהר זענט, פון וואַנען קומט איהר, אָדער ווי לאַנג מיר וועל־לען זיך דאָרט אויפהאַלטען, און מיט די דאָזיגע מאַטערנישען, צו וועלכע עס נעמט גאָר קיין סוף ניט, גלויבט ער, אַז ער אונטערהאַלט אייך. איינער פון מיינע פריינד אין פּאַריז האָט אפשר געהאַט רעכט, ווען ער האָט באַהויפּטעט, אַז די ענגלענדער לערנען זיך אויס זייער פראַנצויזישע קאָנווערזאַציאָן אין דעם פּאַספּאָרטען ביוראָ. צום ניצליכסטען איז זייער אונטערהאַלט ביים טיש, ווען זיי צושניידען זייער ריזיגען ראָסטביפס און פרעגען אונז מיט אַן ערענסטער מיענע, וואָס פאַר אַ חלק מיר ווילען. שטאַרק געבראָטען צי שוואַך געבראָטען; צי פון מיטען אָדער פון דער ברוינער קאָרע; פעט אָדער מאָגער. אָט די ראָסטביפּס און זייערע שעפּסענע געבראָטענס זענען אָבער דאָס איינציגע גוטע, וואָס זיי פאַרמאָגען. גאָט זאָל אָבער אָפּהיטען יעדען קריסטליכען מענש פון זייערע סאָסען, וועלכע באַשטעהען פון איין דריטעל מעהל און צוויי דריטעל פּוטער, אָדער — ווען מען וויל דורך דער מי־שונג קריגען עפּיס אַן אומבייט — פון איין דריטעל פּוטער און צוויי דריטעל מעהל. גאָט זאָל אויך יעדען אָפּהיטען פאַר זייערע נאַאיווע גרינסען, וועלכע זיי דערלאַנגען אויפ'ן טיש ארויף, גע־קאָכט אין וואַסער, אין גאַנצען אַזוי, ווי גאָט האָט זיי באַשאַפען. שרעקליכער נאָך פון די ענגלענדערס קיך זענען זייערע טאָאַסטען און זייערע אָבליגאַטע רעדען, ווען מען נעמט אַראָפּ דאָס טישטוך

און די דאַמען געהען אוועק פון טיש, און אַנשטאַט זיי ווערט ארויפגעשטעלט פונקט אזוי פיעל פלאַשען פאַרט וויין... וואָרים דורך די לעצטע גלויבען זיי אויסצופילען אויפ'ן בעסטען אופן די אַבוועזענהייט פון דעם שענעם געשלעכט. איך זאָג דאָס שענע געשלעכט, וואָרים די ענגלענדערינס פאַרדיענען זיך כשר דעם נאָמען. דאָס זענען שענע, ווייסע, שלאַנקע לייבער, נאָר דער צו־ברייטער רוים צווישען דער נאָז און דעם מויל, וואָס מען געפינט ביי זיי אזוי אָפט ווי ביי די ענגלישע מאַנסלייט, האָט מיר אָפט־מאָל אין ענגלאַנד קאַליע געמאַכט די שענסטע געזיכטער. די דאָ־זיגע אָפּווייכונג פון דעם שענהייטס־טיפּ ווירקט אויף מיר נאָך פאַטאַלער, ווען איך זעה די ענגלענדער דאָ אין איטאַליען, וואו זייערע קאַרג אָפּגעמאָסטענע נעזער, און די ברייטע פלייש־פלאַך, וואָס שפּרייט זיך אוים אונטער איהר ביז צום מויל, שטעלט מיט זיך פאַר אזא שטאַרקען קאָנטראַסט אקעגען די געזיכטער פון די איטאַליענער, וועמענס צוגען עם האָבען אין זיך מעהר פון דער אַנטיקער רעגעלמעסיקייט, און זייערע נעזער זענען אָדער רוימיש געבויגען אָדער גריכיש ארונטערגעלאָזען, און ניט זעלטען שוין אביסעל צו לאַנג. זעהר ריכטיג איז די באַמערקונג פון אַ דייטשען רייזענדען, אז די ענגלענדער, ווען זיי דרעהען זיך ארום צווישען די איטאַליענער, זעהען זיי אַלע אוים ווי סטאַטוען, וועמען מען האָט אָפּגעהאַקט די שפּיצען פון די נעזער.

יאָ, ווען מען באַגעגענט די ענגלענדער אין אַ פרעמד לאַנד, קען מען דורך דעם קאָנטראַסט ערשט אויף אַן אמת זעהן זייערע חסרונות, זיי זענען די געטער פון לאַנגווייליקייט, וואָס טרייבען זיך ארום מיט עקסטרא פּאָסט אויף בלאַנק לאַקירטע וועגען דורך אַלע לענדער, און לאָזען אומעטום הינטער זיך אַ שטויב־וואָלקען פון טרויעריקייט. דערצו קומט נאָך צו זייער נייגיעריקייט אָהן אינ־טערעס, זייער געפּוצטע פלייסיקייט, זייער חוצפּה'דיגע טעמפּקייט, זייער עקיגער עגאָאיזם און זייערע פּוסטע פריידען אין אַלע מע־לאַנכאָלישע געגענשטאַנדען. שוין זייט דריי וואָכען זעהט מען דאָ יעדען טאָג אויף דער Piazza del Gran Duca אַן ענג־לענדער וואָס קוקט זיך צו שטונדענלאַנג מיט אַן אָפענעם מויל צו

יענעם שארלאטאן, וועלכער זיצט דארט אויפ'ן פערד און רייסט אוים ביי די מענשען די ציינער. אט דאס ספעקטאקעל באלוינט אפשר אלביאנס ערדעלען זוהן, פאר די עקזעקוציאנען, וואס ער פארזוימט אין זיין טייערען פאטערלאנד... ווארים א חוץ באקסען און דער געשלעג פון היהנער, איז ניטא עפים בעסערעס פאר אן ענגלענדער ווי די אגאניע פון אן ארימען טייוועל וואס האט גע־גנב'עט א שאף, אדער נאכגעמאכט א האנדשריפט און מען שטעלט איהם דערפאר אוועק אויף דער פאסאדע פון אלד בעילי אויף א שטונדע לאנג מיט א שטריק ארום האלז, איידער מען שליידערט איהם אריין אין דער אייביקייט. עס איז ניט קיין גוזמא, ווען איך זאג, אז פאר גנב'ענען א שאף אדער פאר פעלשען אן אונטערשריפט ווערט מען אין יענעם מיאוס'ען גרויזאמען לאנד באשטראפט פונקט ווי פאר דעם עקעלהאפטסטען פארברעכען, ווי פאר דער'הרג'ענען א טאטען אדער פאר א בלוטשאנד. איך אליין, ווען א פשוט'ר צופאל האט דארט פארבייגעפיהרט, איך אליין האב אין לאנדאן געזעהן הענגען א מענשען, ווייל ער האט גע'גנב'עט א שאף, און זינט דעמאלט האב איך פארלוירען יעדען חשק צו שעפסענע גע־בראטענס; דאס פעטס דערמאנט מיך אלע מאל אן דער ווייסער מיץ פון דעם ארימען זינדער. לעבען איהם האט געהאנגען אן אירלענדער, וועלכער האט נאכגעמאכט די האנדשריפט פון א רייכען באנקיער; איך זעה נאך אלץ דעם נאאיווען טויטשרעק פון דעם ארימען פעדי, וועלכער האט פאר דעם געשוואוירענעם געריכט גאר ניט געקענט באגרייפען אז פאר א נאכגעמאכטע האנדשריפט וועט מען איהם אזוי שווער באשטראפען. איהם, וועלכער ערלויבט דאך יעדען מענשען נאכצומאכען זיין אייגענע האנדשריפט! און אט דאס פאלק רעדט נאר שטענדיג פון קריסטענטום. און פאר־פעהלט קיינמאל אין קיין זונטאג ניט צו געהן אין קירך אריין, און פארפלייצט א גאנצע וועלט מיט ביבלען.

איך וועל אייך צוגעבען, מאריא, אז דאס וואס אין ענגלאנד האט מיר קיין זאך ניט געשמעקט, ניט די מענשען און ניט זייערע מאכלים, איז דאס ביז א געוויסען גראד מיין אייגענע שולד. איך האב געהאט מיטגעבראכט פון דער היים א היבשען זאפאס פון

שלעכטע שטימונגען, און איך האָב געזוכט דערהייטערונג ביי אַ פאָלק, וואָס דער'הרג'עט זיין לאַנגווייליקייט נאָר אין דעם קאָפּ פון פּאָליטישע און סוחר'שע טעטיקייטען. די פאָלקאָמענהייט פון די מאַשינען, וואָס ווערען דאָרטען אומעטום אַנגעווענדט, און האָבען איבערגענומען אַזוי פיעל מענשליכע ארבייט, האָט פאַר מיר אויך געהאַט עפּיס אונהיימליכעס; אָט דאָס קינסטליכע טרייבען פון רעדער, שטאַנגען, צילינדערס און טויזענדערליי קליינע העקעלעך, שטיפטעלעך און ציינדלעך, וואָס באַוועגען זיך כמעט ליידענשאַפטליך, האָבען מיך אָנגעפילט מיט גרויל. דאָס באַשטימטע, דאָס גענויע, דאָס אויסגעמאָסטענע און דאָס פּינקטליכע אין דעם לעבען פון די ענגלענדער האָט מיך ניט ווייניגער געשראָקען; וואָרים פּונקט אַזוי ווי די מאַשינען אין ענגלאַנד קומען אונז פאָר ווי מענשען, אַזוי קומען אונז דאָרט די מענשען פאָר ווי מאַשינען. יאָ, עס זעהט אויס ווי האָלץ, אייזען און מעש האָבען דאָרט אוזורפּירט דעם גייסט פון די מענשען און פון צופיעל גייסט ווערען זיי אַזש שיער משוגע, אין דער צייט וואָס דער מענש, ביי וועלכען מען האָט דעם גייסט צוגענומען, פאַריכט זיינע געשעפטען ווי אַ הוילער געשפּענסט גאַנץ מאַשינענמעסיג. אין באַשטימטע מינוטען פרעסט ער זיין ביפסטייק, אין באַשטימטע מינוטען האַלט ער זיינע פּאַרלאַמענטס רעדען, רייניגט זיינע נעגעל, זיצט אויף זיין סטיידזש-קאָוטש, אָדער הענגט זיך אויף.

אַז מיינע שלעכטע שטימונגען זענען אין יענעם לאַנד געוואַקסען מיט יעדען טאָג, דאָס קענט איהר שוין אַליין פאַרשטעהן. קיין זאַך איז אָבער ניט געווען גלייך צו דער שוואַרצער שטימונג, וואָס איז מיך אַמאָל באַפאַלען, ווען איך בין אַרום פאַרנאַכט געשטאַנען אויף דער וואָטערלאָ-בריק און אַרונטערגעקוקט אויף דעם וואַסער פון דער טעמזע. מיר האָט זיך געדאַכט ווי מיין נשמה וואָלט זיך דאָרט אָפּגעשפּיגעלט, ווי זי וואָלט מיר אַקעגען געקוקט פון וואַסער מיט אַלע איהרע וואונדען... דערביי זענען מיר געקומען אויפ'ן זינען די טרויעריגסטע געשיכטען... איך האָב געטראַכט פון דער רויז וואָס איז באַגאָסען געוואָרען מיט עסיג און האָט דאָדורך פאַרלוירען איהרע זיסטע ריחות... איך האָב געטראַכט

פון דעם פארבלאַנדזשעטען שמעטערלינג, וואָס איז ארויף אויף דעם מאַנטבלענק, און איך האָב איהם דאָרט געזעהן איינזאם ארומ־פלאַטערען צווישען די אייז־ווענד... איך האָב געטראַכט פון דער מאלפּע, וואָס איז געוואָרען אזוי היימיש מיט די מענשען, און האָט זיך מיט זיי געשפּיעלט, אָבער איינמאָל ביים טיש האָט זי אין דעם געבראָטענעם דערקענט איהר אייגען יונג אפּעלע, האָט זי עס שנעל א כאַפּ געטאָן, איז דערמיט אנטלאָפען אין וואלד אריין, און האָט זיך שוין מעהר ניט באוויזען צווישען איהרע פריינד די מענשען... אך, מיר איז געווען אזוי שלעכט אויפ'ן הארצען, אז מיינע טרעהרען האָבען זיך א לאָז געטאָן פון די אויגען... זיי זענען אריינגעפאלען אין דער טעמזע, און זענען אוועקגעשווימען צום ים הגדול, וועלכער האָט שוין איינגעשלונגען אזוי פיעל מענשליכע טרערען, און אליין האָט ער דערפון ניט געוואוסט!

אין דעם אויגענבליק האָט מיך א מאָדנע מוזיק אויפגעוועקט פון מיינע פינסטערע חלומות. און ווען איך האָב זיך ארומגעקוקט, האָב איך ביים ברעג באמערקט א גרויסע מחנה מענשען, וועלכע האָבען אויסגעזעהן ווי זיי וואָלטען זיך ארומגעשטעלט ארום עפּיס א קונציגען ספּעקטאקעל. איך בין צוגעגאנגען נעהענטער און האָב דערזעהן א קינסטלער פאמיליע, וואָס איז באשטאנען פון אַט די פיער פּארשוינען:

ערשטענס א קליינע דיקליכע פרוי, וואָס איז געווען אָנגעטאָן אין גאנצען אין שווארצען, און וועלכע האָט געהאט א זעהר קליינעם קאָפּ און א היבשען גראָבען בויך. איבער אַט דעם בויך האָט געהאנגען אן אונגעהייער גרויסע פּויק, אויף וועלכען זי האָט גע־פּויקט אומרחמנות'דיג.

צווייטענס — א קארליק, וועלכער האָט געטראָגען א בראָדיערט קלייד ווי אן אלט־פראנצויזישער מארקיז. ער האָט געהאט א גרויסען געפּודערטען קאָפּ, און ווייטער זעהר דינע, קליינע גליעדער און טאנצענדיג אהין און אהער האָט ער געקלאפּט אויף א טריאנגעל.

דריטענס — א פופצעהניאהריג יונג מיידעל, וועלכעם האָט געטראָגען א קורץ ענג יאקעל פון בלוי געשטרייפטער זייד, און

ברייטע, פונקט אזעלכענע בלוי געשטרייפטע פאַנטאַלאָנס. דאָס איז געווען אַ חנ׳עוודיגע געשטאַלט. דאָס געזיכט גריכיש שען. אן ערד־לע גלייכע נאָז, ליעבליך פארשאַרצטע ליפּען, אַ פאר׳חלום׳ט ווייך אָפּגערונדעטען קין, די פארב זוניג־געל, די האָר גלאַנצענדיג שווארץ פארבונדען ארום די שלייפען: אזוי איז זי געשטאַנען שלאַנק און ערענסט, יאָ, שלעכט געשטימט און געקוקט אויף דעם פער־טען פארשוין, וועלכער האָט גראָד באַוויזען זיינע קונצען.

אָט דער פערטער פארשוין איז געווען אַ געלערנטער הונד, אַ זעהר האָפנונגספולער פודעל, און ער האָט צו דער העכסטער פרייד פון דעם ענגלישען פובליקום צוזאַמענגעשטעלט פון הילצער־נע בוכשטאַבען דעם נאָמען פון לאָרד וועלינגטאָן, און האָט נאָך צוגעשטעלט דאָס שמייכעלהאַפטע בייוואָרט Heros און אזוי ווי דער הונד איז — ווי מען האָט עס שוין גלייך געקענט דערקע־נען אַן זיין גייסטרייכען אויסזעהן — ניט געווען קיין ענגלישע חיה, נאָר איז מיט די איבעריגע דריי פארשוינען אריבערגעקומען פון פראַנקרייך, דערפאַר האָבען זיך די זיהן פון אַלביאָן זעהר געפרעהט, וואָס זייער גרויסער קריגספיהרער האָט וועניגסטענס ביי פראַנצויזישע הינד געקראָגען די אנערקענונג, וואָס די איבע־ריגע פראַנצויזישע קרעאַטורען האָבען איהם אזוי פאַראַכטליך אָפּגעזאָגט.

און ווירקליך, די געזעלשאַפט איז באַשטאַנען פון פראַנצויזען, און דער קאַרליק, וועלכער האָט זיך אויסגעגעבען אַלס מאָסיע טיור־ליוטיו, האָט אָנגעהויבען צו קנאַקען אויף פראַנצויזיש מיט אזעל־כענע ליידענשאַפטליכע זשעסטען, אַז די אָרימע ענגלענדער האָבען צועפענט זייערע מיילער און נעזער נאָך ברייטער ווי געוועהנליך. צייטענווייז נאָך אַ לאַנגער פראַזע האָט ער געקרעהט ווי אַ האָהן, און אָט די קיקעריקי׳ס, און אויך די נעמען פון אזוי פיעל קיסרים, מלכים און פירשטען, וואָס ער האָט אריינגעמישט אין זיין רעדע, זענען אפשר געווען דאָס איינציגע וואָס די אָרימע צוקוקער האָבען פארשטאַנען. מיט יענע קיסרים, מלכים און פירשטען האָט ער זיך באַריהמט, אַז זיי זענען זיינע פריינד. שוין אַלס איינגעל פון אכט יאָהר האָט ער — ווי ער האָט עס פארזיכערט — שוין געהאַט אַ

לאנגע אונטעררעדונג מיט דעם העכסטזעליגען מאיעסטעט לודוויג דעם פיערצעהנטען, וועלכער האט אויך שפעטער צו ביי העכסט וויכטיגע געלעגענהייטען זיך מיט איהם שואל עצה געווען. פון די שטורמען פון דער רעוואלוציאן איז ער, ווי א סך אנדערע ניצול געווארען דורך דעם וואס ער איז אנטלאפען. און ערשט אין דער צייט פון קייזערטום האט ער זיך צוריק אומגעקעהרט אין זיין ליעבען פאטערלאנד, כדי אנטייל צו נעמען אין דעם רוהם פון דער גרויסער נאציאן. נאפאלעאן — האט ער געזאגט — האט איהם קיינמאל ניט ליעב געהאט, פארקעהרט פון זיין הייליקייט, דעם פויפסט פיוס דעם זיעבעטען איז ער כמעט פארגעטערט געווארען. דער קייזער אלעקסאנדער האט איהם געגעבען באנבאנען, און די פרינצעסין ווילהעלם פאן קיריץ האט איהם אלעמאל געפלעגט נע־מען אויף דער שויס. זיין דורכלויכט, דער הערצאג קארל פון בראונ־שווייג פלעגט איהם טיילמאל לאזען ארומרייטען אויף זיינע הינד, און זיין מאיעסטעט, דער קעניג לודוויג פון באיערען פלעגט איהם פארלייענען זיינע ערהאבענע געדיכטען. די פירשטען פון נויס־שלייצקרייץ און פון שווארצבורג־זאנדערסהאוזען האבען איהם ליעב געהאט ווי א ברודער, און האבען תמיד גערויכערט מיט איהם פון דער זעלביגער ליולקע. יא, פון קינדווייז אן — האט ער גע־זאגט — האט ער נאר געלעבט צווישען סאמע הערשער, די היינטי־גע מאנארכען זענען מיט איהם צוזאמען אויפגעוואקסען, און ער באטראכט זיי ווי זיינם גלייכען. און יעדעס מאל ווען איינער פון זיי מוז זיך שיידען מיט דער וועלט, טראגט ער טרויער־קליידער. נאך די דאזיגע פייערליכע ווערטער האט ער געקרעהט ווי א האהן.

מאסיע טיורליוטיו איז ווירקליך געווען איינער פון די קוריא־זעסטע קארליקעס, וואס איך האב ווען געזעהן; זיין גערינצעלט אלט פנים האט מיט זיך פארגעשטעלט אזא פראנטישען קאנ־טראסט צו זיין קינדיש שמאלען גופ'על, און דער גאנצער פאר־שוין איז געווען אזא געוואלדיגער קאנטראסט צו די קונצען וואס ער האט געוויזען. ווארים ער האט זיך אוועקגעשטעלט אין די וואוילאינגערשסטע פאזען, האט געפאכט מיט א לאנגער ראפיער אהין און אהער, און האט געהאלטען אין איין באריהמען זיך, אז אט

די „קוואַרטע“ און יענע „טערצע“ וועט איהם קיינער ניט קענען נאָכ־מאַכען. אז פארקעהרט ווידער פון קליינע שטערבליכע מענשען וואָלט זיין פאַראַדע יאָ געקענט דורכגעקעמפט ווערען. און אז ער פאָדערט אויף יעדען איינעם פון פובליקום זיך צו פּרואווען מיט איהם אין דער פּעכט־קונסט. און נאָכדעם ווי דער קאַרליק האָט אַ לאַנגע צייט געוויזען דעם שפּיעל און האָט ניט געפונען קיינעם, וועלכער זאָל זיך וועלען ענטשליסען ארויסצוגעהן מיט איהם אין אַן עפענטליכען דועל, האָט ער זיך פאַרנייגט מיט אַן אַלט־פראַנצויזישער גראַציע, האָט געדאַנקט פאַר דעם בייפאַל, וואָס מען האָט איהם געשענקט, און האָט זיך גענומען די פרייהייט פאַרצושטעלען פאַר דעם גערעהרטען פובליקום דאָס אויסערגעוועהנליכסטע ספּעקטאַקעל וואָס מען האָט ווען באוואונדערט אויף דעם ענגלישען באָדען. „זעהט איהר אָט יענע פּערזאָן“ — האָט ער אויסגערופען נאָכדעם ווי ער האָט אָנגעטאָן אַ פּאָר שמוציגע גליים הענטשקעס, און האָט אריינגעפיהרט אין מיטען קרייז דאָס יונגע מיידעל, וואָס האָט געהערט צו דער געזעלשאַפט, — „אָט די פּערזאָן איז מאַדמאָאַזעל לאוראַנס, די איינציגע טאָכטער פון דער ערהאַבענער און קריסטליכער דאַמע, וועלכע איהר זעהט דאָרט מיט דער גרויסער פּויק און וועלכע טראָגט נאָך איצטער טרויער, נאָך איהר פאַר־שטאָרבענעם הארציג געליעבטען מאַן, דעם גרעסטען בויכרעדנער פון אייראָפּאַ! מאַדמאָאַזעל לאוראַנס וועט איצטער טאַנצען! באַוואונדערט איצטער דעם טאַנץ פון מאַדמאָאַזעל לאוראַנס!“ — נאָך די דאָזיגע ווערטער האָט ער ווידער געקרעהט ווי אַ האָהן.

דאָס יונגע מיידעל האָט אָבער אויסגעזעהן, ווי זי וואָלט זיך גאָר ניט אומגעקוקט ניט אויף זיינע רייד און ניט אויף די בליקען פון די צושויער, פאַרדראָסיג אריינגעטראַכט אין זיך אַליין האָט זי געוואַרט ביז דער קאַרליק האָט אויסגעשפּרייט פאַר איהרע פיס אַ טעפּיך און ער האָט ווידער אָנגעהויבען צו שפּיעלען אויף זיין טריאַנגעל און די פּויק האָט באַלייט. דאָס איז געווען אַ מאָדנע מוזיק. אַ צוזאַמענמישונג פון אַ אויסטערלישען געברום און תאוה־דיגען קיצלען. און איך האָב פאַרנומען אַ פּאַטעטיש נאַרישע, אומע־טיג חוצפה'דיגע זאָנדערבאַרע מעלאָדיע. איך האָב אָבער באַלד

פארגעסען די מוזיק, אזוי שנעל ווי דאס מיידעל האט אנגעהויבען צו טאנצען.

דער טאנץ און די טענצערין האבען כמעט ווי מיט געוואלד צוגעצויגען מיין גאנצע אויפמערקזאמקייט. דאס איז ניט געווען דאס קלאסישע טאנצען, וועלכעס מיר געפינען נאך אין אונזערע גרויסע באלעטען, וואו עס הערשען נאר אויסגעצויגענע איינהייטען און געקינצעלטקייטען; דאס זענען ניט געווען יענע געטאנצטע אלעקסאנדרינען, יענע דעקלאמאטארישע שפרינגע, יענע אנטיטהע־טישע אנטרשאען, יענע עדעלע לייחדענשאפט, וואס דרעהט זיך אזוי ווידערווילינ ארום אויף איין פוס, אז מען זעהט ניט מעהר ווי הי־מעל און טריקא, ניט מעהר ווי אידעאליטעט און ליגען! מיר איז ווירקליך קיין זאך אזוי ניט דערווידער ווי דאס באלעט אין דער גרויסער פאריזער אפער. וואו די טראדיציאן פון יענעם קלאסישען טאנצען האט זיך דערהאלטען צום ריינסטען, אין דער צייט וואס די פראנצויזען האבען אין די איבעריגע קונסטען, אין דער פאע־זיע, אין דער מוזיק און אין דער מאלעריי אומגעווארפען דאס קלא־סישע סיסטעם. עס וועט אבער פאר זיי זיין שווער ארויסצורופען אן עהנליכע רעוואלוציאן אויף אין דער טאנצקונסט. סאידען זיי זאלען אויך דא ווי אין זייער פאליטישער רעוואלוציאן זיך נעמען צום טעראר, און וועלען די פארעלטערטע טענצער און טענצערינס פון דעם אלטען רעזשים גילאטינירען די פיס. מאדמאאזעל לאור־ראנס איז ניט געווען קיין גרויסע טענצערין. איהרע שפיץ־פינגער זענען ניט געווען זעהר בויגיג, איהרע פיס זענען ניט געווען גע־איבט אין אלע מעגליכע פארדרעהענישען, זי האט גאר ניט פאר־שטאנען פון דער טאנצקונסט, לויט ווי וועסטרים לערנט זי, זי האט אבער געטאנצט ווי די נאטור הייסט דעם מענשען טאנצען: איהר גאנץ וועזען איז געווען אין אנקלאנג מיט איהר פא. ניט בלויז איהרע פיס, נאר איהר גאנצער לייב האט געטאנצט, איהר געזיכט האט געטאנצט... צייטענווייז איז זי געווארען בלאס, כמעט טויטענ־בלאס, איהרע אויגען האבען זיך געעפענט געשפענסטיש ווייט, ארום איהרע ליפען האט געצוקט באגעהר און שמערץ, און איהרע שווארצע האר וואס האבען ארומגענומען איהרע שלייפען אין גלא־

טע אָוואַלען, האָבען זיך באַוועגט ווי צוויי פלאַטערדיגע ראָבען־פליגעל. דאָס איז, אמת, ניט געווען קיין קלאַסישער טאַנץ, אָבער אויך ניט קיין ראָמאַנטישער טאַנץ, אין דעם זין ווי עס וואָלט עס געזאָגט אַ יונגער פראַנצויז פון אייזשען רענדועלס שולע. דער דאָזיגער טאַנץ האָט ניט געהאַט אין זיך ניט קיין בוקליגעס, און קיין מאַקאַבירישעס. עס איז געווען ניט קיין לבנה־שיין און ניט קיין בלוטשאַנד... דאָס איז געווען אַ טאַנץ, וועלכער האָט ניט גע־שטרעבט צו אמוזירען דורך אויסערליכע באַוועגונגס־פאָרמען נאָר עס האָט זיך געדאַכט די אויסערליכע באַוועגונגס־פאָרמען זענען די ווערטער פון אַ באַזונדערער שפּראַך, וואָס ווילען דערצעהלען עפּיס באַזונדערעס. וואָס אָבער האָט דער דאָזיגער טאַנץ דערצעהלט? איך האָב עס ניט געקענט פאַרשטעהן. כאָטש די דאָזיגע שפּראַך האָט זיך געמעגט אויס־דריקען ווי ליידענשאַפטליך. איך האָב נאָר ווייל־ענווייז עפּיס געהאַט אַ פאַרגעפיהל, אַז דאָ האַנדעלט זיך וועגען עפּיס גרויענהאַפט שמערצליכעס. איך, וואָס באַגרייף אַזוי לייכט די סיגנאַטור פון אַלע ערשיינונגען, איך האָב דאָך ניט גע־קענט אויפלעזען אָט דאָס געטאַנצטע רעטעניש, און דאָס וואָס איך האָב זיך אומזיסט באַמיהט צו דערגעהן דעם זין פון אָט דעם רע־טעניש, דערין איז זיכער שולדיג געווען די מוזיק, וואָס האָט מיך געווים אַבזיכטליך פאַרפיהרט אויף פאַלשע וועגען און האָט גע־פרואווט אויף אַ כיטרע אופן מיך צוצומישען און האָט מיך נאָר בסדר געשטערט. מאַסיע טיורליוטיו'ס טריאַנגעל האָט ווייל־ענווייז געכיכעט מיט אַזויפיעל באַהאַלטענעם רשעות! די מאַדאַם־מוטער האָט אָבער געקלאַפּט אויף דער פויק מיט אַזאַ כעס, אַז איהר גע־זיכט האָט אַרויסגעגליהט פון איהר שוואַרצער מיץ ווי אַ בלוט־רויט צפון־ליכט.

ווען די טרופּע איז שוין געווען אַוועקגעגאַנגען, בין איך נאָך אַ לאַנגע צייט געבליבען שטעהן אויף דעם פּלאַץ, און האָב נאָכגע־טראַכט וואָס דער דאָזיגער טאַנץ האָט געקענט באַטייטען. איז דאָס געווען אַ דרום־פראַנצויזישער אָדער אַ שפּאַנישער טאַנץ? אַז עפּיס עהנליכעס האָט דערמאָנט די שנעלקייט מיט וועלכער די טענצערין האָט געוואָרפען איהר גופ'על אַהין און אַהער און די

ווילדקייט מיט וועלכער זי האָט טיילמאָל פאַרוואָרפען אויף הינטען דאָס קעפּיל אויף דעם זינדיגען אופן, מיט וועלכען עס טוען דאָס יענע באַקכאַנטינען, וועלכע מיר באַטראַכטען מיט שטוינען אויף די רעליעפס פון די אַלט קלאַסישע וואַזען. איהר טאַנץ האָט דאַן געהאַט עפּיס שכור׳עס ווילענלאָזעס; עפּיס פינסטער אונאַבוועגדבאַרעס, עפּיס פאַטאַליסטישעס. זי האָט דאַן געטאַנצט דאָס שיקזאַל, אָדער זענען עס אפשר געווען פראַגמענטען פון א פאַרצייטיגער לאַנג שוין פאַרגעסענער פאַנטאָמימע? אָדער זענען דאָס אפשר געווען געטאַנצטע פּריוואַט געשיכטען? טיילמאָל האָט זיך דאָס מיידעל אָנגעבויגען צו דער ערד מיט א לויערענדיג אויער, ווי זי וואָלט הערען א שטים, וואָס רעדט אַרויף צו איהר... זי האָט דערמאָלט געציטערט ווי אַן עספּען־בלאַט. האָט זיך ראַש פאַרבייגט אויף דער אַנדערער זייט, האָט פון זיך אָפּגעשאָקעלט אַלע ווילדסטע אויסגעלאַסענסטע שפּרינג, האָט דאַן ווידער צוגעלעגט דאָס אויער צו דער ערד, האָט זיך צוגעהערט נאָך מיט מעהר שרעק ווי פריהער, האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, איז געוואָרען רויט און בלאַס, און האָט געשווידערט, איז א ווײַלע געבליבען שטעהן גלייך ווי א ליכט און ווי פאַרשטיינערט, און ענדליך האָט זי געמאַכט א באַוועגונג ווי איינער, וואָס וואַשט זיך די הענד. איז דאָס געווען בלוט, דאָס וואָס זי האָט אזוי זאָרגפעלטיג לאַנג, אזוי גרויענהאַפט זאָרגפעלטיג אָפּגעוואַשען פון איהרע הענד? זי האָט דערביי געוואָרפען אין דער זייט א בליק, וואָס איז געווען אזוי בעטענדיג, אזוי די נשמה ריהרענדיג... און אָט דער בליק איז צופעליג געפאַלען אויף מיר.

די גאַנצע נאַכט נאָכדעם האָב איך געטראַכט וועגען דעם דאָזיגען בליק, וועגען דעם טאַנץ, און וועגען דעם אויסערגעוועהנליכען אַקאָמפּאַנימענט; און ווען איך האָב אויף צו מאָרגענס, ווי מיין שטייגער איז, אַרומגעשלענדערט אין די גאַסען פון לאָנדאָן, האָב איך געפיהלט א בענקענדיגען פאַרלאַנג, נאָכאַמאָל צו באַגעגנען די שענע טענצעריןֿ, און איך האָב נאָר כסדר געהאַלטען אין איין אָנשטעלען די אויערען, טאָמער וועל איך דערהערען די מוזיק פון דער פּויק און דער טריאַנגעל. איך האָב אין לאָנדאָן ענדליך

געפונען עפּיס, וואָס האָט מיך פאַראינטערעסירט, און איך האָב זיך שוין ניט מעהר ארומגעדרעהט אַהן אַ צוועק אין איהרע גענעצדיגע גאַסען.

מיט אמאָל ווען איך בין נאָר וואָס געקומען פון טאוער, וואו איך האָב געהאט גענוי באטראכט די האַק מיט וועלכער מען האָט אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ פון אַנאַ באָלעין, און אויך די דימענטען פון דער ענגלישער קרוין, און די לייבען, האָב איך אויף דעם טאוער־פּלאַץ אין מיטען פון אַ גרויסען קרייז מענשען ווידער דערזעהן די מאַדאַם מוטער מיט דער גרויער פּויק און האָב דערהערט ווי מאַסיע טיורליוטיו קרעהט ווידער ווי אַ האַהן. דער געלערנטער הונד האָט ווידער צונויפגעשאַרט די העלדישקייט פון לאָרד וועלינגטאָן, דער קאַרליק האָט ווידער געוויזען זיינע טערצען און קוואַרטען, וואָס קיינער וועט ניט קענען נאָכמאַכען, און מאַדמאָאזעל לאָוראַנס האָט ווידער אָנגעהויבען איהר וואונדערבאַרען טאַנץ. עס זענען איצטער ווידער געווען דיזעלביגע רעטזעלהאַפטע באַוועגונגען, די זעלביגע שפּראַך, וועלכע האָט געזאָגט עפּיס, וואָס איך האָב ניט פאַרשטאַנען, דאָס זעלביגע שנעלע פאַרוואַרפען דעם שענעם קאָפּ אויף הינטען, דאָס זעלביגע צוהערען זיך צו דער ערד, דער שרעק, וועלכען זי וויל פון זיך אראָפּוואַרפען דורך אַלץ ווילדערע שפּרינג, און ווידער דאָס צוהערען זיך מיט אויערען צוגעבויגט צו דער ערד, דאָס ציטערען, דאָס בלאַס ווערען, דאָס פאַרשטיינערט ווערען, דערנאָך אויך דאָס פורכטבאַר געהיימניספולע וואַשען די הענד, און ענדליך דער בעטענדיגער זייטיגער בליק, וואָס האָט זיך דאַמאָלט נאָך לענגער אָפּגעשטעלט אויף מיר.

יאָ, די ווייבער, די יונגע מיידלעך פונקט אַזוי גוט ווי די פרויען, באַמערקען גלייך, אַז זיי האָבען צוגעצויגען די אויפמערק־זאַמקייט פון אַ מאַן. און הגם מאַדמאָאַזעל לאָוראַנס, ווען זי האָט ניט געטאַנצט האָט זי אַלעמאָל רעגונגסלאָז געקוקט פאַרדראָ־סיג פאַר זיך, און ווען זי האָט געטאַנצט האָט זי נאָר טיילמאָל גע־וואָרפען איין איינציגען בליק אויף דעם פּובליקום, איז עס אבער פון איצטער אָן שוין ניט געווען קיין בלויזער צופאַל, ווען אַט דער בליק איז געפאַלען אויף מיר. און וואָס אָפטער איך האָב זי גע־

זעהן טאנצען, אלס באדייטונגספולער האט זי געשטראהלט, אבער אויך אלץ אונבאגרייפליכער. איך בין געווען ווי פאר׳כשופ׳ט פון דעם דאזיגען בליק. און דריי לאנגע וואכען האב איך זיך ארומ־געטריבען אין די לאנדאנער גאסען פון אין דער פריה ביז פאר נאכט, און זיך אומעטום אפגעשטעלט וואו מאדמאאזעל לאוראנס האט געטאנצט. טראץ דעם גרויסען טומעל פון דעם פאלק, האב איך דאך געקענט פארנעמען די טענער פון דער פויק און פון דער טריאנגעל, ווען אפילו איך האב זיך געפונען גאר ווייט, און מאסיע טיורליוטיו, אזוי שנעל ווי ער האט מיך נאר דערזעהן אנקומען, האט ער אנגעהויבען מיט זיין פריינדליכען קרעהען. און הגם איך האב ניט אויסגערעדט קיין אייןווארט ניט מיט איהם, ניט מיט דער מאדאם־מוטער, ניט מיט מאדמאאזעל לאוראנס און אויך ניט מיט׳ן הונד, האט דאךביים סוף אויסגעזעהן ווי איך וואלט באלאנגט צו זייער געזעלשאפט. ווען מאסיע טיורליוטיו האט צוזא־מענגענומען געלד, איז אזוי שנעל ווי ער האט מיך דערזעהן, פלעגט ער זיך באנעהמען מיט דעם פיינסטען טאקט, און ער פלעגט אלע־מאל קוקען אויף דער אנדערער זייט, ווען איך פלעג איהם אריינ־ווארפען א קליינע מטבע אין זיין דריי־עקיגען היטעלע. ער האט ווירקליך פארמאגט אן אריסטאקראטישען אויסזעהן. ער פלעגט מיך דערמאנען אן די גוטע מאניערען פון דער פארגאנגענהייט. מען האט עס געקענט באמערקען אן דעם קליינעם מענשעלע, אז ער איז אויפגעוואקסען מיט מאנארכען, און דערפאר איז עס געווען נאך מאדנער, ווען ער פלגעט צייטענווייז פארגעסען אן זיין ווירדע, און קרעהען ווי א האהן.

איך קען אייך ניט באשרייבען, ווי שטארק מיך האט פאר־דראסען, ווען איך האב איינמאל גאנצע דריי טעג אומזיסט ארומ־געזוכט די קליינע טרופע אין אלע גאסען פון לאנדאן, און האב ענדליך פארשטאנען, אז זי האט פארלאזען די שטאדט. די לאנג־ווייליקייט האט מיך ווידער גענומען אין איהרע בלייערנע ארעמס און האט מיר ווידער צוזאמענגעפרעסט דאס הארץ. איך האב עס ענדליך מעהר ניט געקענט אויסהאלטען, האב איך געזאגט א זייי־געזונד צו די פיער שטאנדען פון ענגלאנד, דעם „מאב“, די

„בלעקגאַרדס“, די „זשענטעלמען“ און די „פּעשיאַנעבעלס“. און בין צוריקגעפאָהרען אויפ'ן ציוויליזירטען לאַנד, וואו איך האָב אַ בעטענדיגער זיך געלאָזט אויף דער קניה פאַר דער ערשטער בעסטער ווייסער שירץ פון אַ קוכער, וועלכען איך האָב דאָרט באַגעגענט צום ערשטען. דאָ האָב איך ווידער געקענט אַמאָל אָפּעסען אַ מיטאָג ווי אַ פאַרנינפטיגער מענש און דערקוויקען מיין נשמה מיט דער געמיטליכקייט פון אונאייגעניציגע געזיכטער. אָבער מאַדמאַאַזעל לאַוראַנס האָב איך מעהר ניט געקענט פאַר־געסען. אַ לאַנגע צייט האָט זי געטאַנצט אין מיין זכרון. אין איינ־זאַמע שטונדען האָב איך אָפטמאָל געמוזט זיך פאַרטראַכטען וועגען די רעטזעלהאַפטע פאַנטאַמימען פון דעם שענעם קינד. באַזונ־דערס אָבער דאָס צוהערען זיך מיט'ן אויער צוגענייגט צו דער ערד. עס האָט אויך געדויערט אַ היבשע צייט, איידער עס זענען אויסגעגאַנגען אין מיין זכרון די מעלאָדיען פון דער פּויק און דער טריאַנגעל.

— און דאָס איז די גאַנצע געשיכטע? — האָט מיט אַמאָל אויסגעצויגען מאַריע, נאָכדעם ווי זי האָט זיך ליידענשאַפּטליך אַ הויב געטאָן.

מאַקסימיליאַן אָבער האָט זי ווידער אַוועקגעלייגט, האָט פול מיט באַדייטונג צוגעלייגט דעם אָנווייז־פינגער צום מויל און געזאָגט שטילערהייד: — שטיל! שטיל! נאָר ניט גערעדט! ליגט אייך ווידער אַזוי רוהיג און איך וועל אייך דערצעהלען דעם סוף פון דער מעשה. נאָר איך בעט אייך האַקט מיך ניט איבער.

און נאָכדעם ווי ער האָט זיך נאָך באַקוועמער צוריקגעלעהנט אין שטוהל, האָט מאַקסימיליאַן ווייטער דערצעהלט די געשיכטע אַזוי:

אין פינף יאָהר אַרום נאָך דער באַגעגעניש, בין איך צום ערשטען מאָל געקומען קיין פּאַריז. און דאָס, אין אַ זעהר מערקוויר־דיגער צייט. די פראַנצויזען האָבען נאָר וואָס געהאַט געענדיגט דאָס ספּעקטאַקעל פון דער יולי־רעוואָלוציאָן. און די גאַנצע וועלט האָט אַפּלאָדירט. אָט דאָס שטיק איז ניט געווען אַזוי שרעקליך ווי די פריהערדיגע טראַגעדיען פון דער רעפּובליק און דער קייזערליכער

ממשלה. אויף דעם שלאַכטפעלד זענען בלויז פֿאַרבליבען עטליכע טויזענד טויטע, אויך זענען די פּאָליטישע ראָמאַנטיקער ניט געוועזן זעהר צופֿריעדען און האָבען מודיע געוועזן וועגען א נייעם ספּעקטאַקעל, ביי וועלכען עס וועט רינען מעהר בלוט, און וואו דער תליון וועט האָבען מעהר אַרבייט.

פֿאַריז האָט מיך זעהר גענומען דורך דער הייטערקייט, וואָס ווייזט זיך דאָרט אַרוים אין אַלע ערשיינונגען און איבט אויס איהר איינפֿלוס אפילו אויף גאַנץ פֿינסטערע געמיטער. מאָדנע! פֿאַריז איז די ביהנע, וואו עס ווערען אויפֿגעפֿיהרט די גרעסטע טראַגעדיען פֿון דער וועלט־געשיכטע: טראַגעדיען, ביי וועמענס ערינערונג עס ציטערען אויף די הערצער אפילו אין די ווייטסטע לענדער, און די אויגען ווערען נאַס; אבער די צושויער פֿון אַט די גרויסע טראַגעדיען, דערגעהט עס דאָ אין פֿאַריז פּונקט אזוי ווי עס איז אַמאָל דערגאַנגען מיר, אין דעם פּאָרט סען־מאַרטענישען טעאַטער, ווען איך האָב געזעהן אויפֿיהרען דאָס שטיק Tour de Nesh מיר איז געראָד אויסגעקומען צו זיצען הינטער א דאַמע, וועלכע האָט געטראָגען א הוט פֿון ראָזאַ־רויטער גאַזע. און דער הוט איז געוועזן אַזאַ ברייטער, אַז זי האָט פֿון מיר אין גאַנצען פֿאַרשטעלט די ביהנע. און אַלץ וואָס איז דאָרטען געשפּיעלט געוואָרען, האָב איך נאָר געזעהן דורך דער רויטער גאַזע פֿון אַט דעם הוט, און אזוי איז דער גאַנצער גרויל פֿון דער Tour de Nesh ערשיענען פֿאַר מיר אין דעם הייטערסטען ראָזאָווען ליכט. יאָ, אין פֿאַריז איז פֿאַראַן אַזאַ ראָזאָווע ליכט, וועלכעס מאַכט פֿרעהליכער פֿאַר דעם נאָהענטען צוקוקער אַלע טראַגעדיען, כדי זיין לעבענס־גענוס זאָל ניט קאַליע ווערען. אפילו די שרעקענישען וואָס מען האָט מיטגעבראַכט אין דעם אייגענעם הארץ קיין פֿאַריז פֿאַרלירען דאָרט דעם מורא'דיגען שוידער. די שמערצען ווערען מאָדנע באַרוהיגט. אין דער דאָזיגער לופֿט פֿון פֿאַריז, ווערען די וואונדען שנעלער אויסגעהיילט ווי ערגיץ אַנדערש; אין אַט דער לופֿט איז פֿאַראַן עפּיס אַזאַ גרויסמוטיגעס, אַזאַ מילדעס, אַזאַ ליעבענסווירדיגעס, ווי אין פֿאָלק גופֿא.

וואָס מיר איז צום בעסטען געפֿעלען ביי די פֿאַריזער מענ־

שען, דאָס איז געווען זיין העפליכקייט און זיין אריסטאָקראַטיש־קייט. זיסער אַנאַנאַנס דופט פון דער העפליכקייט! ווי וואוילטע־טיג האָסטו דערקוויקט מיין קראַנקע נשמה וואָס האָט אין דייטש־לאנד אין זיך אריינגעזויגען אזוי פיעל טאַבאַקרויך, זויערקרויט און גראָבקייט! פונקט אזוי ווי ראָסיני׳ס מעלאָדיען האָבען אין מיי־נע אויערען געקלונגען די העפליכע ענטשולדיגונגס־רעדען פון אַ פראַנצויז, וועלכער האָט אין ערשטען טאָג פון מיין אַנקומען קיין פאַריז, מיר אַ לייכטען שטויס געטאָן אין דער גאַס. איך האָב זיך כמעט דערשראָקען פאַר אזאַ זיסער העפליכקייט. איך, וואָס איך בין געווען געוואוינט צו די דייטשע גראָבע ריפּענשטויסען אָהן ענטשולדיגונג. אין דער ערשטער וואָך, וואָס איך האָב זיך אויפ־געהאַלטען אין פאַריז, האָב איך עטליכע מאָל אומישנע געוואָלט געשטויסען ווערען, בלויז נאָר צוליעב דעם, כדי איך זאָל קענען הערען אָט די זיסע מוזיק פון די ענטשולדיגונגס־רעדען. אבער ניט נאָר מיט דער דאָזיגער העפליכקייט אליין, נאָר אויך מיט זיין שפּראַך האָט פאַר מיר דאָס פראַנצויזישע פאָלק געהאַט אַ געוויסען שטריך פון אריסטאָקראַטישקייט. וואָרים איהר ווייסט, ביי אונז אין צפון געהערט די פראַנצויזישע שפּראַך צו די אַטריבוטען פון דעם הויכען אדעל. מיט דעם פראַנצויזיש־רעדען האָב איך נאָר פון קינדווייז אָן פאַרבונדען די אידעע פון אַריסטאָקראַטישקייט. און וועלכע ניט איז פאַריזער דאַמע **de la Halle** רעדט בעסער פראַנצויזיש, ווי אַ דייטשע מיוחס׳דיגע דאַמע פון פיער און זעכציג אבות.

צוליעב דער דאָזיגער שפּראַך, וואָס גיט איהם אַן אַריסטאָ־קראַטיש אויסזעהן, איז דאָס פראַנצויזישע פאָלק געווען אין מיינע אויגען עפּיס אזוינס ליעבעס פאַבעלהאַפטעס. דאָס איז ווידער געקומען פון אַן אַנדערער ערינערונג אויס מיין קינדהייט. וואָרים דאָס ערשטע בוך אין וועלכען איך האָב געלערנט פראַנ־צויזיש, זענען געווען די פאַבלען פון לאַ פאָנטעין; די נאַאיוו־שכל־דיגע פראַזען פון אָט דעם בוך האָבען זיך אזוי איינגעקריצט אין מיין זכרון, אז איך וועל זיי קיינמאָל ניט קענען פאַרגעסען, און ווען איך בין אַנגעקומען אין פאַריז און האָב אומעטום געהערט

רעדען פראַנצויזיש, האָט דאָס מיך כסדר דערמאָנט אָן די לאַ פאָנטעינ'שע פאַבעלן. מיר האָט זיך אַלץ געדוכט, אַז איך הער די וואוילבאַקאַנטע שטימען פון די חיות; איצטער האָט גערעדט דער לייב, דערנאָך ווידער האָט גערעדט דער וואָלף, דערנאָך דאָס לעמעלע, אָדער דער בושעל, אָדער די טויב. ניט זעלטען האָט זיך מיר אויך געדאַכט, אַז איך הער דעם פוקס, און אין מיין זכרון האָבען זיך טײלמאָל אויפגעכאַפּט די ווערטער:

**Eh! bonjour, monsieur du Corbeau!**
Que vous etes joli! que vous me semblez beau.

אַזעלכענע פאַבעלהאַפטע ערינערונגען האָבען אָבער אין מיין נשמה אויפגעוואַכט נאָך פיעל אָפטער, ווען איך בין אין פּאַריז אַנגעקומען אין יענער געגענד, וועלכע מען רופט די וועלט. דאָס איז טאַקי געווען יענע וועלט, וועלכע האָבען דעם פאַרשטאָרבענעם לאַ פאָנטעין צוגעשטעלט די כאַראַקטערען פון חיות. דער ווינטער סעזאָן האָט זיך אַנגעהויבען באַלד נאָכדעם ווי איך בין אַנגעקומען קיין פּאַריז, און איך האָב אַנטייל גענומען אין יענעם סאַלאָן לעבען, אין וועלכער יענע וועלט טרייבט זיך אַרום. אַלס דאָס אינטערעסאַנטסטע פון יענער וועלט האָט מיך ניט אויף אַזוי פיעל איבעראַשט די גלייכהייט פון די זיטען, וואָס הערשט דאָרטען, ווי די פאַרשיעדענקייט פון איהרע באַשטאַנדטיילען. טײלמאָל ווען איך האָב מיר אין אַ גרויסען סאַלאָן באַטראַכט די מענשען, וועלכע האָבען זיך דאָרטען פרידליך פאַרזאַמעלט, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך געפין זיך אין אַ פּאַלאַץ פון זעלטענהייטען, וואו עס געפינען זיך די רעליקוויען פון אַלע צייטען איינער לעבען דעם אַנדערן: אַ גריכישער אַפּאָלאָ לעבען אַ כינעזישער פּאַגאָדע, אַ מעקסיקאַנישער וויצליפּוצלי לעבען אַ גאָטישען „עקצע־האָמאָ“, עגיפּטישע געצען מיט הינטישע קעפּ, הייליגע פּעטישען פון האָלץ, פון עלפענביין, פון מעטאַל א. אז. וו. איך האָב דאָרטען געזעהן אַלטע מוסקעטיערס, וועלכע האָבען אַמאָל געטאַנצט מיט מאַריע אַנטואַנעטע, רעפּובליקאַנער, וואָס זענען פאַרגעטערט געוואָרען אין דער Assemblee Nationale מאָנטאַניאַרען אָהן באַרמהערציקייט און אָהן פלעקען; אַמאָליגע די־

רעקטאריאל־מענער, וואס האבען פארנומען א הויכען פלאץ אין דעם לוקסעמבורג, גרויסע חשוביםביים קייזער, פאר וועמען גאנץ אייראפא האט געציטערט, הערשענדע יעזואיטען פון דער רעסטאראציאן, קורץ ליוטער אפגעפארבטע, אפגעבלאקירטע גאטהייטען פון אלע צייטען און אין וועלכע קיינער גלויבט ניט מעהר. די נעמען האילען ווען זיי באריהרען זיך, אבער די מענשען זעהט מען פריעדליך און פריינדליך שטעהען איינער לעבען אנדערן. ווי די אנטיקיטעטען אין די דערמאנטע ביידלעך פון דעם **Quai Voltaire** אין די גערמאנישע לענדער, וואו די ליידענשאפטען קענען וועניגער דיסציפלינירט ווערען, וואלט א געזעלשאפטליך צוזאמענלעבען פון אזעלכענע ניט גלייכע פערזאנען געווען אין גאנצען אונמעגליך. אויך איז ביי אונז אין קאלטען צפון דאס באדערפעניש צו רעדען ניט אזוי שטארק, ווי אין דעם ווארימערן פראנקרייך, וואו די גרעסטע שונאים, ווען זיי קומען זיך צוזאמען אין א סאלאן, קענען זיי ניט פארטראגען קיין פינסטער שטילשווייגען. אויך איז אין פראנקרייך דער פערלאנג געפעלען צו ווערען אזוי גרויס, אז מען גיט זיך די שטארקסטע מיה, ניט נאר די פריינד צו געפעלען, נאר אויך די שונאים. דא קומט פאר א שטענדיג דראפירערן און קאקעטירען. און די ווייבער מוזען זיך שטארק באמיהען די מענער איבערצוטרעפען אין זייערע קאקעטרייען; אבער עס געלינגט זיי פון דעסטוועגען.

איך בין מיט דער דאזיגער באמערקונג ניט אויסען געווען קיין שלעכטס. און זיכער ניט קיין שלעכטס בנוגע די פראנצויזישע פרויען, און צום ווינציגסטען נאך בנוגע די פאריזערינס. בין איך דאך זייער גרעסטער פארעהרער. און איך פארעהר זיי נאך מעהר פאר זייערע חסרונות ווי פאר זייערע מעלות. איך קען ניט עפיס פאסיגערעס ווי די לעגענדע, אז די פאריזערינס קומען אויף דער וועלט מיט אלע חסרונות וואס זענען נאר מעגליך, אז אבער א ליעבע פעע דערבארעמט זיך איבער זיי, און באשענקט יעדען פון איהרע פעהלער מיט אזא כשוף, דורך וועלכען דער פעהלער אליין הויבט אן צו ווירקען ווי א נייער ליעבע רייץ. די דאזיגע ליעבע פעע איז די גראציע. זענען די פאריזערינס שען? ווער קען דאס וויסען?

ווער קען דען דורכקוקען אלע אינטריגען פון דעם טואלעט, ווער קען דען אויסגעפינען צי דאס איז דאס אמת'ע, דאס וואס דער טיול דעקט אויף, אדער צי איז פאלש דאס וואס דאס אנגעפופטע זיידענצייג גרויסט זיך דערמיט? און ווען דעם אויג געלינגט שוין אריינצודרינגען דורך דער שאל, און אט האלטען מיר שוין דער־ביי צו דערפארשען דעם קערן, דאן הילט ער זיך גלייך איין אין א נייער שאל. און נאכדעם ווידער אין א נייער, און דורך דעם דאזיגען שטענדיגען איבערבייטען פון די מאדעס, מאכען זיי צו־נישט דעם שארפען בליק פון דעם מאנסביל. זענען זייערע גע־זיכטער שען? אויך דאס איז שווער צו זאגען. ווארים אלע זייערע געזיכטסצוגען זענען אין א שטענדיגער באוועגונג. יעדע פאריזע־רין האט טויזענד פנימ'ער. איינס לאכענדיגער, גייסטרייכער און חנ'עוודיגער ווי דאס אנדערע. און ברענגט אין א פארלע־גענהייט דעם, וואס וויל זיך אויסקלייבען דאס שענסטע פנים, אדער ווען ער וויל גאר אויסגעפינען וועלכעס עס איז דאס אמת'ע פנים. זענען זייערע אויגען גרויס? וואס ווייס איך! מיר אונטערזוכען נים לאנג דעם קאליבער פון די קאנאנען, ווען זייערע קוילען האקען אונז דעם קאפ אראפ. און ווען זיי טרעפען נים, אט די אויגען, דאן וועניגסטענס פארבלענדען זיי מיט זייער פייער, און ער איז צו־פריעדען, ווען ער קען זיך האלטען אויף אזא שטרעקע, אז ער איז זיכער פון דערשאסען צו ווערען. איז דער רוים צווישען דער נאז אין מויל ברייט אדער שמאל? טיילמאל איז ער ברייט — ווען זיי פארציהען די נאז; טיילמאל איז ער שמאל — ווען די אויבערש־טע ליפ ציהט זיך אן איבערמוטיג. איז דאס מויל גרויס אדער קליין? ווער קען וויסען וואו עס הערט אויף דאס מויל און וואו עס הויבט זיך אן דאס שמייכעלע? כדי ארויסצוטראגען א ריכ־טיגען אורטייל, מוז דער בעאורטיילער אין דעם געגענשטאנד פון דער בעאורטיילונג זיך געפינען אין א צושטאנד פון רוה. ווער קען אבער רוהיג זיין ביי א פאריזערין, און וועלכע פאריזערין איז דאס ווען רוהיג? עס זענען פאראן מענשען, וואס גלויבען, אז זיי קע־נען דעם שמעטערלינג גאנץ גענוי באטראכטען, ווען זיי האבען איהם מיט דער נאדעל צוגעשטאכען צום פאפיער. דאס איז אבער

פונקט אזוי נאַריש ווי גרויזאם. דער צוגעשטאָכענער רוהיגער שמע־טערלינג איז שוין מעהר ניט קיין שמעטערלינג. דעם שמעטערלינג מוז מען באטראכטען ווען ער פלאַטערט ארום די בלומען... און די פאריזערין מוז מען באטראכטען ניט אין איהר באַלעבאַטישקייט, וואו זי איז באפעסטיגט מיט דער נאָדעל אין דער ברוסט, נאָר אין סאַלאָן, אויף אבענדען און בעלער, ווען זי פלאַטערט ארום מיט די געשטיקטע גאַזע און זיידענע פליגעל, אונטער דער בליצענדיגער קריסטאַל־קרוין פון דער פרייד. דאַן אנטפּלעקט זיך ביי זיי א האַס־טיגער פארלאַנג צום לעבען, א באגעהר צו א זיסער פאר׳שכור׳ונג, א לעכצען צו שכרות, דורך וועלכען זי ווערט כמעט גרויענהאפט פארשענערט און געווינט אזא חן, וועלכער אי ער ענטציקט אונזער נשמה און אי ער צוטרייסעלט אונז.

דער דאָזיגער דורשט צו געניסען דאָס לעבען, גלייך ווי דער טויט וועט זי אין א שעה שפּעטער שוין אוועקרופען פון אָט דעם שפּרודעלדיגען קוואַל פון געגוס, אָדער גלייך ווי די דאָזיגע קוואַל וועט אין א שעה שפּעטער שוין זיין פארזיגעלט, — דער דאָזיגער האַסט, דער דאָזיגער כעס, דער דאָזיגער שגעון פון די פאריזערינס, ווי ער ווייזט זיך באזונדערס ארויס אויף בעלער, דערמאָנט מיך אַלעמאָל אָן דער לעגענדע וועגען די טויטע טענצערינס, וועלכע מען רופט ביי אונז „ווילים“. לויט דער לעגענדע זענען אָט די טענצערינס יונגע כלות, וואָס זענען געשטאָרבען פאר דעם טאָג פון זייער חתונה. זיי האָבען אבער אין זייער הארצען אזוי געוואַל־דיג בעהאַלטען דעם אונבאפרידיגטען חשק צום טאַנצען, אז יעדע נאַכט שטעהען זיי אויף פון זייערע קברים, און פארזאַמלען זיך מחנות׳ווייז אויף די וועגען, און ווען עס קומט די האַלבע נאַכט, לאָזען זיי זיך אוועק אין די ווילדסטע טענץ. אויסגעפּוצט אין זייע־רע חתונה־קליידער מיט בלומענקרענץ אויף די קעפּ, פינקעלדיגע רינגען אויף די בלייכע הענד, שוידערליך לאַכענדיג און אויסטער־ליש שען טאַנצען די ווילים אין לבנה־שיין און זיי טאַנצען וואָס אמאָל אלץ ווילדער און צורייצטער, וואָס מעהר זיי פיהלען אז די טאַנץ־שעה וואָס איז זיי געגעבען, דערנעהנטערט זיך צום סוף,

און זיי וועלען ווידער מוזען אריינקריכען אין דער אייזיגער קעלט פון קבר.

עס איז געווען אויף א אבענד אין Chaussee d'Autin וואו אזא באטראכטונג האט מיר זעהר טיעף אויפגעריהרט די נשמה. דאס איז געווען א גלענצענדער אבענד, און קיין זאך האט ניט געפעהלט פון די געוועהנליכע טראדיציאנעלע באדינגונגען וואס קענען שאפען דעם געזעלשאפטליכען פארגעניגען: גענוג ליכט באלויכטען צו ווערען; גענוג שפיגלען כדי זיך צו קענען באטראכטען; גענוג מענשען כדי צו קענען היים ווערען; גענוג צוקער־וואסער און אייז כדי זיך צו קענען אפקיהלען. אנגעהויבען האט מען מיט מוזיק. פראנץ ליסט האט זיך געלאזט צושטופען צום פארטע־פיאנע, ער האט פארווארפען די האר איבער דעם געניאלען שטערען, און ער האט צוגעשטעלט איינע פון זיינע בריליאנטעסטע שלאכטען. די קלאווישען האבען אויסגעזעהן ווי זיי וואלטען בלוטיגען. אויב איך האב ניט קיין טעות האט ער געשפיעלט א פאסאזש פון די „פאלינגענעזיען" פון באלאנש, וועמענס אידעען ער האט איבערגעזעצט אין מוזיק, א זאך וואס איז זעהר נוצליך פאר די, וועלכע קענען די ווערק פון אט דעם באריהמטען שריפטשטעלער ניט לייענען אין אריגינאל.

דערנאך האט ער געשפיעלט דעם מארש נאך דער הינריכטונג La Marche au supplice פון בערילאז, דאס אויסגעצייכענטע שטיק מוזיק, וועלכעס דער יונגער מוזיקער האט פארפאסט, אויב איך האב ניט קיין טעות, אין דעם טאג פון זיין חתונה. אין גאנצען זאאל האט מען נאר געזעהן בלאסע פנימ'ר, באוועגענדע ברוזימס און א ליכט אטעמען אין דער צייט פון די פאוזען, און צום סוף א ווילדער אפלאוז. די ווייבער פלעגען אלע מאל זיין ווי פארשכור'ט ווען ליסט פלעגט עפּיס שפיעלען. מיט א ווילדערער פרייד האבען זיך איצטער די ווילים פון דעם סאלאן איבערגעגעבען דעם טאנץ, און עס האט מיך געקאסט מיה צו אנטלויפען פון דעם טומעל אין א זייטיגען צימער. דא האט מען געשפיעלט אין קארטען און עטליכע דאמען זענען געזעסען אויף גרויסע שטוהלען און זיך צוגעזעצט צום שפיעלען, אדער זיי האבען געמאכט אן אנ־

שטעל ווי דער שפּיעל וואָלט זיי פּאַראַינטערעסירען. ווען מיר איז אויסגעקומען פאַרבייצוגעהן פאַרביי איינער פון די דאַמען און איהר מאַנטעל האָט באַריהרט מיין אָרעם, האָב איך דערפּיהלט אַ לייכטען ציטער פון דער האַנד ביז אַרויף צו דער פּלייצע, פּונקט אַזוי ווי פון אַ זעהר שוואַכען עלעקטרישען שלאָג. אָט דער שלאָג איז אַבער מיט דער גרעסטער שטאַרקייט דורכגעלאָפען איבער מיין גאַנצען האַרץ, ווען איך האָב באַטראַכט דאָס פּנים פון יענער דאַמע. איז דאָס זי, אָדער איז עס ניט? עס איז געווען דאָסזעלביגע געזיכט וואָס איז אין דער פאָרם און אין דער פאַרב געווען גלייך צו אַ קלאַסישען געזיכט; נאָר וואָס עס איז שוין מעהר ניט געווען אַזוי ריין ווי מאַרמאָר און אַזוי גלאַט ווי מאַרמאָר, ווי אַמאָל. אַ שאַרף אויג האָט געקענט באַמערקען אויף דעם שטערען און אויף די באַקען עטליכע קליינע קנייטשען, אפשר העפּטען, וואָס קומען פון פּאָקען, וועלכע האָבען דאָ דערמאָנט אָן יענע פיינע פלעקען פון וועטער, וועלכע מען קען געפינען אויף סטאַטוען, וואָס זענען אַ לאַנגע צייט געווען אויסגעשטעלט קעגען רעגען. עס זענען אויך געווען דיזעלביגע שוואַרצע האָר וואָס האָבען באַדעקט די שלייפען מיט גלאַטע אָוואַלען ווי פליגעל פון ראָבען. ווען איהרע אויגען האָבען זיך אַבער באַגעגענט מיט די מייניגע, און דאָס מיט יענעם וואוילבאַקאַנטען זייטיגען בליק, וועמענס שנעלער בליץ האָט אַלע מאָל אַזוי רעטזעלהאַפט געטראָפען מיין נשמה, דאַן האָב איך שוין מעהר ניט געצווייפעלט — דאָס איז געווען מאַדמאַאַזעל לאַוראַנס.

אַריסטאָקראַטיש אויסגעשטרעקט אין איהר שטוהל, אין איין האַנד אַ בוקעט בלומען, און מיט דער אַנדערער אָנגעשפּאַרט אויף דעם אָנלעהן פון שטוהל, איז געזעסען מאַדמאַאַזעל לאַוראַנס ניט ווייט פון אַ קאָרטען־טישעל און עס האָט אויסגעזעהן ווי זי וואָלט אָנגעווענדט איהר גאַנצע אויפמערקזאַמקייט צו דעם אויסטיילען פון די קאָרטען. אַריסטאָקראַטיש און ציערליך איז געווען איהר אָנצוג, און דאָך גאַנץ איינפאַך, פון ווייסען אַטלאַס. אַ חוץ אָרעם־בענדער און ברוסט־נאָדלען פון פּעריל האָט זי ניט געטראָגען קיין שום ציערונג. דער יוגענדליכער בוזים איז געווען הויך באַדעקט מיט

שפּיצען, כמעט פּיוריטאַניש ביז צום האַלז, און אין דער דאָזיגער איינפאַכקייט און ציכטיקייט פון איהר קליידונג, איז זי געווען אַ ריהרענד ליעבליכער קאָנטראַסט אקעגען עטליכע עלטערע דאַמען, וועלכע זענען געזעסען לעבען איהר אויסגעפּוצט אין פיעל־פאַרביגע קליידער און בליצענדיג פון דימענטען. און די חורבות פון זייער אַמאָליגער הערליכקייט, דער פּלאַץ, וואו עס איז אמאָל געשטאַנען טראָיא, האָבען זיי מעלאַנכאָליש נאַקעט אויסגעשטעלט פאַר יעדען איינעם. זי האָט נאָך אַלץ אויסגעזעהן וואונדערשען און ענטציקענד פאַרדראָסיג, און עס האָט מיך שטאַרק געצויגען צו איהר, און ענדליך בין איך געשטאַנען הינטער דעם שטוהל, ברענענדיג פון באַגעהר צו רעדען מיט איהר, און דאָך צוריקגעהאַלטען פון אַ דעליקאַטען ציטער.

איך האָב אפנים געמוזט שטעהן אַ לאַנגע צייט שווייגענדיג הינטער איהר, ווען זי האָט פּלוצלונג אַרויסגעצויגען אַ בלום פון איהר בוקעט און זיך ניט אומקוקענדיג אויף מיר זי דערלאַנגט צו מיר איבער איהר פּלייצע. אַ מאָדנער איז געווען דער ריח פון דער בלום און ער האָט אויף מיר געווירקט מיט אַן אייגענאַרטיגער באַצויבערונג. איך האָב זיך געפיהלט ווי אַרויסגעריסען פון אַלע געזעלשאַפטליכע פאָרמאַליטעטען, און איך האָב זיך דערפיהלט ווי אין אַ חלום, אין וועלכען מען רעדט און מען טוט פאַרשיעדענערליי זאַכען, איבער וועלכע מען וואונדערט זיך אַליין, און אין וועלכען אונזערע ווערטער האָבען אַזאַ קינדעריש היימישען און איינפאַכען כאַראַקטער. רוהיג, גלייכגילטיג, נאַכלעסיג ווי מען טוט דאָס ביי אַלטע פריינד, האָב איך זיך אַריבערגעבויגען איבער דעם אַנלעהן פון שטוהל און האָב דער יונגער דאַמע שטיל געפרעגט אויפ'ן אויער:

— מאַדמאַאַזעל לאַוראַנס, וואו איז אייער מאַמע מיט דער פּויק?

— זי איז טויט — האָט זי געענטפערט אין דעמזעלבינגען טאָן, פּונקט אַזוי רוהיג, גלייכגילטיג, נאַכלעסיג.

נאָך אַ קורצער פּאַוזע האָב איך זיך ווידער אַריבערגעבויגען איבער דעם אַנלעהן פון שטוהל און האָב דער יונגער דאַמע שטיל

געפרעגט אויפ'ן אויער: מאַדמאַזעל לאוראַנס, וואו איז דער געלערנטער הונד?

— ער איז אוועקגעלאָפען אין דער ווייטער וועלט אריין — האָט זי ווידער געענטפערט אין דעמזעלביגען רוהיגען, גלייכגילטיגען און נאכלעסיגען טאָן.

און נאָך א קורצער פּאוזע האָב איך זיך ווידער אריבערגעבויגען איבער דעם אַנלעהן פון שטוהל און האָב דער יונגער דאמע שטיל געפרעגט אויפ'ן אויער: — מאַדמאַזעל לאוראַנס, און וואו איז מאָסיע טיורליוטיו, דער קאַרליק?

—ער איז ביי די ריעזען אויף דעם טאַמפּעלשען בולוואַר.— האָט זי געענטפערט. קוים אבער האָט זי געהאט ארויסגערעדט די דאָזיגע ווערטער און דאָס, אין דעמזעלבען רוהיגען, גלייכגילטיגען און נאכלעסיגען טאָן, איז צו איהר צוגעקומען אַן אלטער מאַן פון הויכען מיליטערישען ראַנג, און האָט איהר געלאָזט וויסען, אז איהר וואָגען איז פאַרפאָהרען צום הויז. אויפהויבענדיג זיך לאַנגזאַם פון איהר אָרט, האָט זי זיך יענעם אָנגעהאנגען אויפ'ן אָרעם, און ניט וואַרפענדיג אויף מיר אפילו איין בליק, האָט זי מיט איהם פאַרלאָזען די געזעלשאפט.

ווען איך האָב געפרעגט ביי דער דאמע פון הויז, — וועלכע איז דעם גאַנצען אבענד געשטאַנען ביים אריינגאַנג פון הויפּטזאַל און האָט יעדען אריינקומענדיגען און אוועקגעהענדיגען באַשאָנקען מיט א שמייכעלע — ווען איך האָב זי געפרעגט אויף דעם נאָמען פון דער יונגער דאמע, וועלכע איז נאָר וואָס אוועקגעגאַנגען מיט דעם אלטען מאַן, האָט זי מיר הייטער געלאַכט אין פּנים אריין און האָט געזאָגט: „מיין גאָט! ווער קען דען קענען אלע מענשען! איך קען איהם פונקט אזוי ווייניג...“ און זי איז געבליבען שטאָקען. וואָרים זי האָט אודאי געוואָלט זאָגען, אז זי קען איהם פונקט אזוי ווייניג ווי מיך אליין, ווייל זי האָט אויך ערשט יענעם אָבענד געזעהן צום ערשטען מאָל. — אפשר וואָלט מיר אייער מאַן געקענט זאָגען. — האָב איך באַמערקט — וואו קען איך איהם געפינען?

— אויף דער יאַגד ביי סען זשערמען. — האָט מיר די דאמע

געענטפערט מיט א שטאַרקען געלעכטער. ער איז היינט אין דער פריה אַפּגעפאָהרען און וועט צוריקומען ערשט מאָרגען פאַר־נאַכט... נאָר ווארט. איך קען איינעם, וועלכער האָט א סך גערעדט מיט דער דאמע, אויף וועלכער איהר פרעגט זיך נאָך. איך ווייס ניט זיין נאָמען, אבער איהר קענט זיך לייכט אָנפרעגען אויף איהם, ווען איהר וועט זיך נאָכפרעגען אויף דעם יונגען מאַן, וועמען דער הער קאַזימיר פעריער האָט דערלאַנגט א בריק מיט'ן פוס. איך ווייס ניט וואו.

און כאָטש עס איז זעהר שווער צו דערקענען א מענשען אַז דעם, וואָס ער האָט געקראַגען א בריק פון א מיניסטער, האָב איך דאָך מיין מאַן באלד אויסגעפונען. און איך האָב איהם געבעטען ער זאָל מיר דערקלעהרען עפּיס מעהר וועגען דער זאָנדערבארער באַ־שעפעניש, וואָס האָט מיך אזוי שטארק פאַראינטערעסירט און וועלכע איך האָב איהם געקענט גענוג דייטליך באשרייבען. „יאַ" האָט געזאָגט דער יונגערמאַן, — איך קען זי גאַנץ גוט. איך האָב מיט איהר גערעדט אויף מעהרערע אבענדען" — און ער האָט מיר איבערדערצעהלט א מאַסע גאָר ניט זאָגענדיגע זאכען, מיט וועלכע ער האָט זי אונטערהאַלטען. וואָס איהם האָט זיך באזונ־דערס געוואָרפען אין די אויגען איז געווען איהר ערענסטער בליק, יעדעם מאָל ווען ער האָט איהר געמאַכט עפּיס א קאָמפּלימענט. ער האָט זיך אויך ניט ווייניג געוואונדערט, וואָס זי האָט אלע מאָל צור־ריקגעוויזען זיין איינלאַדונג, ווען ער האָט זי געבעטען צו א טאַנץ. און דאָס, האָט זי אלע מאָל פארזיכערט, אַז זי קען ניט טאַנצען. איהר נאָמען און איהרע פארהעלטעניששען האָט ער ניט געקענט. און וויפיעל איך האָב זיך ניט נאָכגעפרעגט, האָט מיר קיינער ניט געקענט געבען קיין ענטפער. אומזיסט בין איך ארומגעלאָפען אויף אלע אבענדען, מאַדמאַאזעל לאורא[נ]ס האָב איך אין ערגיץ ניט געקענט געפינען.

— און דאָס איז די גאַנצע געשיכטע? — האָט אויסגערופען מאַריא, נאָכדעם ווי זי האָט זיך לאַנגזאַם איבערגעדרעהט און שלעפעריג געגעניצט — דאָס איז די גאַנצע מערקווירדיגע געשיכ־טע? און איהר האָט שוין קיינמאָל מעהר ניט געזעהן ניט מאַדמאַא־

זעל לאוראנס, ניט די מוטער מיט דער פויק, ניט דעם קאַרליק טיורליוטיו, און אויך ניט דעם געלערנטען הונד?

— בלייבט רוהיג ליגען — האט געענטפערט מאקסימיליאן —איך האָב זיי אַלעמען נאָך אַמאָל געזעהן. אפילו דעם געלערנטען הונד, און איך האָב איהם געפונען אין אַ זעהר שרעקליכער נויט, דעם אָרימען טייוועל, ווען איך האָב איהם באַגעגענט אין פּאַריז. דאָס איז געווען אין לאַטיינישען קוואַרטאַל. איך בין גראַד פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי דער סאָרבאָן, ווען פון זיינע טויערען איז ארויסגעלאָפען אַ הונד און הינטער איהם מיט שטעקענס אין די הענד אַ טוץ סטודענטען, און הינטער זיי אפשר צוויי טוץ אַלטע ווייבער און אַלע האָבען זיי געשריען אין אַ כאָר: דער הונד איז משוגע! כמעט מענשליך האָט די אומגליקליכע חיה אויסגעזעהן אין איהר טויט שרעק, דאָס וואַסער פון זיינע אויגען האָט גערונען ווי טרעהרען, און ווען ער איז אַ קייכענדיגער פאַרביי געלאָפען פאַרביי מיר, און זיין פייכטער בליק האָט מיך דערזעהן, האָב איך דערקענט מיין אַלטען פריינד, דעם געלערנטען הונד, וואָס האָט אַזוי געלויבט דעם לאָרד וועלינגטאָן, און וועלכער האָט אַמאָל אָנגעפילט דאָס פאָלק פון ענגלאַנד מיט באַוואונדערונג. איז ער אפשר אין דער אמת'ן געווען משוגע? האָט ער זיך אפשר צופיעל איבערגעגעסען מיט געלערנטקייט, ווען ער האָט פאָרטגעזעצט זיינע שטודיען אין לאַטיינישען קוואַרטאַל? אָדער האָט ער אפשר דורך זיין שנאַרכען און מרוקען געלאָזט וויסען זיין אונצופריעדענהייט, ווען ער האָט געהערט די שאַרלאַטאַנערייען פון וועלכען ניט איז פּראָפעסאָר, און יענער וואָס האָט געוואָלט פּטור ווערען פון זיין אונגינסטיגען ציהער, האָט ער איהם ערקלעהרט פאַר משוגע? און אַך! די יוגענד אונטערזוכט ניט לאַנג, צי איז געווען דער פאַרשוועכטער כבוד פון אַ געלערנטען צי גאָר די קנאה פון ברויט, וואָס האָט צוערשט אויסגערופען: דער הונד איז משוגע! און זי באַפאַלט גלייך מיט איהרע גערדאַנקענלאָזע שטעקענס, און אויך די אַלטע ווייבער זענען דאַן גרייט מיט זייער געשריי, און שרייען איבער די שטים פון אומשולד און פון דער פערנונפט. מיין אָרימער פריינד האָט געמוזט פאַלען. פאַר מיינע אויגען איז

**ער אונ'רחמנות'דיג דערשלאגען געווארען צום טויט, פארשפאט.**
**און ענלדיך האט מען איהם אוועקגעווארפען אויף א הויפען מיסט.**
**ארימער מארטירער פון דער וואוילקענעודיקייט!**

ניט פיעל בעסער איז געווען דער צושטאנד פון דעם קארליק מאסיע טיורליוטיו, ווען איך האב איהם ווידער געפונען אויף דעם טעמפעלשען בולוואר. מאדמאאזעל לאוראנס האט מיר אפילו געזאגט, אז ער געפינט זיך דארט. עס קען אבער זיין, אז איך האב גאר ניט געטראכט איהם דארטען צו זוכען. אדער אז דער גרויסער געווימעל פון מענשען האט מיך פארהינ־דערט דאס צו טאן. גענוג איז, אז ערשט שפעטער האב איך באַ־מערקט דאסביידעל, וואו מען קען זעהן די ריעזען. ווען איך בין אהין אריינגעקומען האב איך דארט געטראפען צוויי לאנגע חברה־לייט, וועלכע זענען געלעגען אויף דער נארע, און וועלכע זענען אבער שנעל אויפגעשפרונגען, ווען זיי האבען מיך געזעהן אריינקור־מען און האבען זיך אויקעגשטעלט אין א פאזע פון ריעזען. אין דער אמת'ן זענען זיי ניט געווען אזוי גרויס, ווי זיי האבען זיך דאס באריהמט אויף די פלאקארדען אין דרויסען. דאס זענען געווען צוויי לאנגע חברה לייט, וועלכע זענען געווען אנגעטאן אין ראזאווען טרי־קא, און האבען געטראגען זעהר שווארצע, אפשר גאר פאלשע באַ־קען־בערד, און האבען געפאכט איבער די קעפ מיט אויסגעהוילטע הילצערנע העק. ווען איך האב זיי געפרעגט אויף דעם קארליק, ווע־גען וועלכען עס ווערט אויך מודיע געווען אויף די פלאקארדען, הא־בען זיי מיר געענטפערט, אז שוין זייט פיער וואכען ווייזט מען איהם ניט, ווייל ער ווערט אלץ אונפאסיגער, און אז איך קען איהם פון דעסטוועגען דאך זעהן, ווען איך וועל באצאהלען א טאפעלטען איינטריט געלד. ווי גערן באצאהלט מען א טאפעלטען איינטריט געלד, ווען מען וויל ווידער זעהן א פריינד! און אך! דאס איז געווען א פריינד, וואס איך האב געפונען אויפ'ן טויטענבעט. אט דאס טויטענבעט איז אייגענטליך געווען א קינדערשע וויעג. און אין דער וויעג איז געלעגען דער ארימער קארליק מיט זיין געל איינגעשרומפענעם פנים פון א זקן. א מיידעל פון א יאהר פיער

איז געזעסען לעבען איהם און האָט מיט איהר פוס געוויעגט די וויעג און געזונגען מיט א לאכענדיגען חוזק טאָן:

— שלאָף טיורליוטיולו, שלאָף!

ווען דער קליינער האָט מיך דערזעהן, האָט ער געעפענט זיינע גלעזערנע בלאַסע אויגען אזוי ווייט ווי נאָר מעגליך, און אַן אורמעטיג שמייכעלע האָט געציטערט ארום זיינע ליפּען. אפנים, אז ער האָט מיך גלייך דערקענט, וואָרים ער האָט מיר דערלאַנגט דאָס פּארטריקענטע הענטעל און האָט שטיל געכאָרכעלט: „אַלטער פריינד!"

און עס איז ווירקליך געווען א שרעקליכער צושטאַנד, אין וועלכען איך האָב געפונען דעם מאַן, וואָס שוין אויף זיין אכטען יאָהר האָט ער געהאַט א לאַנגע אונטערהאַלטונג מיט לודוויג דעם זעכצעהנטען, און וועמען דער צאַר אַלעקסאַנדער האָט געקאָרמעט מיט באָנבאָנען, וועמען די פּרינצעסין פון קיריץ האָט ארומגעטראָגען אויף דער שויס און וועלכער האָט ארומגעריטען אויף דעם בראַונשווייגער הערצאָג'ס הינד, פּאר וועמען דער קעניג פון בייערען האָט פאַרגעלייענט זיינע געדיכטען, דער וואָס האָט געשמועסט פון איין ליולקע מיט די דייטשע קעניגע, וועמען דער פּויפּסט האָט פאַרגעטערט און וועמען נאַפּאָלעאָן האָט קיינמאָל ניט ליעב געהאַט. אָט דאָס לעצטע האָט דעם אומגליקליכען געאַרט נאָך אויף זיין טויטענבעט, אָדער ווי געזאָגט, אין זיין טויטער וויעג. און ער האָט געוויינט איבער דעם טראַגישען שיקזאַל פון דעם קייזער, וועלכער האָט איהם קיינמאָל ניט ליעב געהאַט, און וועלכער האָט אבער אין אזא קלעגליכען צושטאַנד געענדיגט זיין לעבען אויף סאַנקט הע־לענא. — „פּונקט אזוי ווי איך פאַרענדיג מיינע טעג אָט א דאָ" האָט ער צוגעגעבען. „איינזאַם, פון קיינעם ניט באַזוכט און פאַרלאָזען פון אַלע קעניגע און פירשטען. א בילד פון שפּאָט אויף זיין אַמאָליגער הערליכקייט!"

הגם איך האָב ניט געקענט געגוי באַגרייפען, ווי אזוי א קאַרליק, וועלכע שטאַרבט צווישען ריעזען, קען זיך פאַרגלייכען מיט א ריעז וואָס איז געשטאָרבען צווישען קאַרליקעס, האָבען מיך דעם אָרימען טיורליוטיו'ס ווערטער דאָך גערוהרט און נאָך מעהר

זיין פארלאָזטער צושטאַנד אין דער שעה פון טויט. איך האָב מיך ניט געקענט איינהאַלטען פון אויסדריקען מיין פארוואונדערונג, פארוואָס מאַדמאַאַזעל לאָוראַנס, וועלכע איז איצט אזוי דערהויבען געוואָרען, קימערט זיך גאָר ניט וועגען איהם. קוים אבער האָב איך נאָר דערמאָנט איהר נאָמען, האָט דער קארליק אין דער וויעג באַקומען די מורא'דיגסטע קרעמפּען און מיט זיינע ווייסע ליפּען האָט ער געקלאָגט: אונדאַנקבאַר קינד! וואָס איך האָב אויפגעצויגען, און איך האָב זי געוואָלט דערהויבען צו מאכען זי פאר מיין ווייב, וואָס איך האָב זי געלערנט ווי אזוי מען דארף זיך באַוועגען און באַנעהמען צווישען די גרויסע פון דער וועלט, ווי אזוי מען שמייכעלט, ווי אזוי מען פארנייגט זיך אין הויף, ווי אזוי מען שטעלט זיך פאָר... דו האָסט מיינע לעקציעס גוט אויסגענוצט, און ביזט איצטער א גרויסע דאמע, און האָסט איצטער א קארעטע און לאַקאַיען און א סך געלד און א סך שטאָלץ, און גאָר קיין הארץ ניט. דו לאָזט מיך דאָ שטארבען, איינזאם און עלענד שטארבען, ווי נאָפּאָלעאָן אויף סאנקט העלענא! אָ, נאָפּאָלעאָן, דו האָסט מיך קיינמאָל ניט ליעב געהאט!..." וואָס נאָך ער האָט געזאָגט, האָב איך ניט געקענט פארשטעהן. ער האָט אונטערגעהויבען זיין קאָפּ, האָט געמאכט עטליכע באַוועגונגען מיט דער האנד, גלייך ווי ער וואָלט געגען עמיצען זיך ווערען, אפשר געגען טויט. אבער די קאָסע פון דעם דאָזיגען שונא קען קיין מענש ניט ווידערשטעהן. ניט קיין נאָפּאָלעאָן און אויך ניט קיין טיורליוטיו. דאָ העלפט ניט קיין פאראדע. מאַט ווי בייגעקומען איז צוריקגעפאלען דעם קארליק'ס קאָפּ, און ער האָט מיך לאנג אָנגעקוקט מיט אן אונבאַשרייבאַרען גייסטערהאפטען בליק, האָט פּלוצלונג אָנגעהויבען צו קרעהען ווי א האהן און איז געשטאָרבען.

דער דאָזיגער טויט האָט מיך שטארק באַטריעבט און נאָך מעהר דערפאר, ווייל איך האָב פון איהם גאָר ניט געקענט ארויסקריגען עפּיס ממשות'דיגעס וועגען מאַדמאַאַזעל לאָוראַנס. וואו זאָל איך זי איצטער געהן זוכען? איך בין ניט געוועזען פארליעבט אין איהר, און האָב אפילו ניט געפיהלט קיין גרויסע צונייגונג צו איהר און דאָך האָט מיך געריצט א געהיימניספולער באַגעהר זי

צו זוכען אומעטום; ווען איך פלעג אריינקומען ערגיץ אין א סאלאָן, און פלעג באטראכטען די געזעלשאפט און ניט געפינען דאָס וואויל־באקאנטע געזיכט, פלעג איך באלד פארליערען מיין רוה און עס פלעגט מיך צוריק ארויסטרייבען פון דאָרטען. טראכטענדיג וועגען דעם דאָזיגען געפיהל בין איך איינמאָל ארום האלבער נאכט גע־שטאַנען לעבען א זייטיגען ארייננאנג פון דער גרויסער אָפּער און האָב געוואַרט אויף א דראָשקע, און זעהר פארדראָסיג געוואַרט, ווייל עס האָט שטארק גערעגענט. אבער קיין דראָשקע איז ניט געקומען. אָבער בעסער געזאָגט, עס זענען נאָר געקומען דראָשקעס וועלכע האָבען געהערט צו אנדערע מענשען, וועלכע האָבען זיך מיט הנאה אריינגעזעצט אין זיי. און אַזוי איז ביסלעכווייז געוואָרען זעהר איינזאם ארום מיר. „אויב אַזוי וועט איהר שוין מוזען פאָה־רען מיט מיר" — האָט ענדליך א זאָג געטאָן א דאַמע, וועלכע איז געווען גוט איינגעהילט אין איהר שווארצען מאַנטעל, און וועלכע איז א לאַנגע צייט אויך געשטאַנען און געוואַרט לעבען מיר, און האָט איצטער געהאַלטען אין אריינשטייגען אין א קארעטע. דאָס קול האָט דורכגעציטערט דורך מיין הארץ. דער וואוילבאקאַנטער זיי־טיגער בליק, האָט ווידער אויסגעאיבט זיין כשוף, און איך בין ווידער געווען ווי אין א חלום, ווען איך האָב זיך געפונען לעבען מאַדמאַאַזעל לאורענס אין א ווייכער, וואַרעמער קארעטע. מיר האָבען ניט גערעדט קיין וואָרט, מיר וואָלטען זיך אויך ניט געווען געהערט. וואָרים די קארעטע האָט זיך געלאָזט איבער די פאריזער גאַסען מיט א געוואַלדיגען גערויש, איז געפאָהרען זעהר לאַנג, ביז ער איז ענדליך געבליבען שטעהן פאַר א גרויסען טויער.

דיענער אין ברילִיאַנטענע ליווּרעען האָבען אונז ארויף גע־לייכט די טרעפּ און דורך א גאַנצע רייה פון צימערן. א קאַמער־פרוי, וואָס איז אונז אַקעגען געקומען מיט א שלעפעריגען פּנים, האָט זיך פיעל מאָל ענטשולדיגט וואָס עס איז איינגעהייצט בלויז אין רויטען צימער. און נאָכדעם ווי לאורענס האָט געגעבען א וואונק צו דער פרוי, אז זי זאָל אוועקגעהן, האָט זי געזאָגט מיט א געלעכטער: „דער צופאל פיהרט אייך היינט ווייט. נאָר אין מיין שלאָפצימער איז איינגעהייצט..."

אין דעם דאַזיגען שלאָפצימער, וואו מיר האָבען זיך באַלד געפונען אליין, האָט געפלאַקערט אַ זעהר גוט קאַמין־פייער, וועלכעס איז געווען נאָך ניצליכער, ווייל דאָס צימער איז געווען אונגעהייער גרויס און הויך. אָט דאָס גרויסע שלאָפצימער, פאַר וועלכען עס האָט זיך בעסער געפּאַסט דער נאָמען שלאָפזאַל, האָט אויך געהאַט אין זיך עפּיס מאָדנע פוסטעס. די מעבעל און די דעקאָראַציאָן האָבען געטראָגען דעם כאַראַקטער פון אַ צייט, וועמענס גלאַנץ עס זעהט איצטער אויס פאַר אונז אַזוי באַשטויבט און וועמענס ערהאבענקייט עס זעהט פאַר אונז איצטער אויס אַזוי ניכטערן, אַז איהרע רעליקוויען דערוועקען ביי אונז אַ געוויסע אונבאַקוועמליכקייט, אויב ניט גאַר אַ געהיימען שמייכעלע. איך רעד דאָס וועגען דער צייט פון דער אימפּעריע. וועגען דער צייט פון גאָלדענעם אַדלער, פון די הויכפּליהענדיגע בונטען פעדערן, פון די גריכישע פריזורען, פון די גרויסע טאַמבאַר מאַיאָר'ס, פון די מיליטערישע מענשען, פון דער אָפיציעלער אונשטערבליכקייט, פון דער קאָנטינענטאַל־קאַפע־הייזער, וואו מען האָט פאַר אונז צוגעגרייט ציקאָריע, און פון דעם שלעכטען צוקער, וואָס מען האָט פאַבריצירט פון בוריקעס, און פון די פּרינצען און הערצאָגען, וועלכע מען האָט געמאַכט פון גאָר ניט. זי האָט אָבער אַלעמאָל געהאַט איהר חן, די צייט פון דעם פּאַטעטישען מאַטעריאַליזם... טאַלמאַ האָט דעקלאַמירט, גראָס האָט געמאָלט, די גאַטיני האָט געטאַנצט, גראַסיני האָט געזונגען, מאַורי האָט געפּרעדיגט, ראָוויגאָ האָט געהאַט אויפזיכט איבער דער פּאָליציי, דער קייזער האָט געלייענט די געדיכטען פון אָסיאַן, פּאָולינע באָרגהעזע האָט זיך געלאָזט מאָדעלירען אַלס ווענוס, און דאָס, אין גאַנצען נאַקעט, וואָרים דאָס צימער איז געווען גוט איינגעהייצט, פּונקט ווי דאָס שלאָפצימער אין וועלכען איך האָב זיך געפונען מיט מאַדמאַזעל לאַוראַנס.

מיר זענען געזעסען ביים קאַמין און געפּלוידערט היימיש. און זיפצענדיג האָט זי מיר דערצעהלט, אַז זי איז פאַרהייראַט מיט אַ באָנאַפּאַרטישען העלד, וועלכער דערקוויקט זי אַלע אַלע נאַכט פאַר'ן שלאָפען געהן מיט שילדערונגען וועגען איינער פון די מלחמות אין וועלכע ער האָט אַנטייל גענומען. מיט עטליכע טעג

פריהער, איידער ער איז אַפּגעפאַהרען, האָט ער איהר דערצעהלט וועגען דער שלאַכט ביי יענאַ; ער איז זעהר קרענקליך, און וועט שווערליך איבערלעבען דעם רוסישען פעלדצוג. ווען איך האָב גע־פרעגט ווי לאַנג איהר טאַטע איז טויט, האָט זי געלאַכט און זיך מודה געווען, אַז זי האָט קיינמאָל ניט געקענט קיין טאַטען, און אַז איהר אַזוי גערופענע מאַמע איז קיינמאָל ניט געווען פארהייראַט.

— ניט פארהייראַט! — האָב איך אויסגערופען — איך האָב זי דאָך אין לאָנדאָן אליין געזעהן אין טרויערקליידער, וואָס זי האָט געטראָגען נאָך איהר מאַן.

— יאָ — האָט זי געענטפערט — גאַנצע צוועלף יאָהר האָט זי געטראָגען טרויערקליידער, כדי צו דערוועקען רחמנות ביי מענשען אלס אומגליקליכע אלמנה. און אגב אורחא אויך כדי צו קריגען איינעם וואָס וויל חתונה האָבען, און זי האָט געהאָפט, אַז אונטער אַ שוואַרצען פלאַג וועט זי גיכער קענען אָנקומען צו דעם האַפען פון פארהייראַטען לעבען. דער איינציגער אָבער וואָס האָט זיך איבער איהר דערבאַרעמט, איז גע־ווען דער טויט, און זי איז געשטאָרבען פון אַ בלוטשטורץ. איך האָב זי קיינמאָל ניט ליעב געהאַט, ווייל זי האָט מיר געגעבען אַ סך קלעפּ און ווייניג עסען. איך וואָלט געווען אויסגעגאַנגען פאַר אַ שטיקעל ברויט; ווען מאַסיע טיורליוטיו וואָלט מיר טיילמאָל בגנבה ניט געגעבען זיין שטיקעל ברויט; דער קאַרליק האָט אָבער דערפאַר פארלאַנגט, אַז איך זאָל מיט איהם חתונה האָבען, און ווען ער האָט געזעהן, אַז אַלע זיינע האָפענונגען ווערען גאָר ניט, האָט ער זיך פארבונדען מיט מיין מאַמע. איך זאָג „מאַמע“ אויס געוואוהנהייט. אוןביידע פלעגען זיי מיר צוזאַמען צוטיילען די גרעסטע יסורים. אַזוי פלעגען זיי כסדר נאָר זאָגען, אַז איך בין אַן איבעריגער מענש, אַז דער הונד איז טויזענד מאָל מעהר ווערט ווי איך מיט מיין שלעכטען טאַנצען. און זיי פלעגען דאַן לויבען דעם הונד אויף מיין חשבון. האָבען איהם געריהמט ביז אין הימעל אַריין, האָבען איהם געגלעט, געקאַרמעט מיט קוכען, און מיר האָבען זיי צוגע־וואָרפען די קאָרע. דער הונד, האָבען זיי געזאָגט, איז

זייער בעסטע שטיצע. ער ענטציקט דאָס פּובליקום, וואָס האָט אין מיר גאָר קיין אינטערעס ניט. דער הונד מוז מיך דערגנעהרען מיט זיין ארבייט, איך פרעס דעם הונד'ס ברויט. דער פארשאָלטענער הונד!

— אַ, שעלט איהם ניט מעהר — האָב איך זי איבערגעהאקט — ער איז שוין טויט. איך האָב געזעהן ווי ער איז געשטאָר־בען...

— איז די בעסטיע שוין גע'פּגר'ט? — האָט אויסגערופען לאוראנס און איז אויפגעשפּרונגען. איהר גאַנץ פּנים איז געוואָרען רויט פון פרייד.

— דער קארליק איז אויך טויט, — האָב איך צוגעגעבען.

— מאָסיע טיורליוטיו! — האָט לאוראנס אויסגערופען אויך מיט פרייד. אָבער די דאָזיגע פרייד איז ביסלעכווייז פארשוואונ־דען פון איהר פּנים און מיט אַ מילדערן, כמעט אומעטיגען טאָן האָט זי ענדליך אַ זאָג געטאָן: „אָרימער טיורליוטיו!“

און ווען איך האָב ניט באהאלטען פון איהר, אז דער קארליק האָט פאר'ן טויט זיך ביטער באקלאָגט אויף איהר, איז זי ארייג־געפאלען אין די ליידענשאפטליכסטע באוועגונגען און האָט זיך גע־שוואוירען, אז זי האָט געוואָלט דעם קארליק גוט באזאָרגען, אז זי האָט איהם אָנגעבאָטען אַ יעהרליכען געהאלט, ווען ער זאָל וועלען לעבען שטיל און באשיידען ערגיץ וואו אין דער פּראָווינץ. אָבער עהרגייציג ווי ער איז געווען האָט ער דוקא געוואָלט בלייבען אין פּאריז און וואוינען ניט אַנדערש נאָר אין מיין האָטעל. דע־מאָלט, האָט ער געמיינט, וועט ער דורך מיין פארמיטעלונג, ווידער קענען אָנקניפּען זיינע אמאָליגע פארבינדונגען אין דער פּאָר־שטאָדט סען זשערמען, און צוריק קריגען זיין פריהערדיגע שטע־לונג אין דער געזעלשאפט. ווען איך האָב איהם אין דעם אָפּגעזאָגט, האָט ער מיר געלאָזט זאָגען, אז איך בין אַ פארשאָלטענער רוח, אַ וואמפּיר, אַ „ט ו י ט ע נ ק י נ ד“...

לאוראנס איז פּלוצלונג שטיל געוואָרען, האָט שטארק אויפ־געשווידערט, און ענדליך האָט זי מיט אַ טיעפען זיפץ געזאָגט: „אַך, הלואי וואָלטען זיי מיך געווען געלאָזט ביי מיין מאַמע אין קבר.“

און ווען איך בין צו איהר צוגעשטאַנען, אז זי זאָל מיר דערקלעהרען די דאָזיגע געהיימניספולע ווערטער, האָט זיך פון איהרע אויגען א גאַס געטאַן א שטראָם מיט טרעהרען, און ציטערדיג און שלוכצענדיג האָט זי זיך פאַר מיר מודה געווען, אז די שווארצע פרוי מיט דער פויק, וועלכע האָט זיך אויסגעגעבען פאַר איהר מוטער, האָט איהר אמאָל אליין ערקלעהרט, אז דער קלאַנג, וואָס האָט זיך ארומגעטראָגען וועגען מיין געבורט איז ניט קיין בבא מעשה. „אין דער שטאָדט וואו מיר האָבען געוואוינט" — האָט לאוראַנס ווייטער דערצעהלט — „פלעגט מען מיך אלעמאָל רופען דאָס טויטענקינד! די אלטע שפינערינס פלעגען באהויפּטען, אז איך בין אייגענטליך די טאָכטער פון א דאָרטיגען גראַף, וועלכער פלעגט זיין פרוי שטענדיג שלעכט באהאַנדלען, און ווען זי איז געשטאָרבען, האָט ער זי געלאָזט באַגראַבען מיט גרויס כבוד, זי איז דעמאָלט געווען א שוואַנגערדיגע אין די הויכע חדשים, און איז ניט געווען טויט, נאָר אין א היהנער פלעט. און ווען עטליכע בית-עולם גנבים, וועלכע האָבען געוואָלט באַ'גנב'ענען דעם רייך אויסגעפּוצטען בר-מינן, האָבען געעפענט דעם קבר, האָבען זיי געפונען די גרעפין א לעבעדיגע, ווי זי איז געגאַנגען צו קינד; און ווען זי איז גלייך נאָכ'ן קינד האָבען געשטאָרבען, האָבען זי די גנבים צוריק אריינגעלעגט אין קבר און דאָס קינד מיטגענומען מיט זיך, און עס איבערגעגעבען צו דער פרוי, וואָס איז געווען די געליעבטע פון דעם גרויסען בויכרעדנער. אָט דאָס אָרעמע קינד, וואָס איז באַגראַבען געוואָרען נאָך איידער עס איז געבוירען געוואָרען, האָט מען אומעטום גערופען דאָס טויטענקינד... אך! איהר קענט גאָר ניט באַגרייפען וויפיעל יסורים איך האָב געהאַט אויסצושטעהן שוין אלס קליין מיידעלע, ווען מען פלעגט מיך רופען מיט דעם נאָמען. ווען דער בויכרעדנער האָט נאָך געלעבט און ער פלעגט אמאָל מיט מיר ניט זיין צופריעדען — א זאך וואָס פלעגט געשעהן ניט זעלטען — פלעגט ער אויסרופען: פאַרשאָלטען טויטענקינד! הלואי וואָלט איך דיך ניט געווען ארויסגענומען פון קבר. א געשיקטער בויכרענדער ווי ער איז געווען, האָט ער געקענט זיין קול אזוי איבערבייטען, אז מען האָט געמוזט גלויבען, דאָס

קול קומט פון דער ערד ארויס, און ער פלעגט מיר דאן זאגען, אז דאס איז די שטים פון מײן געשטארבענער מוטער, װעלכע דער־צעהלט מיר איהר מזל. ער האט געקענט גוט קענען אט דאס בי־טערע מזל, װארים ער איז אמאל געװען א קאמער דיענער בײם גראף. זײן גרעסטער אכזריות׳דיגער פארגעניגען איז געװען, װען איך ארים קלײן מײדעל פלעג זיך שרעקליך שרעקען פאר די װערטער, װאס איך האב געגלויבט אז זײ קומען פון קבר. די דא־זיגע װערטער, װאס עס האט זיך געדאכט אז זײ קומען פון קבר פלעגען דערצעהלען גאר שרעקליכע מעשיות. מעשיות װאס איך האב קײנמאל ניט געקענט באגרײפען אין זײער צוזאמענהאנג, װעלכע איך האב שפעטער צו ביסלעכװײז פארגעסען, נאר װען איך פלעג טאנצען, פלעגען זײ אבער װידער װי לעבעדיגע קומען אין מײן זכרון. יא, װען איך פלעג טאנצען, פלעגט מיך אלע מאל אנכאפען א מאדנע עראינערונג. איך פלעג פארגעסען אויף זיך אלײן, און פלעג מיר אלײן פארקומען, װי איך װאלט געװען גאר אן אנדערע, און װי עס װאלטען מיך געקװעלט אלע יסורים און געהײמנישען פון יענער אנדערער... אבער אזוי שנעל װי איך האב אויפגעהערט צו טאנצען, פלעגט דאס אלץ װידער אפגעמעקט װערען פון מײן זכרון.

בעת לאוראנס האט דאס דערצעהלט, לאנגזאם װי פרעגענ־דיג, איז זי געשטאנען פאר מיר בײם קאמין, װאו דאס פײער האט געפלאקערט װאס אמאל אלץ אנגענעהמער, און איך בין גע־זעסען אין דער לעהנשטוהל, װעלכער איז װאהרשײנליך געװען דער פלאץ, װאו איהר מאן פלעגט זיצען, װען ער פלעגט איהר אין אבענד פאר׳ן שלאפען געהן דערצעהלען פון זײנע שלאכטען. לאו־ראנס האט מיך אנגעקוקט מיט איהרע גרויסע אויגען, װי זי װאלט בײ מיר געפרעגט אן עצה. זי האט געשאקעלט מיט׳ן קאפ אזוי אור־מעטיג פארטראכט; זי האט דערװעקט אין מיר אזא עדעלען, זיסען מיטלײד: זי איז געװען אזוי שלאנק, אזוי יונג, אזוי שען, אט די ליליע, װאס איז ארויסגעװאקסען פון קבר. אט די טאכטער פון טויט, אט דער געשפענסט, מיט דעם פנים פון א מלאך און מיט דעם לײב פון א באיאדערע! איך װײס ניט װי אזוי עס איז גע־

קומען. אפשר איז עס געווען דער איינפלוס פון דעם שטוהל, אויף וועלכען איך בין געזעסען, אבער מיר איז פלוצלונג פארגעקומען, ווי איך וואָלט דאָס געווען דער אלטער גענעראַל, וועלכער האָט נעכטען אויף דעמזעלביגען אָרט געשילדערט די שלאַכט ביי יענא, און ווי איך מוז דאָס איצטער ווייטער אָנגעהן מיט מיין ערצעה־לונג. און איך האָב געזאָגט: נאָך דער שלאַכט ביי יענא האָבען זיך אין לויף פון עטליכע וואָכען אַלע פרייסישע פעסטונגען אונ־טערגעגעבען כמעט אָהן אַ שלאַכט. צוערשט האָט זיך אונטערגעגע־געגעבען מאַגדעבורג. דאָס איז געווען די שטאַרקסטע פעסטונג און האָט געהאַט דריי הונדערט קאַנאָנען. איז דאָס ניט אַ שאַנד?

מאַדמאַאַזעל לאָוראַנס האָט מיך אבער ניט געלאָזט ווייטער רעדען. פון איהר שענעם פנים זענען פלוצלונג פארשוואונדען אַלע טריבע שטימונגען, און זי האָט געלאַכט ווי אַ קינד און אויסגע־רופען: יאָ, דאָס איז אַ שאַנד, מעהר ווי אַ שאַנד! ווען איך וואָלט געווען אַ פעסטונג און געהאַט דריי הונדערט קאַנאָנען, וואָלט איך זיך קיינמאָל ניט אונטערגעגעבען!"

נאָר אַזוי ווי מאַדמאַאַזעל לאָוראַנס איז ניט געווען קיין פעס־טונג און האָט ניט געהאַט קיין דריי הונדערט קאַנאָנען...

ביי די דאָזיגע ווערטער האָט מאַקסימיליאַן פלוצלונג אָפּגע־האַקט זיין ערצעהלונג. און נאָך אַ קורצער פּאוזע האָט ער גע־פרעגט שטילערהייד:

— איהר שלאָפט, מאַריאַ?

— איך שלאָף — האָט געענטפערט מאַריאַ.

— איז נאָך בעסער! — האָט געזאָגט מאַקסימיליאַן מיט אַ פיינעם שמייכעלע. איך דאַרף אַלזאָ ניט מורא האָבען, אַז איהר וועט זיך לאַנגווייַלען, ווען איך וועל אַביסעל אויספיהרליכער באַ־שרייבען די מעבעל פון צימער אין וועלכען איך האָב זיך גע־פונען. ווי דאָס איז די מאָדע ביי די היינטיגע נאָוועליסטען.

— פארגעסט נאָר ניט דאָס בעט, טייערער פריינד!

— עס איז ווירקליך געווען — האָט געענטפערט מאַקסימיל־יאַן — אַ זעהר פּראַכטפול בעט. די פיס ווי ביי אַלע בעטען פון דעם סטיל, זענען באַשטאַנען פון קאַריאַטידען און ספינקסען. עס

האָט געשטראַהלט פון פאַרגילדונגען. דאָס הייסט פון גאָלדענע אָדלערס, וואָס האָבען זיך געקושט אין די פּיסקלעך ווי טורטעל־טויבען. אפשר אַ סימבאָל פון דער ליעבע אונטער דער ממשלה פון קייזער. די פאַרהאַנגען פון בעט זענען געווען פון רויטער זייד. און אַזוי ווי די פלאַמען פון קאַמין האָבען זעהר שטאַרק דורכגעשיינט, האָב איך זיך געפונען מיט לאַוראַנס׳ען אין אַ פייער־רויטער באַלייכטונג. און איך בין מיר אַליין פאָרגעקומען ווי דער גאָט פּלוטאָ, וועלכער איז אַרומגערינגעלט מיט די פלאַמען פון גיהנום, און ער האַלט אין זיינע אָרעמס די שלאָפענדיגע פּראָסערפּינע. זי איז געשלאָפען, און איך האָב אין דעם צושטאַנד באַטראַכט איהר געזיכט און האָב אין איהרע געזיכטסצוגען געזוכט אַ פאַרשטענדעניש פאַר יענער סימפּאַטיע, וואָס מיין נשמה פיהלט צו איהר. וואָס באַדייט די דאָזיגע פרוי? וואָס פאַר אַ זין לויערט אונטער דער סימבאָליק פון די דאָזיגע שענע פאָרמען? איך האָב אָט דאָס דאָזיגע חנ׳עוודיגע רעטעניש איצטער געהאַלטען אין מיינע אָרעמס ווי מיין אייגענטום, און דאָך האָב איך ניט געפונען קיין באַשייד.

אָבער איז דאָס ניט אַ נאַרישקייט צו וועלען דערגעהן דעם זין פון אַ פרעמדער ערשיינונג, אין דער צייט וואָס מיר זענען ניט בכח צו לעזען דאָס רעטעניש פון אונזער אייגענער נשמה! הויבען מיר דאָך אפילו ניט אָן צו וויסען, צי די פרעמדע ערשיינונגען זענען ווירקליך בנמצא! מיר קענען דאָך טייל מאָל אפילו ניט אונטערשיידען צווישען דער רעאַליטעט און די געזיכטער פון די חלומות! איז דאָס געווען אַ בילד פון מיין פאַנטאַזיע, אָדער איז דאָס געווען די שרעקליכע ווירקליכקייט, וואָס איך האָב געזעהן און געהערט אין יענער נאַכט? איך וויים עס ניט. איך דערמאָן זיך נאָר, אַז אין דער צייט וואָס אין מיין האַרצען האָבען זיך געצויגען די ווילדסטע געדאַנקען, האָט אין מיין אויער אַריינגעדרונגען אַ מאָדנער גערויש. דאָס איז געווען אַ משוגענע מעלאָדיע, מאָדנע שטיל. זי איז מיר פאָרגעקומען זעהר באַקאַנט, און ענדליך האָב איך דערקענט די טענער פון אַ טריאַנגעל און פון פּויק. אָט די מוזיק האָט זיך געדאַכט קומט פון אַ ווייטער ווייט, און דאָך ווען איך האָב אויפגעהויבען די אויגען האָב איך געזעהן לעבען מיר

אין מיטען צימער א באקאנט ספעקטאקעל: עס איז געווען מאָסיע טיורליוטיו, וועלכער האָט געשפּיעלט אויף דער טריאנגעל, און די מאָדאָם־מוטער, וואָס האָט געקלאַפּט אויף דער גרויסער פּויק, אין דער צייט וואָס דער געלערנטער הונד האָט זיך ארומגעשארט אויפ'ן דיל ווי ער וואָלט ווידער צוזאמענגעזוכט זיינע הילצערנע בוכשטאבען. דער הונד האָט אויסגעזעהן, ווי ער וואָלט זיך קוים באוועגען, זיין פעל איז געווען באפלעקט מיט בלוט! די מאָדאָם־מוטער האָט נאָך אלץ געטראגען איהרע טרויער־קליידער, אבער איהר בויך האָט שוין ניט ארויסגעשטעקט אזוי קאָמיש. נאָר האָט גיכער ווידערוויליג אראָפּגעהאנגען; אויך איז איהר פּנים מעהר ניט געווען רויט, נאָר בלאַס. דער קארליק, וועלכער האָט נאָך אלץ געטראָגען די בראָדיערטע קליידער פון אן אלט־פראנצויזישען מאַר־קיז און א געפּודערטען טופּע, האָט אויסגעזעהן ווי ער וואָלט אביסעל אויסגעוואקסען. אפשר דערפאר, ווייל ער איז געווען אזוי שרעקליך אויסגעדאַרט. ער האָט ווידער געוויזען זיינע פעכט קונ־צען, און ס'האָט זיך געדאכט, אז ער פלאָפּעלט ווידער ארויס זיינע אלטע באריהמערייען; און ער האָט האָט פון דעסטוועגען גערעדט אזוי שטיל. אז איך האָב ניט פארשטאנען קיין ווארט, און נאָר אָן זיינע ליפּען האָב איך צייטענווייז געקענט באמערקען, אז ער האָט ווידער געקרעהט ווי א האָהן.

אין דער צייט וואָס אָט די גרויענהאפטע בילדער האָבען זיך ווי א שאָטענשפּיעל באוועגט פאר מיינע אויגען מיט אן אומהיימליכע שנעלקייט, האָב איך געפיהלט ווי מאדמאַאזעל לאוראנס האָט גע־אטעמט וואָס אמאָל אלץ אומרוהיגער און אומרוהיגער. א קאלטער שווידער האָט דורכגעפרעסטעלט איהר גאנצען לייב און איהרע ליעבע גליעדער האָבען געציטערט ווי פון אונערטרעגליכע שמער־צען. ענדליך אבער האָט זי זיך ארויסגעגליטשט פון מיינע אָרעמס, בויגיג ווי א וואסערשלאנג, איז פלוצלינג געשטאנען אין מיטען צימער און האָט אָנגעהויבען צו טאָנצען. אין דער צייט וואָס די מוטער מיט דער פּויק און דער קארליק מיט דעם טריאנגעל האָבען געלאָזט הערען זייער געצווינגענע שטילע מוזיק. זי האָט איצטער געטאָנצט פּונקט אזוי ווי אמאָל אויף דער וואטערלאָ־בריק, און אויף

די גאסען פון לאנדאן. דאס זענען געווען דיזעלביגע געהיימניספּו־לע פּאנטאָמימען, דיזעלביגע אויסברוכען פון די ליידענשאַפטליכס־טע שפּרינג, דאס זעלביגע באקכאנטישע פארוואָרפען מיט׳ן קאָפּ, טיילמאָל אויך דאס זעלביגע פארנייגען זיך צו דער ערד, גלייך ווי זי וואָלט וועלען הערען, וואס מען רעדט דאָרטען. דערנאָך אויך דאס ציטערן, דאס בלייך ווערען, דאס פארשטיינערט ווערען און ווידער אויפ׳ס ניי דאס איינהערען זיך מיט די אויערען צוגעלעגט צו דער ערד. אויך האָט זי זיך ווידער געריבען די הענד, ווי זי וואָלט זיי וואשען. ענדליך האָט זיך מיר געדאכט, ווי זי וואָלט געוואָרפען אויף מיר איהר טיעפען, שמערצליכען, בעטענדיגען בליק... אבער נאָר אין די צוגען פון דעם דאָזיגען טויטבלאסען פּנים האָב איך דערקענט יענעם בליק, ניט אין איהרע אויגען. וואָ־רים זיי זענען געווען געשלאָסען. די מוזיק איז ביסלעכווייז אויסגע־גאנגען מיט אלץ שטילערע און שטילערע קלאנגען. די מוטער מיט דער פּויק און דער קארליק, וואס זענען געוואָרען אלץ בלייכער און בלייכער און זענען געשטאַנען ווי אין א נעבעל זענען ענדליך אין גאנצען פארשוואונדען. אבער מאדמאָאזעל לאוראנס איז נאָך אלץ געשטאַנען און געטאַנצט מיט צוגעמאכטע אויגען. דאס דאָזי־גע טאַנצען מיט צוגעמאכטע אויגען אין מיטען נאכט אין א שטילען צימער, האָט דער דאָזיגער ליעבער דאמע געגעבען אזא גייסטער־האפטען אויסזעהן, אז עס איז מיר געוואָרען זעהר אונהיימליך אויפ׳ן הארצען. אזוי אז איך האָב ווילענווייז אויפגעשוידערט. און איך בין געווען אמת׳דיג פרעהליך, ווען זי האָט ענדליך אויפגע־הערט צו טאַנצען און האָט זיך ווידער אריינגעגליטשט אין מיינע אָרעמס פּונקט אזוי בויגיג ווי זי האָט זיך ארויסגעגליטשט.

ווירקליך יענע סצענע איז פאר מיר גאָר ניט געווען קיין אנ־גענעהמע. אבער דער מענש געוועהנט זיך צו אלץ. און עס איז גאָר מעגליך, אז דאס אונהיימליכע אין דער דאָזיגער פרוי האָט איהר נאָך צוגעגעבען א באזונדערן רייץ, אזוי אז אין מיינע גע־פיהלען האָט זיך אריינגעמישט א שוידערליכע צערטליכקייט... גענוג. נאָך א פּאָר וואָכען, האָב איך זיך שוין מעהר ניט געוואונ־דערט אויף דאס מינדסטע, ווען איך האָב ביינאכט דערהערט די

קלאַנגען פון דער פויק און פון טריאַנגעל. און מיין טייערע לאַור־ראַנס איז פלוצלינג אויפגעשטאַנען און האָט מיט צוגעמאַכטע אויגען געטאַנצט א סאָלאָ. איהר מאַן, דער אַלטער באָנאַפּאַרטיסט האָט קאָמאַנדירט אין דער געגענד אַרום פּאַריז, און זיין דיענסט־פליכט האָט איהם נאָר ערלויבט צו פאַרברענגען אין פּאַריז ביי טאָג. ווי דאָס פאַרשטעהט זיך שוין פון זיך אַליין, איז ער געוואָרען מיין אינטימסטער פריינד, און ער האָט געוויינט מיט העלע טראָפּענס ווען ער האָט שפּעטער צו גענומען אָבשייד פון מיר אויף א לאַנגע צייט. וואָרים ער איז מיט זיין פרוי אַוועקגעפאָהרען קיין סיציליען. און זינט דעמאָלט האָב איך זיי ביידע ניט געזעהן.

ווען מאַקסימיליאַן האָט פאַרענדיגט די דאָזיגע געשיכטע, האָט ער שנעל א נעם געטאָן זיין הוט און האָט זיך אַרויסגעשאַרט פון צימער.

# באמערקונגען:

## דער רב פון באַכאַראַך.

זייט 9 האָסטיען — הייליגע ברויטען ביי קאַטאָליקען.

" 15 „שלום עליכם!“ — די באגריסונג שלום עליכם איז אויגענטליך דאָ ניט אין פלאץ, ווייל שלום עליכם זאָגט געוועהנליך ניט דער וואָס קומט אַריין אין אַ הויז, נאָר דער באלעבאָס פון הויז צו וועמען מען קומט אַריין. איך האָב זיך אָבער געהאַלטען לויט דעם אָריגינאַל.

" 19 „שמע ישראל!“ — אין אָריגינאל שטעהט, אַז די שענע שרה האָט אויסגערופען ''Schadai Voller Gnade''— אַן אידיאָם, וואָס איז היינט גאָר ניט באקאנט ביי אונז אידען. און עס קען זיין, אַז דאָס איז היינעס אַן אייגענער איינפאַל.

" 24 „יפול מצדק אלף...“ — אויך דאָ האָב איך זיך אָפּגעווענדט פון אָריגינאַל. אין אָריגינאַל הייסט עס „צעהן טויזענד ביי דער רעכטער זייט, צעהן טויזענד ביי דער לינקער זייט, כדי צו שיצען דעם קעניג פון די שרעקען פון דער נאַכט“. — דאָס איז אַ צוזאמענמישונג פון צוויי פסוקים, איינער וועלכער געפינט זיך אין אָנהויב קריאת שמע לייענען, און איינער ביים סוף. איך האָב אויסגעקליבען דעם ערשטען פסוק.

(איבערז.)

" 24 האַטאַ'ם מויז טורעם — האַטאַ איז אַ לעגענדארישער קעניג.

" 34 קיריע עלייזאָן — האַר האָב רחמנות.

" 48 וואַמס — אַ אויבערקלייד אין מיטעלאלטער.

" " קיראַס — פּאַנצער־קלייד פאר'ן רוקען אין דער ברוסט.

" 54 בארעט — מיץ.

" " קאַסטיליען — אַ פּראָווינץ פון שפּאַניען. אַראַגאַנעזיש. אַנדאַלוזיש — שייך צו הי אַנדערע שפּאַנישע פּראָווינצען אַראַגאָן און אַנדאָלוזיען.

" 56 טאַגאַ — טייך אין שפּאַניען.

62 לאַהן — דער טייך אויף וועלכען האַמבורג ליגט.

## אוים די מעמוארען פון דעם הער פאָן שנאַבעלעוואָפּסקי.

זייט 8 אדאַלבערט (וואָיטשיעך) — אַ פּוילישער היילּיגער.

" 9 באַנקוואָ — איז ערמאָרדעט געוואָרען פון מאַקבעטה, קעניג פון שאָטלאנה, לויט שעקספּיר׳ס טראגעדיע.

" " לודוויג פּיליפּ — פראנצויזישער קעניג נאָך נאַפּאָלעאָן׳ס אראָפּזעצונג.

" " לאַפאַיעט — איז דער באַריהמטער פראנצויזישער גענעראל וואָס האָט אויסגעהאָלפען די אַמעריקאנישע פעראייניגטע שטאַטען אין זייער קאמף פאר אונאבהענגיגקייט.

" 12 פאָרום — דער מיטעלפּונקט פון דער אַלטער שטאָדט רוים.

" 15 האַמאָניא — נאָמען פאר האמבורג אויף לאטיין.

" 18 האַנזעאַטישע — די האַנזא איז געווען אין מיטעלאַלטער אַ בונד פון דייטשען האַנדעל־שטעדט צוליעב זייער באשיצונג; האמבורג איז געווען איינע פון די שטעדט.

" " וועסטאַלען — פּריעסטערינס פון דער געטין וועסטא.

" 18 דיאַנאַ — געטין פון יאגד ביים רוימער; נאַיאַדען, דריאַדען, האַמאַדריאַדען — האַלב געטער ביי די אַלטע גריכען.

" 21 סאַטורן — אַ גאָט ביי די אַלטע רוימער.

" 34 קלאָפּשטאָק — גרויסער דייטשער דיכטער, פערפאַסער פון „מעסיאַדע“.

" 39 מיינהער — „מיין הערר“ אויף האָלענדיש.

" 41 Volan Vent — דער פלוג אין ווינד אַריין.

" " ראַגו — שטיקער פלייש, פיש אָדער גרינס געקאָכט אין אַ שטאַרק געווירצטען סאָס.

" 44 סטאָפּאָטאָס, צאַמפּעטים, פעגאַטעלים, טאַליאַרינים, בראָקאָלים — נעמען פון מאכלים אויף איטאַליעניש.

" 47 רעגולוס — אַ רוימישער גבור.

" " ליוויוס — רוימישער היסטאָריקער.

" 48 מאַריוס — רוימישער גענעראל.

" 51 סאַנקילאָטיש — באַלאַנגענדיג צו דער פּארטיי פון די סאַנקיולאָט (אָהן־הויזען) צו דער צייט פון דער פראַנצ. רעוואָלוציאָן.

" 52 Jane nue pied — באָרוויסע זשאַן.

" 56 האַמינע — מיין הערר.

" 58 violon d’amour — פּאַרצייטיגע וויאָלין.

" 58 roue — אויסגעלאַסענער.

" 70 אַנטאָניוס — רוימישער גענעראַל, איז צו גרונד געגאַנגען דורך קלעאָפּאַטראַ, דער מצרים'שער קעניגין, אין וועלכער ער האָט זיך פאַרליעבט. (קלעאָפּאַטרא איז די פרוי, וועמען היינע מיינט).

" " ציצעראָן — רוימישער אָראַטאָר, שריפטשטעלער, אדוואָקאַט און שטאַאַטסמאַן.

" " אַבעלאַרד — אַ מאָנאַך אין מיטעלאַלטער, האָט געפיהרט אַ באַריהמטע ליעבע מיט העלאָאיז.

## פלאָרענטינישע נעכט.

״ 30 Pizzicato — דאָס צופּען פון דער סטרונע מיט'ן פינגער.

״ 43 Piazza del Gran Turco — פּלאַץ פון גרויסען טערק.

״ 47 וועלינגטאָן — באריהמטער ענגלישער גענעראל, האָט גע־האָלפען באזיעגען נאַפּאָלעאָן.

״ ״ Heros — גיבור.

״ 50 אַלעקסאנדרינען — פראנצויזישע ווערז־פאָרם.

״ ״ אַנטרשאַ — אַ מין טאַנץ.

״ ״ מאקאבריש — פון „דאנס מאַקאַבר", טויטען־טאַנץ.

״ 52 באַקכאנטינען — ווילדע, צעלאָזענע טענצערינס.

״ 53 טאוער — לאָנדאָנער טורעם, היינט באנוצט אַלס מוזעאום.

״ ״ אננא באָלעין — ווייב פון הײנריך דעם אַכטען, דעם אכזר'דיגען ענגלישען קעניג.

״ 55 יולי־רעוואָלוציאָן — די רעוואָלוציאָן פון 1830.

״ 56 Tour de Nesle — טורעם פון נעל (אין פּאריז).

״ 57 de la Halle — פון די „אַלל", דעם פּאריזער מארק־פּלאַץ.

״ 58 Eh bonjour, monsieur du Corbeau
Que vous etes jolilque vous, me semblez beau

אָה, גוט מאָרגען, מיין הערר פאָן ראָב,
ווי היבש איהר זייט, ווי שעהן איהר זעהט אויס!
(אַנהויב פון לאפאָנטעינ'ס פאבעל „דער פוקס און הער ראָב").

״ ״ רעליקוויען — איבערבלייבעניש פון הייליגע.

״ ״ וויצליפּוצלי — נאָמען פון אַ פּארצייטיגער מעקסיקאנישער געטשקע.

״ ״ „עקצע האמאָ" — „אָט איז אַ מענש", לויט דער אויפשריפט אויף די סטאַטועץ פון יעזוס, דאָ באַנוצט פאר יעזוס־סטאַטוע.

״ ״ מוסקעטיער — פראנצויזישע סאָלדאטען.

״ ״ מאריע אנטואַנעטע — ווייב פון לואי דעם זעכצעהנטען. פון פראנקרייך האָט פארלוירען איהר לעבען דורך דער פראנצ. רעוואָלוציאָן.

״ ״ Assebmlee Nationale — נאַציאָנאַלע פערזאמלונג פון די שטאַנדען אין פראנקרייך צו דער צייט פון דער רעוואָלוציאָן.

״ ״ מאָנטאַניארען — באַרג־פיהרער.

״ 59 „לוקסעמבורג" — רעגיערונגס־פּלאַץ אין פאריז.

״ ״ Quai Voltaire — „קיי" הייסט אַ גאַס וואָס געהט אין דער לענג פון אַ טייך.

## פעהלער-אויסבעסערונגען:

### דער רב פון באכאראך

זייט 41 עניות, דארף זיין: ענוות.
" 42 בלאקענדיגע — בלאנקענדיגע.

### אוים די מעמוארען פון דעם הער פאן שנאבעלעוואפסקי.

זייט 9 באנקא — באנקווא.
" 18 דיאנע'ס — דיאנא'ס.
" 48 אין אניבאל — איז האניבאל.
" " קארטהאגען — קארטהאגא.
" 55 יאן סטין — יאן סטעען.
" 73 טייך טורק — טייך שורק

### פלארענטינישע נעכט.

זייט 27 אמאטען — אבאטע.

# אינהאלט: